אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ

זעכצנטער באַנד

# ליטעראַטור און לעבּן

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# פון פאַרלאַג

אין דעם דאָזיקן 16-טן באַנד קומען אַריין אַרטיקלען, ליטעראַרישע כאַראַקטעריסטיקעס, טעאַטער- און ביכער-רעצענזיעס, וואָס זענען געשריבן דורך י. ל. פּרץ אין לויף פון 20 יאָר, פון 1890 ביז 1910. עס קומט אויך אַריין דער פאָרטראָג, וואָס י. ל. פּרץ האָט געהאַלטן איבער שלום-עליכם אין 1913. דאָס בוך איז, לויטן מוסטער פון דער ניו-יאָרקער פּרץ-אויסגאַבע (1920), געטיילט אין פיר אָפּטיילונגען: אַלגעמיינע אַרטיקלען (ז"ז 7—62), אַרטיקלען איבער שרייבער (ז"ז 63—100), טעאַטער-אַרטיקלען (ז"ז 101—155) און רעצענזיעס איבער ביכער (ז"ז 156—286). אונטער יעדן אַרטיקל איז אָנגעגעבן דאָס יאָר, ווען דער אַרטיקל איז צוערשט געדרוקט געוועזן.

נאָך דעם איצטיקן באַנד קומען: באַנד XVII—אין מיין ווינקעלע, באַנד XVIII—שטעט און שטעטלעך.

מיר באַמיען זיך, די איצטיקע 18-בענדיקע פּרץ-אויסגאַבע זאָל ווי ווייט-מעגלעך אַרומנעמען אַלץ, וואָס י. ל. פּרץ האָט געשריבן אין יידיש. און מיר בעטן דעריבער נאָך אַמאָל די אַלע, וואָס האָבן צו מאַכן אָנווייזונגען און אויסבעסערונגען, זיי זאָלן וועגן דעם גלייך אָנשרייבן אויף אונזער אַדרעס.

---

# אינהאַלט פון 16־טן באַנד

# דער דיכטער, דאָס בוך און דער לעזער

## א

צוויי וועגן האָט דער מענטש, וואָס גייט אַוועק פון טעגלעכן לעבן, פון געשעפט, פון יאָגן זיך נאָך ברויט: דעם שפּאַציר־גאַנג און דעם טוריסטן־וועג.

אָנגענעם איז דער שפּאַציר־גאַנג: ביים ברעג פון זיס־און שטיל־רוישנדיקן טייך, אין שאָטן פון גלייך־אָפּגעשניטענע אַלייען, אויף בלומען־וויזן... געפערלעך איז אָפט דער טוריסטן־וועג. געטריבן פון אַ ברענענדיקער בענקשאַפט צו דער הויך זוכט דער טוריסט זיין וועג צווישן פעלזן אויף די שפּיצן פון די העכסטע בערג. צווישן גלעטשער און אָפּגרונטן. „אומניצלעך" איז דער טוריסטן־וועג. אויף די שפּיצן פון די הויכע בערג וואַקסט קיין ווייץ פאַר מענטשן, קיין האָבער פאַר פערד... און געפערלעך איז דער וועג: פון אָפּגרונטן קוקט, רופט און לאָקערט: שרעק, שגעון און טויט. ווי גליטשיק און שטייניק איז דער שמאָלער שטעג אונטער די פיס. אַזוי זאָגט דער מענטש, וואָס שפּאַצירט.

און טייל מאָל גייט איר אַרום אויף די הויכע בערג צווישן אַלטע, לאַנג־פאַרלאָזטע שלעסער, אָדלער־נעסטן און געפערלעכע איידל־וויס־פעלצער, און עס פאַלט צו דער אָוונט. אונטן, אין טאָל, צווישן די בערג, איז שוין נאַכט; אויבן בעט זיך ערשט אויס דער אָוונט אויף אַ פילפאַרביקן דיוואַן, פון די אָפּגלאַנצן פון דער אונטערגייענדיקער זון געוועבט. נאָר אָט, די פאַרבן

לעשן זיך. שאָטן שלייכן זיך אַרויס פון שפּאַלטן, לעכער און אָפּגרונטן לייגן זיך אייך צו די פיס. און אונטן, די בערג צופוסנס, אין טאָל, צירט זיך אויס אַ לוסטיקע נאַכט. פלעמלעך פאַרשידנפאַרביקע וועקן זיך, צינדן זיך, ציטערן אויף... אילומי־נירט איז דער טאָל; טענער, וואונדער־זיסע קלאַנגען וויגן צו אייך אַרויף, אויף די וועלן פון דער קילער לופט: אַ פריילעכער יום־טוב גרייט זיך צו אין טאָל, און עס ווינקט צו אייך דער טאָל, און רופט צו אייך מיט זיינע טויזנטער ליכטלעך, און לאַדט אייך איין מיט זיינע זיסע קלאַנגען; קום אַראָפּ, מענטש, פון די לערע בערג און נאַקעטע פעלזן, פון די שרעק־ און פאַרצווייפ־לונג־אָטעמדיקע אָפּגרונטן, פון די אָדלער־נעסטן און שלעסער, וואו דאָס לעבן איז לאַנג פאַרהילכט, וואו הוילע גייסטער שוועבן... קום אַראָפּ צום טאָל און פריי דיך מיט אונז אין אונזער יום־טוב־נאַכט. און פון ליכט, זאַנג און קלאַנג געצויגן, פאַרלאָזט איר די הויך, און לאָזט אייך אַראָפּ אין טאָל. וואָס נידעריקער — ברייטער און זיכערער איז אייער וועג. עס קומען אייך וויין־געבויטע פלעצער אַנטקעגן און וואָס אמאָל רוישנדיקער שוועבט אייך ארום דער יום־טוב פון טאָל, און ראַשער קומט איר אַראָפּ: מוזיק, שפּאַצירער, יום־טובדיקע פנימער און קליידער; אַ שטראַ־לנדיק־קלינגענדיקער יום־טוב... און עס פליסט אייך ארום דאָס געפליסטער פון שפּאַצירנדיקע, פאַרליבטע, אין זיך פארזונקענע פּאָרן. און עס בלענדט אייך צו פארשידן־פאַרביגקייט פון די יום־טובדיקע קליידער. און איר מישט אייך אויס מיטן יום־טובדיק שפּאצירנדיקן עולם... און פּלוצלינג, נאָך אַ צופעליק טיפערן בליק, בלייבט איר שטיין ארומגעכאפּט פון שרעק. אויף אַ קור־פּלאַץ האָט איר געטראָפן. אילומינירט זענען האָטעלן, קאפעס און קאַפע־שאַנטאַנס; אָפּערעטן־וואַלצער שפּילט די מוזיק; געאָרעמט שפּאַצירן פּאָרן מיט גלאַנצנדיקע אויגן, ראַש־באַוועגלעכע הערצער, ליבע־פארציטערטע ליפּן. אבער — קראנקע! קרענקלעך ברענענ־דיקער אָטעם. צום טויט געצייכנטע מענער און פרויען שלינגען פארהונגערט די לעצטע מינוטן פון לעבן, טרינקען דורשטיק די לעצטע טראָפּן פון בעכער ביז צו די הייוון! און אינמיטן,

אייב איר האָט אויגן און זעט, שפּאַצירט ארום דער טויט, פון זיינע געצייכנטע אָפּפער נישט געזען, און שמייכלט.

און עס כאַפּט אָן אַ בענקשאַפט צוריק צו די הויכע בערג... אָבער צוגעפאַלן איז שוין די נאַכט און נישט זיכער איז דאָרטן דער וועג.

צוויי וועגן האָט דער מענטש, וואָס רייסט זיך אָפּ פון געשעפט, פון זאָרג אויף ברויט: דעם שפּאַציר־גאַנג און דעם טוריסטן־וועג, און אויף דעם לעצטן וויל איך אייך פירן...

איך וויל מיט אייך רעדן וועגן דיכטער, וועגן בוך און וועגן דעם לעזער — אויף די הויכע בערג. איך וויל אייך נישט פירן איבער פּלעצער, וואו קראַנקע מענטשן לויפן נאָך זייער אייגענעם שאָטן, אָדער פאַנגען שאָטן פון זאַכן אָנשטאָט זאַכן, שאָטן פון לעבן אָנשטאָט לעבן... וואו געצייכנטע פון טויט, פאַראורטיילטע אויף פאַרגעסנהייט גייען אַרום פון טיר צו טיר און בעטלען זייער לוין, אָדער באָרגן זייער נאָך נישט פאַרדינט לויב. וואו דאָס אָפּגעקומענע פּראָפּעטן־אייניקל גראָבט אויס דעם קוים־פאַרזייטן זאָמען פון דער ערד אַרויס און עסט אים פאַר־הונגערט רוי און גרין. און — „וואָס באַליבט? — וואָס זאָל איך אייך זאָגן? וואָס זאָל איך אייך זינגען? וואָס זאָל איך אייך דער־לאַנגען, עס זאָל אייך שמעקן? זאָל איך אייך זומער־פייגעלעך כאַפּן? מיט דעם גאָלדענעם שטויב אויף זייערע פליגעלעך די אויגן פאַרשיטן! ווילט איר טאַנצן? איך קען פאַלקע, איך קען וואַלצער; אַלטער מאַן, אויסגעלאָשן איז דאָס פייער אין טרוקע־נעם לייב, וואַסעריק איז דיין אויג, ציטעריק — דיין בייניקע האַנט — איך וועל דיך אויף אַ סעקונדע לעבעדיק מאַכן, די לאַנג פאַרשטאָרבענע לוסט אויפוועקן... אַן אינדיטשקע דעם אַלטן מאַן; אַ סטעאַרין־ליכט דעם פאַרשעמטן מיידל... אַ ביוסט דעם באַנקירס ווייב, אַ פּאָרטרעט דער רייכער העסלעכקייט... העי, וואָס באַליבט?"

אַן אילומינאַציע אין טאָל: קליינע פלעמלעך, קליינע נשמה־לעך... ברענען זיך אויס אין האָטעלס, קאַפע־שאַנטאַנס, אויף פּראָמענאַדן... און צווישן שפּאַצירער פון געצייכנטע צום טויט...

אויף די הויכע בערג וויל איך אייך פירן, צו די אַלע שלעסער, צו די אָדלער־נעסטן.

איך וויל מיט אייך רעדן פון דיכטער, וואָס האָבן זייער דיכטונג געלעבט, נישט געשריבן, און נישט אויפן מאַרק אַרויסגעטראָגן און פאַרקויפט; וואָס האָבן זייערע אידעען געפריידיקט, נישט ווי פאַרטריקנטע בלומען צווישן בלעטער אַריינגעלייגט; איך וויל מיט אייך רעדן פון ביכער, וואָס מען האָט פון די דיכטער און אין נאָמען פון די דיכטער געשריבן, און פון לעזער, וואָס זיין נאָמען איז: פאָלק.

פריי איז דער „קינסטלער", ער מעג מאָלן דעם אויפגאַנג, דעם אונטערגאַנג פון דער זון; ים, שטורעם און סטעפּ; נאָכיאָגן זומער־פייגעלעך, פונקען פון קוימען ביים שמיד; גאָלד־גלאַנצן פון אויגן אויף בלאַסע געזיכטער באַזינגען. נישט פריי איז דער דיכטער: זיין וועג איז דער טוריסטן־וועג, וואָס שלענגלט זיך צווישן פעלזן און אָפּגרונטן, און אויף די הויך, וואו עס שפּילט זיך די הויכע מענטשלעכע טראַגעדיע, וואו צווישן שרעק, געפאַר און שגעון עס ווערן געוואויגן די גרעסטע מענטשלעכע פּראָבּלעמען: וואָס איז לעבן, וואָס איז טויט? ווער בין איך און וואוהין פירט מיין וועג?

צום סיני, דעם באַרג, וויל איך אייך פירן, צו בודאַ אין אינדיאַנער וואַלד, צו דער תּליה אויף „גאָלגאָטא"; און דאָס וועט זיין דער וועג אין דער פאַרגאַנגענהייט. מיר וועלן די אַלטע קברים עפענען, די אַלטע ריזן וועקן און זיי פרעגן: וואָס איז לעבן, וואָס איז מענטש? און וועט אונז זייער ענטפער נישט באַפרידיקן, וועלן מיר זיך צו דער צוקונפט ווענדן, און וואַרטן אויף דעם דיכטער, וואָס דאַרף ערשט קומען, זיין דיכטונג־לעבן דורכלעבן, און מיט זיין לעבעדיקער דיכטונג דעם אָפּגרונט באַשטראַלן, און אָן לעזער וועט שוין זיין — די וועלט.

---

דער דיכטער איז געוועזן פאַרן בוך; דאָס בוך האָט אויפגעגעבן דעם דיכטער. דער דיכטער האָט זיין דיכטונג געלעבט, נישט ער, נאָר זיין שילער און זיין פאָלק האָבן איבער אים ביכער געשריבן...

דער ווילדער שטאַם האָט אין זיינע עלטערן העלדן געזען; די גריכען — האַלבע געטער. און די אַלטע פרויען האָבן אָוונט־צייט ביים ברעג פון טייך, ביי דעם פלאַם פון זיך לעשנדיקן פייער אונטערן פרייען הימל, זייער געשיכטע דערציילט, זייער העלדן דיכטונג איבערגעגעבן. און דאָס זעלבע האָט געטאָן דער גריכישער קינסטלער אין קאָליזעום פאַרן גריכישן פאָלק. זיי זענען קינסטלער געוועזן, ווי ווייט זיי האָבן דערציילט און איבערגעגעבן דאָס געשעענע; זיי זענען דיכטער געוועזן, ווי ווייט זיי האָבן די העלדן און האַלבע געטער באַשאַפן. דער קינסטלער איז דער נאָכמאַכער, צי מאכט ער נאָך די נאַטור, די געגנוואַרט אָדער די פאַרגאַנגענהייט. דער קינסטלער איז פריי, פאַרן ווערק און נאָכן ווערק איז ער נאָך מענטש, און צו דער אַרבעט מעג ער זיך ווילן דעם געגנשטאַנד און געפינען אים וואו ער וויל. דער דיכטער מוז דיכטער זיין. די דיכטונג מוז זיין לעבן. מיר זוכן דעם דיכטער, מיר זוכן שעפּפונג. און אויך זוכן מיר ביים דיכטער, נישט די פאַרגאַנגענהייט, באַשפינען און גאָלד באוועבט, מיר זוכן ביי אים דאָס נייע לעבן... דער דיכטער איז אייגנטלעך קינסטלער. נאָר דאָס ליים, דער מאַרמאָר, דער גראַניט איז איז ביי אים אין דער האַנט — דאָס פאָלק, די וועלט, דאָס לעבן! זיי ענדערט ער, זיי מאָדעלירט ער, זיי שאַפט ער איבער. אַזוינע דיכטער מוזן מיר זוכן אין דער פאַרגאַנגענהייט, איידער דאָס בוך איז באַשאַפן און סחורה געוואָרן; איידער דער לעזער האָט דאָס בוך געקאָנט קויפן, צו זיך אַהיים נעמען און דערגעצן זיך דערמיט, ווי מיט אַזוינס, וואָס איז קיין לעבן נישט, קיין ברויט און קיין פלייש נישט, נאָר אַ צעשטרויאונג אין לעבן, אַ צייט־פאַרטרייבעניש; אַ געשמאַק־זאַך, דאָס לעבן לייכטער צו פאַרדייען, די טראַגעדיע פון מענטשלעכן לעבן צו פאַרגעסן, דעם וואָרם, וואָס פּיקט אין געהירן, איינצושלאָפן. מיר ווילן רעדן

פון דיכטער, פון דער מענטשלעכער טראַגעדיע און פון לעצטן אַקט אין דער טראַגעדיע: פון טויט אָדער אויסלייזונג. ווייניק וועט זיין די צאָל פון די דיכטער, קליין די סומע פון די ביכער; און אַז איר וועט זיי ציילן אויף די פינגער, וועלן אייך אין איין האַנט איבעריקע פינגער בלייבן. נאָר די צאָל מוז פאַרגרעסערט ווערן, נאָך איין דיכטער מוז קומען, נאָך איין בוך מוז באַשאַפן ווערן, און דעם דיכטער פון לעצטן וואָרט מוזן געבן מ י ר... אַנדערע פעלקער האָבן די זון אונטער זיך, זיי גייען פון אָוונט אין נאַכט אַריין. די אַלטע רוימער און גריכן ווייסן פון אַ געוועזענער, גאָלדענער צייט, נאָך וועלכער עס איז געקומען די צייט פון קופּער און אייזן; די מאָדערנע זענען שוין אויסגעלייזט געוואָרן: נאָר אונזער משיח איז נאָך נישט געקומען, נאָר ער דאַרף ערשט קומען און נישט נאָר פאַר זיין פאָלק אַליין... געמשפּט און אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט; פון דער מענטשלעכער טראַגעדיע מוז באַפרייט ווערן די וועלט.

ב

די טראַגעדיע פון מענטשלעכן לעבן האָט אויפגענומען אין זיך קהלת. דער העלד — שלמה, אַ קעניג אין ירושלים; זיין יוגנט – שיר השירים: דאָס ליד פון פרויען און ליבע. גאָלדענע יוגנט לעשט זיך און אין שאָטן פון קילן אָוונט ווערט שלמה, דער קעניג פון ירושלים, קלוג און גיט עצות, ווי אַזוי קלוג צו לעבן, רויק צו לעבן. שפּעט פאַלט צו די נאַכט, די עלטער קומט אָן, און שטייענדיק אויף דער שוועל צווישן לעבן און נישט לעבן, צווישן זיין און נישט זיין, אָדער צווישן פאַרגענגלעכקייט און אייביגקייט, וואַרפט ער אַ בליק צוריק אויפן איבערגעגאַנגענעם וועג און פרעגט: נאָך וואָס? גייענדיק איבערן לאַנגן וועג, האָט ער וואָס אַמאָל נייע פאַרלאַנגונגען געבוירן, אויפן וועג באַגראָבן און ווייטער געגאַנגען. פאַר זיך וואָס אַמאָל נייע צילן געזען, דערגרייכט און ווייטער געגאַנגען. און אַזוי האָט ער אַלץ איבערגעלעבט און לעבט נאָך אַלץ, און ווייסט נישט

גאָך וואָס. ער קאָן שוין מער נישט ליבן, עס שמעקט אים שוין נישט קיין ווייִן און קיין בוימל, עס לעכצט שוין נישט דער גומען, זיין אויג האָט שוין נישט וואָס צו זען, זיין אויער האָט שוין נישט וואָס צו הערן, און ער לעבט! און דאָס לעבן עקט זיך, און דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעקליבן און אָנגעזאַמלט, וועט ער איבערלאָזן און אַוועקגיין. און געלעבט האָט ער, נישט ווייל ער האָט געוואָלט לעבן; און אַוועקגיין וועט ער, נישט ווייל ער וויל שטאַרבן! אויסער אים איז דער ווילן, וואָס האָט אים אַהער געבראַכט און פירט אים ערגעץ אַוועק. עמעץ האָט אים אריינגעגעבן אין האַרץ אריין די וועלט און געהייסן אים זי פארלאנגען. געהייסן זאַמלען, בויען, פארשענערן, פארגרעסערן. און נישט פאר אים, נישט צוליב אים; ווייל ער גייט אַוועק און דאָס בלייבט פאַר אַנדערע, און ער וועט פארגעסן ווערן. און די אַנדערע, וואָס וועלן קומען נאָך אים, וועלן ווייטער גלוסטן, ווייטער פאַרלאַנגען, ווייטער אַרבעטן, בויען,. פאַרשענערן און פאַרגרעסערן און ווייטער אַוועקגיין. און די, וואָס וועלן קומען נאָך זיי, וועלן דאָס אַלץ באַנוצן און זיי וועלן אויך גיין און פארגעסן ווערן.

אַלץ אַרום איז אייביק: די זון גייט אויף, די זון גייט אונטער און שיינט צומאָרגנס ווייטער אויף; וואַסערן און טייכן פליסן צום ים, און קומען צוריק. אַלץ וואָס איז געווען, וועט נאָכאַמאָל זיין, צוריק קומט דאָס אַוועקגייענדיקע. אייביק איז די ערד. נאָר ער איינער איז פאָרגענגלעך. ער איינער גייט אַוועק און קומט שוין מער נישט צוריק. און אַלץ האָט אים גענאַרט. שיין איז דאָס געהאָפטע, ווערטלאָז דאָס באַקומענע. שרעקלעך בלייבט דאָס לעבן אָן אַ ציל, אָן אַ צוועק. ציל, צוועק און לאָגיק מוז זיין אין דעם אייביקן; אָבער דאָס ווייסט נאָר דער, וואָס רעגירט, דער מענטש ווייסט נישט, דער מענטש ווערט נאָר אויסגענוצט, דער מענטש ווערט נאָר גענאַרט! און אויף דער שוועל צווישן זיין און נישט זיין, ביים איבערגאַנג, נאָכן אַלץ איבערלעבן און פאַרן טויט, באַפאַלט אים די אומגעהויערע שרעק פאַרן אייביקן, פאַר דעם, וואָס רעגירט; פאַר דעם, וואָס האָט אויסגענוצט; פאַר דעם, וואָס האָט אים גענאַרט; פאַר דעם, וועלכן

ער האָט, נישט ווילנדיק, געמוזט דינען, און שטענדיק געטאָן לויט זיין פאַרלאַנג, מיינענדיק, אז דאָס איז זיין אייגענער. פאַר־פאַלן! געהאָרכן איז דער מענטש, אַ קנעכט איז דער מענטש, אין שרעק פאַרן אייביקן לעבט דער מענטש! און דאָס איז דאָס לעצטע שרעקלעכע וואָרט פון דעם, וואָס האָט געלעבט פאַר זיך, וואָס האָט זיך מיטן אייגענעם לעבן נישט פאַרבונדן. וואָס האָט זיין ציל אויסער זיך נישט געהאַט, און האָט דעריבער זיין לעבנס־ציל איבערגעלעבט.

דאָס איז דער, וואָס האָט ווייבער געליבט און זיך קיין פאַמיליע נישט געבויט, און זעט אין דער פאָרטפלאַנצונג קיין אייביקייט נישט. ער גלויבט נישט אין גלגול: ער איז נישט זיין פאָטער; און זיין זון וועט נישט זיין ער. און שולמית איז גע־ווען זיין געניטס, זיין עולם הזה, און נישט זיין ווייב און נישט די מוטער פון זיינע קינדער.

דאָס איז שלמה. דער קעניג פון ירושלים, דער רייכער קעניג, דער קלוגער קעניג: נישט אלכסנדר מוקדון, וואָס וויל איינגעמען די וועלט און וועט זיין ציל קיינמאָל נישט דער־גרייכן, וואָס וועט איבערלאָזן, נישט נאָר קרוין און סצעפטער, און אונטערגעוואָרפענע לענדער, נאָר אויך אַ צוואָה, וואָס ווייטער צו טון; אַלכסנדר מוקדון קאָן זיין אַרבעט נישט ענדיקן... און דאָס איז אויך נישט דער שלמה, וואָס האָט געבעטן גאָט, נישט רייכטום און נישט פערזענלעך גליק, נאָר קלוגשאַפט און ערלעכ־קייט צו משפטן דאָס פאָלק; אַזוינע צילן ווערן נישט דערגרייכט, אַזוינע צילן ווערן נישט איבערגעלעבט. מענטשן פון ווייטע צילן לעבן זיך נישט איבער און פרעגן נישט: נאָך וואָס. די מענטשן זענען פאַרבונדן מיט דער אייביקייט, פאַרוועבט מיט דער איי־ביקער אַרבעט און פרעגן קיינמאָל נישט: נאָך וואָס. שלמה אין קהלת איז א טראַגעדיע פון אַ לעבן פאר זיך, פון איינצעלנעם מענטש. דער מוז זיך איבערלעבן און בלייבן שטיין אַלס נעסט פון פאַרלאַנגענגען־פייגל, וואָס האָבן זיך אין ווערם פאַרביטן און גייען אויס מיט אים צוזאמען. דאָס איז די טראַגעדיע פונם לעבן פאַר זיך, דאָס לעבן איז קנעכטשאַפט...

---

און בין איך אַ קנעכט, ווער איך אָן מיין ווילן געבוירן, בין איך געטויט צו לעבן. און מוז איך אַוועקגיין, ווען מען הייסט, און אַלץ איבערלאָזן, — פאַרוואָס זאָל איך נאָך ליידן?

— ווייל דו זינדיקסט! — ענטפערט דער מאָראַליסט.

קהלתעס לעצט וואָרט: סוף דבר, את האלהים ירא ואת מצוותיו שמור...

עס איז דאָ איבער דיר אַ האַר, וועלכן דו דינסט און וועלכער שטראָפט, אייב מען פאָלגט אים נישט.

אָבער איוב האָט געפאָלגט.

איוב האָט געפאָלגט און דאָך איז ער די שטראָף נישט אַנטרונען, ווייב און קינדער, שאָף און רינדער געהאַט; אַ שטיל, ערלעך לעבן געפירט. און פלוצלונג איז דאָס לעבן צעשטערט געוואָרן, זיבן זין און דריי טעכטער, זיבעציק טויזנט שאָף, דרייסיק טויזנט קעמלען, פינף הונדערט פאָר אָקסן, פינף הונ־דערט אייזלען און אַ ווירטשאַפט אַ גרויס — אַזוי שטעלט פאָר דאָס גליק — דאָס בוך איוב —

און דער מענטש איז געווען גרעסער פון אַלע גרויסע. און געוועזן איז ער אַ שטילער מאַן, אַ פרומער מאַן, אַ גאָטס־פאַרכטיקער, וואָס האָט שלעכטס געמיטן, און איינמאָל — די אָקסן האָבן געאַקערט, די אייזלען האָבן זיך געפאַשעט, איז אָנגעפאַלן שבאָ (אַ רויבער־באַנדע) און האָט דאָס אַלץ צוגענומען און די יונגען געטויט. די בשורה ברענגט איובן איינער פון זיי, אַן איינאיינציקער אַנטלאָפענער. און איידער ער האָט געענדיקט זיינע רייד, איז אָנגעקומען אַ צווייטער און דערציילט: פון הימל איז אַראָפּגעפאַלן אַ פייער און האָט פאַרברענט די שאָף און די פאַסטוכער. נאָר איך איינער בין אַנטרונען און קום דיר עס דערציילן. און אַ דריטער איז שוין דאָ. און האָט נאָך אַ שרעק־לעכערע בשורה אין מויל: דיינע זין און דיינע טעכטער עסן און טרינקען ווייַן אין הויז פון זייער עלטערן ברודער... איז אָנגע־לאָפן אַ גרויס פייער פון סטעפּ און האָט אָנגעכאַפּט דאָס הויז אין אַלע פיר עקן און האָט עס אומגעוואָרפן, און אַלע דער־דריקט און געטויט, מיט דער דינערשאַפט צוזאַמען. איוב האָט

אַלץ פֿאַרלוירן; אָרעם געוואָרן און דערצו נאָך קראַנק: פֿלוצלונג איז ער פֿון קאָפּ ביז פֿיס געפּלאָגט געוואָרן מיט אַ מאוסן אויס־זאַץ, און דער גרויסער באַרימטער פֿרומער איוב איז געוואָרן דער קלענסטער, דער אָרמסטער, דער אומגליקלעכסטער...

פֿאַרוואָס לײַדט איוב?

קהלת איז די טראַגעדיע פֿון לעבן; איוב — פֿון לײַדן אין לעבן.

פֿאַרוואָס לײַדט מען?

דער מענטש פֿילט זיך פֿאַוואוסטזיניק, זעט אין זײַנע טאַטן אַ צוועקמעסיקייט, ער שטרעבט צו ערלעכקייט, צו מאָראַ־ליטעט און קען נישט די אייגנשאַפֿטן נישט צושרײַבן דעם גאָט, וואָס האָט אים אין די וועלט באַשאַפֿן, גאָט מוז זײַן גערעכט. און האָט ער באַשאַפֿן פּײַן און לײַדן, מוזן זיי זײַן גערעכט און פֿאַרדינט. לײַדן און פּײַן זענען נאָר מעגלעך אַלס שטראָף פֿאַר זינד. אַנדערש קאָן עס דער העברעער נישט פֿאַר־שטיין. דער גריך זעט אין די דערשײַנונגען פֿון לעבן געטער־שפּיל און געטער־שטרײַט, דער פּערס האָט חורמוז און אחרימון: דער ערשטער איז דער גאָט פֿון ליכט, פֿון לעבן, פֿון גליק; דער צווייטער פֿון פֿינסטערקייט, טויט און לײַדן, די וועלט איז די אַרענע פֿאַר דעם שטרײַט צווישן די צוויי געטער, און דע־ריבער איז די וועלט געמישט פֿון ליכט און שאָטן, לעבן און טויט, גליק און לײַדן, ליבע און האַס...

אַלע גרויסע געטער זענען אויסגעוואַקסן פֿון קליינע, און די קליינע פֿון נאָך קלענערע הויז־געצן; די הויז־געצן פֿון אַמור־לעצן, ווערט פֿון פֿאַמיליען אַ שטאַם, ווערט דער געץ פֿון גרויסן הויז, פֿון הויז, וואָס רעגירט איבערן שטאַם, געגרויסט און גע־הויכט צום שטאַם־גאָט. אַנדערע בלײַבן הויז־געצן. און נעמען זיך שטאַמען צוזאַמען און בילדן אַ פֿאָלק; און מישן זיך פֿעלקער אויס אין אַ לאַנד, בלײַבן די געטער פֿון גלײַך־קרעפֿטיקע שטאַ־מען און פֿון גלײַך־קרעפֿטיקע פֿעלקער גלײַך־קרעפֿטיק; העכסטנס קריגט איינער די אויבער־האַנט און עס קומט צו פֿיל־געטערײַ.

די העברעער מישן זיך נישט, אליעזר מאַכט אַ ווײַטע

רייזע צו ברייגגען יצחקן אַ ווייב פון אייגן פליש און בלוט. אין
מצרים לעבן די העברעער אָפּגעזונדערט אין גושן; אין פּאַלע־
סטינע דאַרפן פאַרניכטעט ווערן אַלע פרעמדע פעלקער, מען זאָל
מיט זיי אין קיין באַרירונג נישט קומען, ביים בויען דעם צווייטן
טעמפל ווערן אַלע פון גלות געבראַכטע ווייבער און די מיט
זיי געבוירענע קינדער פאַרטריבן. קליינע מישונגען פון פרעמד
בלוט, פון אַ דלילה און יפת־תארס און דערגלייכן צופעליגקייטן,
זענען נישט וויכטיק: איינציקע טראָפּן פון פרעמד בלוט ווערן
אַסימילירט. אין אַלגעמיינעם איז דער שטאַם ריין. עס איז קינ־
דער פון אברהם, יצחק און יעקב; איז עס אַ פאָלק, וואָס לעבט
איינזאַם; אַ פאָלק פון ריין בלוט, מיט זיין אייגאייניקן גאָט,
וואָס וואַקסט, פון אַ גאָט פון הויז, שטאַם און פאָלק צום וועלט־
גאָט. דאָ איז דער געטער־שטרייט אוממעגלעך. פון איין גאָט
קומט אַרויס דאָס גוטע, ווי דאָס בייזע, דאָס ליכט, ווי די
פינסטערניש, נחת און יסורים, ליבע און האַס, לעבן און טויט.
דער אייגאייניקער גאָט בענטשט און שילט; מוז ער בענטשן די
גוטע און שילטן די שלעכטע. דער אייגענער גאָט לייטזעליקט
און שטראָפט; מוז ער לייטזעליקן די פרומע און שטראָפן די
זינדיקע, דער אייגענער גאָט גיט לעבן און טויט, דאַרף ער
געבן לעבן דעם גאָטספאָרכטיקן און טויט דעם ווידערשפעניקן,
דער העברעאישער גאָט איז מאָראַליש, ער טרייבט פון גן־עדן
אַרויס פאַר זינד, פאַר נישט פאָלגן זיין געבאָט, ער קערט
איבער דעם טורעם און פאַרניכטעט די, וואָס האָבן געוואָלט
אַריינרייסן זיך מיט קריג אין זיין הימל; און פאַרפלייצט מיט
אַ מבול די וועלט, ווען זי איז איינגעזונקען אין זינד. זינדיק איז
דער מענטש, אַזוי זינדיק, אַז גאַנץ אָפט טוט גאָט באַנג, וואָס
ער האָט די וועלט און דעם מענטש באַשאַפן, עס טוט אים
באַנג, וואָס ער דאַרף און מוז שטראָפן; ער מוז, ווייל ער איז
אַ גערעכטער גאָט, וואָלט געווען איין גערעכטער אין סדום,
וואָלט ער סדום נישט איבערגעקערט. און נחן, דעם גערעכ־
טיקסטן אין זיין צייט, לערנט ער אַ תיבה מאַכן, איבערצושווי־
מען אין איבערצולעבן דעם מבול. איך פאַרלאַנג נישט דעם

ווינדיקנס טויט, זאָגט אין זיין נאָמען יחזקאל, איך שטראָף אים. ער זאָל תשובה טון און לעבן בלייבן, און איז דער מענטש פון לעבן צופרידן, האַלט ער זיין עקסיסטענץ פאַר לאָגיש. זוכט ער אָבער גערעכטיקייט אין לעבן און געפינט נישט, זעט ער ליידן אָן זינד; פיין, וואָס ער קען נישט אַלס שטראָף באַטראַכטן, ווערט זיך אין אים אויף די טראַגעדיע פון איוב.

קהלת איז די טראַגעדיע פון לעבן, פון דעם, אימשטיינס געזאָגט, גליקלעך לעבן. איוב — די טראגעדיע פון אומזיסטיקן, נישט צוועקמעסיקן צער אינם לעבן. קהלת האָט אויף דער פּראָבלעם פון לעבן געענטפערט מיט ווייסן שרעק פאַרן טויט, מיט וואַרפן זיך פאַר גאָט אויפן פנים: דער מענטש ווייס נישט און מוז לעבן און מוז שטאַרבן, און כל־זמן ער לעבט — היטן גאָטס געבאָט, ווייל דאָס איז דער גאַנצער מענטש, ווייל צו דעם איז ער באַשאַפן. נישט צו קיין בעסערע רעזולטאַטן קומט איוב! אין ויכוח צווישן איובן און זיינע חברים, וואָס זוכן ביי אים זינד און געפינען נישט, וואָס ווילן רעכטפערטיקן די ליידן אויף שטראָף און קאָנען נישט, מישט זיך גאָטס שטימע אַריין. גאָט אַליין ענטפערט פון שטורעם אַרויס, ער ענטפערט, נאָר זאָגן זאָגט ער גאָרנישט. גרויס איז ער און שטאַרק, און אייביק, און דער מענטש איז קעגן אים שטויב, און שטויב איז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד. ווער איז געווען, ווען ער האָט די וועלט באַשאַפן, די ערד אויסגעמאָסטן, דעם הימל אויסגעשפּרייט, די שטערן אַריינגעזעצט? און ווער שפּייזט דעם פויגל אונטערן הימל, און פאַרזאָרגט דאָס ווילדע טיר אין וואַלד און אויפן פעלז? מן הסתם ווייסט ער, וואָס ער טוט. און ווייטער אויף דער קני געפאַלן פאַרן גרויסן אומבאַקאַנטן, וואָס זיין גערעכטיקייט איז אונז נישט צוגענגלעך, וואָס זיין קלוגהייט קאָן פון אונז נישט פאַרשטאַנען ווערן, וואָרום עס קאָן זיין, אַז גאָט שטראָפט פאַר אַזעלכע זינד, וואָס מיר ווייסן פון זיי נישט, עס קאָן אויך זיין, אַז גאָט פּרובט. און באַשטייט דער מענטש די פּרוב, ווערט ער העכער אין זיין גענאָד. איוב באַקומט צוריק דאָפּלט, אַלץ וואָס ער האָט געהאַט... אָבער דאָס פּראָבלעם פון לעבן און ליידן בלייבט אָפן.

## ג

צוויי בערג: דער באַרג גריזים און דער באַרג עבל. אויף איין באַרג ווערט געבענטשט, אויפן צווייטן — געשאָלטן.

און געבענטשט ווערט דער, וואָס היט גאָטס געבאָט און גייט אין זיינע וועגן, און פאַרשאָלטן ווערט דער אָפּטריניקער, וואָס היט נישט גאָטס געבאָט, וואָס איז אים ווידערשפּענסטיק. די ברכה איז: געבענטשט זאָלסטו זיין אין שטאָט און געבענטשט אין פעלד. און געבענטשט זאָל זיין די פרוכט פון דיין לייב און די פרוכט פון דיין ערד און די פרוכט פון דיין פי און דאָס אָפּוואַרפעניש פון דיינע רינדער און די סטאַדע פון דיינע שאָף. זאָל די ברכה אַריין אין דיין מולטער און אין דיין קאָרב, און אין אַלעם, צו וואָס דו שטרעקסט אוים דיין האַנט...

דעם גוטן וועט גאָט געבן טוי פון הימל און פעטס פון דער ערד. אָבער איבערן קאָפּ פון אָפּטריניקן וועט זיין דער הימל קופּער, די ערד אונטער זיינע פיס אייזן. פאַרשאָלטן ו׳ט ווערן די פרוכט פון זיין לייב און די פרוכט פון זיין פי. פאַרשאָלטן וועט ער זיין אין שטאָט און אין פעלד...

אַ פעלד וועט ער בויען און אַן אַנדערער וועט צונעמען דעם שניט; אַ וויינגאָרטן וועט ער פלאַנצן — אַ פרעמדער וועט טרינקען דעם וויין. אים אין די אויגן וועט מען קוילן זיין אָקס און ער וועט פון זיין פלייש נישט עסן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי די ברכה, אַזוי די קללה ווערן מקוים אויף דער ערד.

אַ געשלעכט קומט, אַ געשלעכט גייט — אייביק שטייט די ערד. און ווייל דער מענטש זיך אין דער אייביקייט באַהעפטן, מוז ער זיך באַהעפטן צו דער ערד. פון שטויב פון דער ערד קומט ער, צום שטויב פון דער ערד גייט ער צוריק, און בויט ער אַ טורם און שפּאַרט זיך אין הימל אַריין, ווערן די שפּראַכן צעמישט און די בויער צעשטרייט און צעזייט איבער דער ערד.

אין דעם פאַרפילן די ערד באַשטייט די אויפגאַבע פון מענטש און נאָר אין דער פאָרטפלאַנצונג, אין שטענדיק ניי־געבוירן, אין קינדער און קינדס־קינדער באַשטייט זיין איי־ביקייט.

איז דעריבער די הערשאַפט איבער אַ לאַנד דאָס גרעסטע גליק; קינדער און קינדס־קינדער, די האָפנונג אויף שטאַמען און פעלקער — דער שענסטער חלום פון דער אייביקייט.

פאַרוואָגלט צו זיין איז די גרעסטע שטראָף; נע ונד איז קין, דער מערדער פון זיין איינציקן ברודער.

און די גרעסטע שטראָף איז כּרת ועריריי — אָפּגעשניטן צו ווערן פון אייביקן לעבן; דורכגיין די וועלט, ווי אַ שאָטן און פאַרשוואונדן ווערן. און די גרויסע טראַגעדיע אין דער פאַמיליע איז קינדערלאָזיקייט. און די הערין, וואָס גאָט האָט פאַרשלאָסן איר טראַכט, גיט איבער דעם האַר, דעם פּאַטריאַרך, די דינסט, די פאַמיליע זאָל נישט אויסגעמעקט ווערן אויסן בוך פון לעבן. און ווערט די דינסט געבענטשט און דאַרף געווינען, נעמט זי די הערין אויף איר שויס. פּיליכט וועט זי געבויט ווערן פון איר.

ד

און אויף עבל, ווי אויף גריזים, ווערט גערעדט נישט צום איינצעלנעם מענטש, נאָר צום פאָלק. געבענטשט און געשאָלטן ווערט דאָס פאָלק. דער איינצעלנער מענטש, ווען ער ווערט גע־פלאָגט מיט איובס קרענק, מיט אן אומהיילבארן אויסזאַץ, ווערט ארויסגעטריבן מחוץ למחנה... זאָל זיין גאָטס שטראָף, זאָל זיין אַ פּרוב פון גאָט, דאָס איז זיין זאַך. די פעטע ערד, מיטן טוי פון הימל, מיט רעגן צו דער צייט. די ערד, וואָס גאָטס אויג איז אויף איר געווענדט פון אָנהויב יאָר ביז ענדע יאָר, איז פארשפּראָכן דעם פאָלק...

די ערד ווערט צעטיילט צווישן שטאַמען, און די שטאמען־צווישן פאמיליען, די פאַמיליען הערשן איבער די הייזער. די

עלטסטע איבערן שטאַם, איבער אַלע שטאַמען — איין גאָט!

און וועט אַ פאָטער פון אַ פאַמיליע שטאַרבן און נישט איבערלאָזן קיין מענלעכן זאמען, וועט זיך משה שטעלן פאַר גאָט און מיען זיך פאַר אים, זיין נאָמען זאָל נישט פאַרהילכט און פארגעסן ווערן, און זיין נחלה וועלן זיינע טעכטער באַקומען, און די בנות צלפחד וועלן האָבן אַ פרשה אין דער תורה. און שטאַרבט ווער איינגאַנצן אָן קינדער, גאָר אָן לעבעדיקן זאָמען, זאָל זיין ברודער זיך מיט דער אלמנה באַהעפטן און לעבעדיק מאכן דעם זאָמען, דעם געשטאָרבענעמס נאָמען זאָל בלייבן אויף זיין נחלה און זאָל וויטער קלינגען אין דער אייביקייט.

אַ מענטש לעבט פארן פאָלק, פאר קינדער און קינדס־קינדער. דאָס איז דאָס אייביקע לעבן פארן מענטש: די פאַמיליע, דער שטאַם, דאָס פאָלק — קאָנען אייביק לעבן **אויף דער ערד**...

און משה, וואָס האָט אין גאָטס נאָמען אַרויסגעצויגן דאָס פאָלק פון מצרים, באַפרייט פון קנעכטשאַפט, פירט עס איבערן סטעפּ צום געבענשטן לאַנד, און חלומט פאר אים אַ גן־עדן אויף דער ערד, אינם געבענשטן לאַנד.

עס וועט זיין אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט האָניק און מילך.

ארבעטן מוז דער מענטש, נאָר די ארבעט זאָל אים קיין פלוך נישט זיין. שבתים און ימים־טובים צו רוען, פארן האַר, פאר זיין הויזגעזינט, פאַר זיין דינערשאַפט, פאר זיין פי און פאר זיין ערד... די ערד האָט נאָך איר שמיטה, דאָס זיבעטע פרייע יאר.

און יעדער ארבעט פאר זיך. די ערד ווערט צווישן אַלע פארטיילט, אז קיינער קאָן נישט פארלירן זיין ערד, גאָטס איז די ערד, גאָט שטעלט די גרענעצן צווישן פעלקער, דאָס רעכטע לאַנד האָט ער פאַרזאָרגט זיין אויסדערוויילטן פאָלק, און גאָטס ערד קאָן אייבער דעם צווייטן אויף אייביק נישט אָפּטרעטן: יובל גייט די נחלה צו איר בעל־הבית, וואָס האָט זי על פי גורל פון גאָטס האַנט באַקומען.

און אַ פריי פאָלק זאָל עס זיין. דער אַליינהערשער איז גאָט. דאָס געזעץ איז פון גאָט. צווישן פאָלק און גאָט שטייט שבט לוי, דער לוי באַדינט דעם כהן, און דער כהן באַדינט גאָט אינם טעמפּל און לייגט אויס דעם פאָלק דאָס געזעץ, און לערנט אים און ענטפערט זיינע פראַגן און איז מקריב זיינע קרבנות און בעט פאַר אים און איז אים מוחל די זינד אין גאָטס נאָמען, אייב די זינד איז נאָר קעגן גאָט. איז געקירצט געוואָרן אַ מענטש, מוז פריער אָפּגעגעבן ווערן דאָס גערויבטע, דאָס אויסגענאַרטע, מוז דער, וואָס האָט געליטן, פאַרגיטיקט ווערן און דערנאָך ערשט וועט גאָט שענקען די זינד. דער שטאַם, וואָס שטייט צווישן פאָלק און צווישן גאָט, האָט פאַר דאָס קיין רעכט אויף אייגנ־טום, קיין פעלד און אַקער.

דעם אַרבעטער געהערט די ערד, די גייסטיקע אַריסטאָ־קראַטיע וועט, ווי אין עגיפּטן, דאָס פאָלק פון אייגנטום נישט באַרויבן... און קיין הערשער, קיין קעניג מיט זיין הויף — נישט פאַרקנעכטן.

דער הערשער איז גאָט... און עס וועט נישט זיין קיין אָפּגרונט צווישן אָרעם און רייך: יובל — די נחלה קומט צוריק. שמיטה — אַלע שייערן זענען אָפן פאַר אַלע, און איבער דער גאַנצער צייט — לקט שכחה ופאה. און מעשר עני. און פאַלט ווער, און מוז זיין אַרבעט פאַרקויפן, נאָר זעקס יאָר דינט ער. פריי; אויס קנעכט.

און אַלע זענען גלייך, אַלע זענען ברידער...

די היימישע פעלקער, וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט פאַר גאָט, ווערן פאַרטריבן, עמלק דער ערגסטער, — אויסגעמעקט. איין גאָט, איין געזעץ, איין פאָלק און איין לאַנד. און דער פרעמדער וועט אויך געניסן פון דער פרייהייט און פון ברידער־שאַפט. האָב ליב דיין חבר, ווי דיך אַליין, און האָב ליב דעם פרעמדן. געדענק, אַז אַ פרעמדער ביסטו אין מצרים געווען. איין געזעץ פאַר אַלע. אויסער דער קרבן פּסח. אין דעם קאָן דער פרעמדער קיין טייל נישט נעמען, ער איז פון מצרים נישט אויסגעלייזט געוואָרן.

און דו וועסט נישט רויבן, נישט טויטן, נישט גענאַרן, און קיין נוקם ונוטר נישט זיין. און ווערט דיין ברודער אָרעם, שטיץ אים. און פאַרבלאָנדזשעט דיין פריינדס אייזל, פיר עס אים אָפּ. און זיי באַרמהאַרציק קעגן אַלמנות און יתומים. איך בין דער גאָט פון אַלמנות און יתומים, זאָגט גאָט. און אָפּגעזונדערט זאָלסטו זיין און הייליק, דען אָפּגעזונדערט און הייליק איז דיין גאָט...

ערד — נאָר גערעכטיקייט, הייליקייט און ברידערשאַפט אויף דער ערד. אַראָפּגענומען דעם פלוך פון דער אַרבעט, פאַר־קלענערט ביז גאָר דעם ליידן, פאַרהייליקט און מיט ליבשאַפט באַשטראַלט דאָס לעבן.

אַן גן־עדן אויף דער ערד.

---

אַזוי האָט משה געחלומט פאַר זיין פאָלק דעם חלום פון אַ גן־עדן אויף דער ערד...

ער האָט די ערד נישט געזען.

פערציק יאָר האָט ער געפירט זיין פאָלק אין סטעפּ, עס זאָל אויסשטאַרבן דאָס קנעכטישע געשלעכט, וואָס האָט געדינט מצרים, אַ פריי פאָלק וועט ער אַריינפירן אין לאַנד — אָבער אויך ער אַליין האָט גאָר פון וויטנס דאָס לאַנד מיט די קערפּלעכע, ווי ער האָט דעם חלום מיט די גייסטיקע אויגן געזען...

נישט דער גאַנצער חלום איז מקוים געוואָרן, אין דער טייל — אויך נישט אויף לאַנג...

נישט אויסגעמעקט איז געוואָרן עמלק, נישט פאַרטריבן אַלע זיבן אומות, וואָס האָבן פאַרנומען דאָס לאַנד, נישט אָפּגעזונדערט איז געבליבן דאָס אויסדערוויילטע פאָלק.

און נישט גאָט אַליין איז דער הערשער געווען, און נישט לאַנג איז דער כהן געשטאַנען צווישן אים און זיין פאָלק.

נישט אַלע האָבן ערד באַקומען...

און אַ אייביקער קריג איז געשטאַנען מיט פּלשתים און אַנדערע פעלקער אין לאַנד.

און דאָס פאָלק האָט אַ קעניג פאַרלאַנגט, וואָס זאָל פירן זיינע מלחמות... און צוזאַמען מיטן קעניג האָט זיך באַוויזן דער הויף, די קריגסהערן, דער ברודער־קריג און מיט זיי אַלע סאָציאַלע ליידן: אָרעמקייט, קנעכטשאַפט, הונגער און נויט.

און איבערגערוקט זענען געוואָרן די גרענעצן צווישן אייגנטום און אייגנטום און פארשלונגען האָט דאס גרויסע אייגנטום — דאס קלענערע, און פארשוווּנדן זענען געוואָרן פאמיליען פון זייערע ערד און פרעסיק און זויפיק איז געוואָרן דער כהן. אין טעמפּל רייסט זיך אריין דער הענדלער, דאָס היילקטום ווערט פארשוועכט, די אייניגונג צעריסן, דער בונד צווישן גאָט און פאָלק פלאַצט און בלוט און שאַנד פאַרדעקט די ערד.

און אַרום וואַקסן פעלקער אויף דער שווערט, דאס קליינע לאַנד ווערט א בלוטיקער וועג צווישן קריגערישע ארמייען פון פרעמדע פעלקער און דערנאָך די אַרעמע פאר זייערע שלאַכטן, און פארטריבן ווערט דאָס פאָלק, פון גן־עדן פאַרוואָגלט —

נישט נאָר מענטשן, — אויך פעלקער קענען פאַר זיך אַליין נישט לעבן... אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט.

און איז גערעכטיקייט די אויסלייזונג פון שמערץ און פיין, מוז די גערעכטיקייט הערשן איבער די וועלט. און אויפן אָרט פון ווייבערישן קעניג און פרעסיקן כהן באַקומט די הערשאַפט איבער די געמיטער דער נביא, וואָס פריידיקט פאר דער וועלט, וואס רעדט אינם נאָמען פון גאָט און זיין גערעכטיקייט צו דער וועלט. דער אַמולט, וואָז איז אַמאָל געוואָרן דער פאַמיליען־גאָט, דער גאָט פון אברהם, איז דערנאָך געשטיגן צו דער הויך פון אַ פאָלקס־גאָט, וואָס האָט געמאַכט דעם אונגעהויערן שריט פון אלהי אברהם, יצחק ויעקב צו אלהי ישראל, וועט באַלד זיין אייגענעם נאָמען, וואָס טיילט אים אָפּ פון אַנדערע געטער ביי אַנדערע פעלקער און אַנדערע לענדער, פאַרלירן, דער נאָמען וועט פאַרווערט ווערן, אַז ער זאָל איבער קיין ליפּן נישט קומען, וויל ער ווערט געהויכט און געקרוינט צום וועלט־גאָט,

וואָס ער דאַרף קיין נאָמען נישט, — ווייל ער איז דער איינצי־
קער און נישט איבער איין לאַנד רעגירט ער, און נישט פאַר
איין פאָלק איז גילטיק זיין געזעץ. און נישט צו איין שטאַם
רעדט אין זיין נאָמען דער פּראָפעט. און וויל דער פּראָפעט צו
גנוה נישט גיין, דאָס פרעמדע פאָלק נישט וואָרענען פאַר דער
שטראָף, אַנטלויפט ער פאַר גאָט אויף אַ שיף, יאָגט אים נאָך
גאָטס צאָרן, ווייל די שיף אונטערגיין, וואַרפט מען דעם פּראָ־
פעט אין וואַסער אַריין, שלינגט אים איין דער פיש.

אַלע, וואָס רופן אין גאָטס נאָמען זענען אויסדערוויילט —
זאָגט דער פּראָפעט. — אויסדערוויילט איז דאָס פאָלק נאָר צו
קינדיקן גאָטס וואָרט דער וועלט, אויסדערוויילט איז ציון, כדי
פון דאָרט זאָל אַרויסגיין דאָס געזעץ פאַר דער וועלט, פון
ירושלים זאָל אַרויסגיין גאָטס וואָרט צו דער וועלט.

און ווערט דאָס פאָלק צעשפּרייט און צעזייט און ליידט
אין גלות, גייט די שכינה מיט אים מיט און ליידט מיט אים
אין גלות צוזאַמען, צו קליין וועט זיין כנען פאַר גאָטס קינדער,
אָבער דאָס לאַנד וועט זיך צעשפּרייטן איבער אַלע לענדער!

און איז גאָט דער גאָט פון דער וועלט און ווערט זיין
פאָלק אַ צעשפּרייט פאָלק איבער דער וועלט, מוז קומען דער
אויסלייזער פאַר דער וועלט מוז קומען אַ משיח פאַר דער
גאַנצער וועלט.

דאָ הערט שוין אויף דער חלום פון דער ערד. דער פלוג
און דער רעגן פון דער ערד... מיר שפּאַרן זיך אין הימל
אַריין...

עס הייבט זיך אָן אַ חלום פון אייביקן לעבן: גן־עדן,
תחית־המתים...

1910

# דאס יידישע לעבן

## לויטן יידישן פאלקס־ליד

### א

### ביים וויגל

אַן אָפּקלאַנג פון עלטערע דורות:

וואָס דאַרף אַרויסוואַקסן פון אַ יידיש קינד? אַ ייד אַ למדן!

די תורה האָט קיין גרונט; און, משטיינס געזאָגט, וואָס מען קאָן אויסלערנען, אַז מען לעבט אינגאַנצן זיבעציק יאָר!

איין גליק איז נאָך, וואָס „לא עליך המלאכה לגמור" — ביסט גאָרנישט מהויב אויסצולערנען די תורה, דו דאַרפסט נאָר זיצן און לערנען... הייב נאָר אָן אלף־בית, און ענדיק מיט וידוי...

שלאָף יינגעלע —

אונטער דיין וויגעלע
שטייט אַ גאָלדן ציגעלע.
ס׳ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...

אַזוי זינגט די בלאַסע מוטער, נישט לאנג פון קינד־בעט אַראָפּ.

און וואָס פאַר אַ נחת וויל זי אָן קינד דערלעבן? זי וויל נאָר —

דאָס קינד זאָל לערנען תורה;
וואָרום — „תורה איז די בעסטע סחורה...״
אויף טייל ערטער זאָגט מען דעם יינגעלע, אַ חוץ ראָ־זשינקעס מיט מאַנדלען אויף „פייגן״ צו, אַבי ער זאָל זיין שטיל, ווייל:
„דער טאַטע האָט געהייסן שווייגן!...״
אויף טייל ערטער איז מען, אָנשטאָט פייגן, יוצא מיט „פלעצלעך מיט פוטער״, אפילו „מיט ברויט מיט פוטער״... דער שענסטער חלום פאַר אָרעמע לייט...
אויף אַנדערע ערטער פאַרלאַנגט מען פון קינד אַ ביסל מער, ווי „זיצן און לערנען״... עפּעס גרויס זאָל דערפון ארויס־וואַקסן:
„תורה וועסטו לערנען,
ספרים וועסטו שרייבן;
אַ גוטער ייד, אַ פרומער,
מיט גאָטס הילף וועסטו בלייבן.
און באַלד יונגערהייט זאָל ער זיך שוין ווייזן גרויס:
תורה וועסטו לערנען,
זיין מיט אַלע מעלות;
און נאָך פאַר דער חתונה
וועסטו פסקנען שאלות.״
נאָר דאָס איז שוין פאַר אויסגעווײלטע קינדער, וואָס ווערן רייך דערצויגן; אזוינע פסקנען שאלות. זאָגן אויך דרשות... און
„די דרשה וועט געפעלן
דער גאַנצער וועלט...
ווייל אַזאַ יינגעלע
קאָסט אַ מאַסע געלט,
קאָסט אַ מאַסע געלט
און מזל, און ברכה;
דאָס קינד קומט אַרויס
פון אַ שיינער משפחה...
ער וועט דאָך די משפחה נישט פאַרשעמען!

דער חוב מדריך צו זיין דאָס יינגעלע צו דער תוהר פאַלט אויפן פאָטער, און ווי איז אַזוינעם, וואָס האָט עס נישט געטאָן:

„דער טאַטע, וואָס האָט זיין קינד נישט געלערנט,
וואָס גאָט האָט געבאָטן,
טוט מען אים דאָרט אויף יענער וועלט
ברענען און בראָטן!"

איז דער טאַטע נישטאָ, דאַרף עס טון די מוטער; און טוט זי עס, איז עס אַ מעלה פאַרן פאַרשטאָרבענעם פאָטער אויך...

ביים יתומס וויג זיצט זיין מוטער, די אלמנה, און זינגט:

„זע, מיין קינד, צו לערנען תורה,
זאָלסט זיך מיען;
דעם טאַטן דיינעם פון גיהנום
אַרויסצוציען..."

אין דעם זכות פון קינדס תורה באַקומט אויך די מוטער דעם ליכטיקן גן־עדן.

די אלמנה זינגט ווייטער:

„און אַז איך וועל אויך אַמאָל דאַרפן אויף יענער וועלט גיין,
וועלן די טויערן פון גן־עדן פאַר מיר אָפן שטיין.
דו, מיין קינד, זאָלסט זיין
אַ פרומער און אַ גוטער;
מ'זאָל רופן דאָרט: אַריין
זאָל דעם צדיקס מוטער!..."

---

ווייניקע רפאַרלאַנגט מען פון א „שעזני כרצונו".

אַ מיידל איז געבוירן געוואָרן, אַ קלענערער מזל־טוב, אַ קלענערער נחת...

תורה וועט זי נישט לערנען, דריי מצות אינגאַנצן וועט זי האָבן, העכסטנס וועט זי קענען דאַוונען, לייענען תחנות, „צאינה

וראינה״ מיט „מנורת המאור״ אויף עברי־טייטש. זי מוז יוצא זיין דערמיט, וואָס איר מאַן וועט זיצן לערנען... און אייב זי וועט אים מפרנס זיין אויף דער וועלט, וועט זי די זכיה האָבן צו זיין זיין פיס־בענקעלע אויף יענער וועלט.

די מוטער אירע זינגט דעריבער:

„אונטער שרהלעס וויגעלע

שטייט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע״ —

אונטער יינגעלס וויגעלע שטייט אַ גאָלדן ציגעלע, זי מוז יוצא זיין מיט אַ קלאָר־ווייס. דאָס ציגעלע איז אויך „געפאָרן האנדלען — ראָזשינקעלעך מיט מאַנדלען; דאָס איז די בעסטע סחורה״, — און דער גראַם איז, אַז — שרהלעס חתן וועט לערנען תורה...״ נישט זי!

פאר שרהלען האָט מען נאָך אפילו קיין עקסטרע לידל נישט געמאַכט; פון „יענקעלען״ האָט מען איבערגעמאַכט אויף „שרהלען״; זי וועט אויך לעבן אויף זיין נוסח, און אין זיין זכות!

ערשט אין שפעטערע צייטן זינגט די מאַמע:

„דו וועסט לייענען ביכעלעך,

דו וועסט שטריקן טיכעלעך...״

נאָר דאָס איז שוין די צייט, ווען

„אין זאַל

וועט זיין אַ באַל״

און שרהלע וועט מאַכן „מיט די קליידעלעך

אַ ווינט!...

---

דאָס אַלץ וועט זיין שפעטער; דערווייל מוזן קינדערלעך שלאָפן.

פון שלאָף קומט צו געזונט, עס דערפרישן זיך די כחות; אַז מען שלאָפט, „שטייט מען אויף ווידער — מיט געזונטע גלידער!״ —

„איי־ליו, ליו־לין, ליו־ליו,
שלאָף שוין, מיין גדולה;
מאַך שוין צו דיינע
אויגעלעך, די פיינע, —
מאַך זיי צו און מאַך זיי אויף,
און שטיי געזונט און פריש מיר אויף!"

אָדער:

„שלאָף שוין, שלאָף אין דיין רו,
מאַך די כשרע אויגעלעך צו,
מאַך זיי צו, מאַך זיי אָפן,
ווער געזונטערהייט אנטשלאָפן!"

אַפילו די צדקנית, וואָס וויל, מען זאָל איר, אין זכות פון זונס תורה, עפענען די טויערן פון גן־עדן, בעט זיך:

„שלאָף, מיין קינד, שלאָף, מיין קינד, —
זאָלסט מיר רוען, זיי געזונט!

און וואָס מען זאָגט אַלץ נישט צו דעם קינד, עס זאָל נאָר רויק שלאָפן!

„שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט ברענגען אַן עוף...
ער וועט ברענגען אַן עפּעלע,
זאָל זיין געזונט דיין קעפּעלע!"

און נאָך אַסך זאַכן וועט דער טאַטע ברענגען:

— אַ ביסעלע (ערגעץ אַנדערש — אַ שיסעלע), עס זאָל געזונט זיין דאָס פּיסעלע. אַן ענטעלע, עס זאָל געזונט זיין דאָס הענטעלע, אַ יאַכעלע — אַ רפואה פאַרן בייכעלע, פייגעלעך (אָדער: בייגעלעך) — געזונט זאָלן זיין די אויגעלעך, אַפילו „אַ העזעלע פאַרן נעזעלע"...

אייב דאָס קינד וויל נישט שלאָפן, קומט עס זיכער פון אַן עין־הרע:

„איך זאָל וויסן, ווער עס קומט אַהער
אַן עין־הרע געבן;
(וואָלט איך געשאָלטן:)

אַראָפּ פון דיין גוף,
אויף יענעם אַרויף
אויפן גאַנצן לעבן!"
אַ פאַרשלאָפענע מאַמע זינגט:
„וואָס איז פאַר אַ שטייגער,
צוועלפן דער זייגער,
און שלאָפסט נאָך נישט איין!
קיין אַנדערע סברא,
עס איז אַן עין־הרע,
ס'קאָן אַנדערש נישט זיין!
ווען ס'וואָלט נישט זיין שפּעט,
וואָלט איך אַראָפּ פון בעט,
און וואָלט אַן עין־הרע אָפּשפּרעכן."
און שלאָפן דאַרף מען שטיל, ליגן רויק, בפרט אַ
מיידל, אַ צנועה:
„וואָס וואַרפסט דיך אַרום?
וואָס ליגסטו קרום?
פאָלג מיך, ליג בעסער גראַד!
דו מעגסט מיר גלויבן,
מען וועט דיך לויבן:
אַ שיינע, אַן ערלעכע מאַד (מויד).
וואָרם וויינען איז גאָר קיין יושר נישט:
פּיעשטשעסט זיך און וויינסט,
און שלאָפן ווילסטו נישט;
מאַכסט דאָך אָן דיין מוטער
שמערצן מיט דערמיט!
זינגען נאָר און וויגן,
איז דיין גאַנצער גרונט!
שלאָף שוין, שלאָף שוין, קינד
שלאָף שוין, שלאָף געזונט!"
און, אייב דאָס קינד לאָזט זיך נישט איינגעמען מיט
גוטע רייד, מאַכט מען עס אַ מורא. דעם יינגל, וואָס וועט

וויבן אַמאָל, וויניגסטנס ל"ג בעומר כלי־זיין, זאָגט מען:

„די באָבעס מיט דזשאַדעס
טוען אין דרויסן זיצן;
מיט די ברייטע שווערדן,
מיט די לאַנגע שפּיצן?
אַ ייִנגעלע, וואָס מ'האָט
וויינענדיק געפֿונען,
האָבן זיי געכאַפּט,
געוואָרפֿן אין דעם ברונען!"

דאָס מיידעלע איז יוצא מיט חיות רעות:

„פּראָשן און בערן
טוען אין דרויסן זיצן;
מיט די הויכע שטעקן,
מיט די לאַנגע שפּיצן!
אַ מיידעלע, וואָס וויינט,
וויל נישט רויק זיין;
נעמט מען און מען כאַפּט
אין טאָרבעלע אַריין!"

נאַטירלעך, אויב מען פאַרטוישט דעם נוסח, איז אויך חלילה, נישט קיין געפֿאַר!

און פֿאַרוואָס זאָל אַ קינד נישט שלאָפֿן?

אַן עלטערער מענטש האָט אַמאָל עפּעס אויפֿן האַרץ, וואָס לאָזט נישט שלאָפֿן. אָפּט האָט מען פּחד איינצושלאָפֿן: אַז מען שלאָפֿט איין, פֿליט אַרויף די נשמה אין הימל אַריין.

„און שרייבט די עבֿרות איין אין די ביכער!
אָבער דו, מיין קינד,
דו האָסט נאָך נישט קיין זינד,
קאָנסטו שלאָפֿן רויק און זיכער!

און, „אַז דאָס קינד ליגט און שלאָפֿט אין וויגל, קומען גוטע מלאכים אין באַדעקן עס מיט זייערע פֿליגל".

„דער מלאך דער גוטער,
אַזוי ווי אַ היטער
שטייט ביי דיר ביז אין דער פרי,
שטייט ביי דיין וויגעלע;
און מיט זיין פליגעלע
דעקט ער דיך צו.“

---

וואָס גאָט האָט באַשערט, אַ מיידל צי אַן ייִנגל; די מוטער האָט ליב איר קינד!

„אַז זי וואָלט געהאַט דעם מלכס אוצרות מיט זיין גאַנצער מלוכה, וואָלט איר אַלץ נישט געווען אַזוי ניחא.

ווי דו ביסט מיר ניחא, מיין ליכט און מיין שיין,

אַז איך דערזע דיך, מיין איך, — די גאַנצע וועלט איז מיין.“

„אַלע בריליאַנטן, מיט אַלע אַנטיקן, קאָנען איר האַרץ נישט אַזוי דערקוויקן“, ווי, „אַז דאָס קינד ליגט און שלאָפט אין זיין וויגל, און מלאכים באַדעקן עס מיט זייערע פליגל...“

און אַזאַ מוטער, וואָס וואַכט ביינאַכט ביי דער שיין פון לבנה און שטערן, איבערן וויגל פון ייִנגסטן קינד, און הערט דאָס רויקע, שטילע אָטעמען פון די עלטערע קינדער, — פאַלט איר איין, אַז אירע קינדער זענען, ווי די שטערן אין הימל און אַז זי וואַכט איבער זיי, ווי די לבנה...

„די לבנה פאַסט אויף די שטערן,
ווי דער פאַסטוך אויף זיינע שאָף;
ס'זאָל, חלילה, נישט געמינערט ווערן,
שלאָף מיין עופעלע, שלאָף!“

---

נישט אַלע קינדער קומען אויף דער וועלט מיט דעמזעלבן מזל... נישט אַלע שלאָפט די מוטער איין מיט לידער!

„אָרעמער יתום! דיין מאַמע איז אין קינד־בעט געשטאָרבן.
דאָס קינד ליגט אויף דער ערד מיט אויסגעוויינטע אויגן;
די מאַמע ליגט אויף דער ערד, די פּיס אויסגעצויגן...
דאָס קינד ליגט אין וויגעלע און חלשט צו זויגן;
די מאַמע ליגט אין קבר מיט שאַרבנס אויף די אויגן!
ווער וועט דיך, מיין קינד, פּוצן און גלעטן?
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאָס וויגעלע בעטן?
ווער וועט דיך, מיין קינד, פּוצן און צירן?
ווער וועט דיך, מיין קינד, אין חדר אַריין פירן?
ווער וועט דיך, מיין קינד, מאַכן פאַר אַ מענטשן?
און, אונטער דער חופּה, ווער וועט דיך בענטשן?“

נישט גוט צו זיין אַ יתום! עס קרעכצט דער רעפריין פון די:

„נישטאָ קיין מאַמע,
נישטאָ קיין נחמה!“

און קיין מוטער וועט קיינער דעם קינד נישט פאַרטרעטן:
„איך בין אויסגעפאָרן אויף אַלע שיפן איבער אַלע ימען;
איך האָב געמיינט, כ׳וועל קריגן קויפן פאַרן קינד
אַ מאַמען...“

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט גוט איז אויך דעם יתום אָן אַ טאַטן:

„דער מלאך מיט זיין פליגעלע
דעקט דיך ביז עס טאָגט,
און ביי דיין עלנט וויגעלע,
דיין מוטער זיצט און קלאָגט!“

זי קלאָגט, וואָס זי האָט „דאָס קינד געבוירן אויף צרות און אומגליק און שמערץ...“, וואָס דער פאָטער איז געשטאָרבן ווען דאָס קינד איז „נאָך געווען אונטער איר הערץ...

ווען דו ביסט אַרויס פון דיין בליהונג,
איז ער שוין ביי אונז נישט געווען;
מיין קינד, דו האָסט נישט קיין פאָטער,
ער האָט נישט דערלעבט דיך צו זען!

שלאָף, אָרעמער יתום! דיין גרויס אומגליק פאַרשטייסטו
נישט!" „אַז דו וועסט אויסוואַקסן, וועט עס קומען צו דיר אויף
זיבן וועגן! מיט דיין מוטער, דער אָרעמער אַלמנה, צוזאַמען,
וועסטו וויינען און קלאָגן... נישטאָ דיין שפּייזער!

מיין קינד, דו וועסט עלטער ווערן,
שווער וועט דיר אָנקומען ס'ברויט,
דו וועסט זיך באַגיסן מיט טרערן, --
ווייל דיין פאָטער איז טויט!"

דאָס לעבן וועט זיין אַ מין „שווימען אין קאַלטן וואַסער,
איבער ימים"... קאַלט וועט מען דיך באַגעגענען, קאַלט וועט מען
דיך אָפּזאָגן: „גיי וויטער, גיי וויטער!

אויפן ים, אַז דו וועסט שווימען:
די פאַליעס וועלן טראָגן אַוועק!
צו אַן עק וועסטו נישט קומען,
נישט שלאָגן זיך צו צו אַ ברעג!"

„גיי וויטער! גיי! דו ביסט אונז פרעמד!" וועט מען
דיך טרייבן... דאָס איז דאָס מזל פון יתומים..."

און „גערופענע אויף יענער וועלט קומען נישט צוריק"...

פרי איז ער געשטאָרבן, און אַזוי פיל האָפנונג אויף נחת
האָט זיין טויט צעשטערט... עס איז אַ ליבע געווען... ער איז
אַ מלך געווען, זי -- אַ מלכה... אַ לעבן איז געווען ווי אין אַ
וויין־גאָרטן. און דאָס קינד? דאָס פייגעלע אין דער נעסט?..
שלאָף קינד!

„אַמאָל איז געווען אַ מעשה,
די מעשה איז גאָרנישט פריילעך;
די מעשה הייבט זיך אָן־עט
מיט אַ יידישן מלך!
אַמאָל איז געווען אַ מלך,
דער מלך האָט געהאַט אַ מלכה...

„די מלכה האָט געהאַט אַ וויינגאָרטן, אין וויינגאָרטן איז
אַ בוים געווען, אויפן בוים -- אַ צווייג, אויף דער צווייג -- אַ
נעסט.

די נעסט האָט געהאַט אַ פייגעלע,
דאָס פייגעלע האָט געהאַט אַ פליגעלע!"
אַ ריין שטיק גאָלדן גליק!
וואָס קומט אָבער אַרויס?
„דער מלך איז אָפּגעשטאָרבן;
די מלכה — געוואָרן פאַרדאָרבן,
די צווייג איז אָפּגעבראָכן,
דאָס פייגעלע — אַנטלאָפן..."

און וואָס פאַר אַ מזל וואַרט דאָס פייגעלע אויף דער וועלט?

דאָס ווייסן אפשר די שטערן אין הימל, אָבער —
וואו נעמט מען אַזאַ לייטער
פון טויזנטער מיילן;
וואו נעמט מען אַ מענטשן,
ער זאָל די שטערן ציילן?"

נישט גוט איז דעם יתום! די יונגע אַלמנה קאָן אָבער איר אייגענעם צער אויך נישט פאַרגעסן:

„ליוליוּנקע, מיין פייגעלע!
ליוליוּנקע, מיין קינד!
אַזאַ ליבע אָנגעוואוירן, —
ווי איז מיר און ווינד!
ליוליוּנקע, מיין פייגעלע!
ליוליוּנקע, מיין קינד!
וואו נעמט מען אַ דאָקטאָר,
צו היילן מיר מיין וואונד!"

און —

„אויפן בית־עולם שטייט אַ מצבה,
איר גרויס איז פון אַ שפּאַן;
עס זיצט דאָרט אַ יונג ווייבעלע,
באַקלאָגט איר יונגן מאַן...
זי קלאָגט, וואָס ר'איז געשטאָרבן,
געלאָזט איר אַ קליין קינד;

איר לעבן איז פאַרדאָרבן —
ווי אָן אַ פאַסטוך אַ רינד!

ערגער דאָך איז דער פאַרלאָזטער עגונה, — זי זינגט:

„שלאָף, מיין קינד, שלאָף
דיין טייערן שלאָף!
זאָל גאָט אים באַצאָלן,
שיקן זיין שטראָף!
עס איז נישטאָ קיין עפּעלע
אָן אַ ווערמל דרינען;
עס איז נישטאָ קיין מאַנספּאַרשוין
אָן קיין פאַלשן זינען...
איך האָב געניית אַ קליידעלע, —
פינף אַרשין די ברייט...
קיין גוטס זאָלן די נישט האָבן,
וואָס האָבן אונז צעשיידט"...

ער האָט זי גענאַרט; אַן אַנדערע גענומען. — עס טרעפט זיך.

ב

## דאס גרינ'ע אסתרל

אסתרל הייסט דאָס קליינע מיידעלע, וואָס איז ערשט אַרויס פון וויג...

עס קריכט שוין אויף אַלע פיר; עס מאַכט נאָך דעם קעצעלע דעם הינטעלע...

און טאַטע־מאַמע
„וואָלטן שוין גערן זען אַ טריטאַלע
פון געטרייען פיסעלע"...

נאָר אַז מען לעבט, דערלעבט מען. אויף אַלץ קומט די צייט! אסתרל שטעלט זיך אויף אויף דער פיסלעך און פאלט, און

הייבט זיך אויף, וואקלט זיך, הוידעט, מאַכט אַ פּאָר טריט און פאַלט, און הייבט זיך ווייטער אויף און פּרובט זיך ווייטער, זי שרעקט זיך פאַרן פאַלן; זי איז אָבער שטאָלץ אויפן גיין. זי וואַקלט זיך און גייט.

צום קוראַזש זינגט מען איר צו:

„ציגעלע, מיגעלע, רייב די קלאָצקעס,
רויטע פּאָמעראַנצן!
אַז דער טאַטע שלאָגט די מאַמען,
גייען די קינדערלעך טאַנצן!"
אסתּרל וואַקלט זיך אַלץ אויף די פיסלעך:
„ציגעלע, מיגעלע, רייב די קלאָצקעס,
רויטע פּאָמעראַנצן!
שטורט זיך נאָר איין דאָס קעפּל,
גייען די פיסלעך טאַנצן!"

און אפשר האָט מען איר געגעבן אַ לעק פון קעלישעקל, פון וועלכן אַ „טייערער גאַסט", אַ מומע האָט כּיבוד גענאָסן!

עס איז אזוי אָנגענעם צו זען, ווי אַ קינד ווערט „לעבעדיק"!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אסתּרלס מוטער ליגט שוין אין אַ צווייטן קינפּעט, אָדער האַנדלט שוין און וואַנדלט צוריק אין גאַס, צי אין קרעמל. אסתּרל באַקומט חברטעס און מען שפּילט זיך אין גאַס צי אין הויף.

מען נעמט זיך אָן ביי די הענט, מען מאַכט אַ ראָד, איין מיידעלע בלייבט שטיין אין דער מיט.

דאָס רעדל זינגט:

„אַ ראָד און אַ ראַננע!
אַ שטרויענע פּאַננע!
זיבן מאָל אַרום,
חייקע, קוק זיך אום!

דאָס רעדל דרייט זיך אַרום און אַרום, חייקע לויפט צו און כאַפּט איינע פון רעדל, און וועמען חייקע כאַפּט, די גייט אויף איר אָרט אין מיט ראָד אריין.

אָדער עס הייבט זיך אָן מיט אַ מעשה:

„אַן אַלטער קאָטלאַר האָט געדאַרפט קעסל־כּלים
צו באַשלאָגן;
אַ צווייטער ווייסט נישט וויפיל שינדל־נעגל
דאַרף מען האָבן"...

דערביי ציילט מען די קינדער פון ראָד. אום נישט קיין עין־הרע צו געבן, ווערט געציילט: „נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי"... און צום גראַם: אָדער לידערליי!

אסתרל און אירע חברטעס לערנען זיך, שפּילנדיק, ציילן.

מען ציילט אויפן נוסח פון „אחד מי יודע": „איינס — אַ מילינג, צוויי — אַ צווילינג, דריי מזומן, פיר — רעדער, פינף — פינגער, א. ז. וו.

מען שפּילט זיך אויך אין פראַגן מיט אַנטוואָרטן. איינע פרעגט, די צווייטע ענטפערט:

— „סייבעלע, סייבעלע!
— פּי־פּי־פּי!
וואו איז די מאַמע?"

אָדער וואו איז דער טאַטע.

— „ז'אי'ניש הי!
— וואָס וועט זי ברענגען?
— אַ גלעזעלע ביר!
— וואו וועט מען עס שטעלן?
— הינטער דער טיר!"

טייל מאָל ווערט דאָס קינדער־שפּיל ערנסטער:

— „וואָס וועט ער ברענגען?
— אַ חת'לע פּאַר דיר!

מזל־טוב, טאָכטער,
מזל־טוב דיר!
(קליידער) צוגעשניטן,
(קליידער) אויפגענייט,
אַ וואַרע מאַכט, אַ וואַרע מאַכט,
דער חתן גייט,
אַ וואַרע געמאַכט:
אַ חתן געבראַכט,
און אָפּגעהוליעט אַ גאַנצע נאַכט!"

און אסתרל הייבט אָן טראַכטן וועגן אַ „משהלע" אַ חת'לע; עס קומט איר:

„אַ שיין מיידעלע בין איך,
רויטע זעקעלעך טראָג איך!
טויזנט טאָלער פאַרמאָג איך!"

אָדער:

„אַ שיין מיידעלע בין איך דאָך!
רויטן פּאָדעם שפּין איך דאָך!
אַ רייכן טאַטן האָב איך דאָך!
היינט — וואָס פעלט מיר נאָך?"

עס פעלט אירווירקלעך גאָרנישט, אויסער אַ חתן...
אסתרל זאָגט (נאַטירלעך, אין געדאַנק) צום פאָטער:

„טאַטע, טאַטע, גיי אויפן בן זכר!
און קלייב מיר אויס אַ שיינעם בחור!
מיט לאַנגע פאות און שוואַרצע אויגן!
צו דער הייליקער תורה זאָל ער טויגן!"

אָדער זי כאַפּט אָן (אויך אין געדאַנק) די מוטער:

— „מאַמע, וואו גייסטו?
די מוטער פרעגט צוריק:
— „טאָכטער, וואָס ווילסטו?"

און אסתרל בלייבט שטיין פאַרשעמט און שווייגט. די מוטער וויל דאָך טרעפן, וואָס די טאָכטער וויל:

„ווילסטו נישט אַ פּאָר שיכעלעך האָבן!
ווע'ל אין גיין דעם שוסטער זאָגן!
— ניין, מאַמע, ניין!״

און אין האַרץ טראַכט אסתרל פאַרדראָסן:
„אוי, איך האָב אַ שלעכטע מאַמע,
זי ווייסט נישט, וואָס איך מיין!״

און עס גייט ווייטער:

— „מאַמע, וואו גייסטו?
— טאָכטער, וואָס ווילסטו?
— ווילסטו אַ קליידעלע האָבן?
ווע'ל איך גיין צו דער שניידערקע!
— ניין, מאַמע, ניין, וכו׳״

אפשר אַ היטעלע? ווערט זי באַשטעלן ביי דער „פּוצערקע״ אַ פּאָר זעקעלעך באַקומט מען ביי דער „קניטערקע״. אסתרל ענטפערט אַלץ „ניין״ און „ניין״! און „אַ שלעכטע מאַמע, זי ווייסט נישט, וואָס איך מיין!״

אַז די מוטער פרעגט אָבער:

— „אפשר ווילסטו אַ חת'לע,
— כ'וועל גיין דעם שדכן זאָגן!״
דאַמאָלט ערשט באַפרייט זי זיך און ענטפערט:
— „יאָ, מאַמע, יאָ!
הייסט, אַ גוטע מאַמע כ'האָב,
ווייסט זי, וואָס איך מיין!״

---

און וואָס פאַר אַ מאַן ווילסטו, אסתרל?
— „אפשר ווילסטו אַ שוסטער פאַר אַ מאַן?״
אסתרל איז אָבער אַ בעל־בתישע טאָכטער, אַ מיוחסת, און בדן האָט זי, זי וויל קיין בעל־מלאכה נישט נעמען: אַ שוסטער וויל זי נישט. דראַטווע ציען קאָן זי נישט! קיין שמיד אויך נישט; „אייזן ברעכן קאָן זי נישט״, זי וויל אפילו קיין שנײ־

קערן נישט זיין, פלעשער שווענקען איז נישט קיין זיס לעבן!..
אַ מלמד איז שוין יאָ עפּעס רעכטס, ער לערנט די הייליקע תּורה, נאָר „שכירות מאָנען" איז אויך נישט פון די גוטע זאַכן!
אַ רביצין זיין וויל זי, זי איז אַליין „אַ רביצינס אַן איי־ניקל".
אויף אַן „אויסדערוויילטן" חתן מוז מען אַמאָל אָבער וואַרטן. טרויערט אסתּרל:

„אויף אַ הויכן שטיין
זיץ איך און וויין;
אַלע מיידלעך האָבן חתנים,
נאָר איך אייגע — ניין!"

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט דער צייט דאָך, האָט גאָט געהאָלפן און אסתּר איז אַ כּלה געוואָרן...
די „כּלה־צייט" גייט אַריבער, ווי אַ רויש, ווי אַ חלום. מתּנות, קליידער... מען שטעלט אַ חופּה, אַ תּענית, אַ גאָלדענע יויך... מוזיק, כּלה־טאַנץ, אַזוי טענץ... און צו־מאָרגנס כאַפּט זיך אסתּרל אויף אַלס ווייבל... זי פאָרט שוין אָפּ צו שווער און שוויגער, צו פרעמדע...
זי געזעגנט זיך מיט פאָטער און מוטער:

„זייט געזונט, ליבע עלטערן,
איך פאָר אַוועק
אין וייטן וועג,
וואו קיין ווינט וויייט נישט,
וואו קיין פויגל פליט נישט,
וואו קיין האָן קרייט נישט!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי מיר געזונט, מיין פאָטער געליבטער!
זאָל שוין נעמען אַן עק!
דיין זאַלץ און ברויט האָב איך געגעסן, —
צינד פאָר איך אַוועק!

עס איז ביטער, געליבטער פאָטער,
דער פייגעלע אין וויסטן וואַלד אַליין!
עס איז ביטער, געליבטער פאָטער,
מיר אין פרעמדן לאַנד אַליין!
זיי געזונט, געליבטע מוטער,
זאָל שוין נעמען אַן עק!
דיין מילך פון ברוסט האָב איך געזויגן, —
צינד פאָר איך פון דיר אַוועק!"

זי שטעלט זיך פאָר, אַז זי זיצט ביי שווער און שוויגער און טראַכט:

„אין פרעמדן לאַנד, אומבאַקאַנט,
בין איך עלנט, ווי אַ שטיין, —
אַז איך דערמאָן מיך אָן דער היים
זיץ איך און וויין, איינע אַליין!"

אין די עטלעכע טעג איז זי עלטער און טיפער געוואָרן; דאָס האַרץ האָט געאַרבייט „אויף אַלע כלים"...

אסתּרל זיצט שוין אויף דער פור, די מוטער קומט נאָך אמאָל צו, און לערנט זי, ווי זי זאָל ערלעך האַלטן די שוויגער:

„טאָכטערל דו ליבסטע
טאָכטערל דו מיין!
צינד וועל איך דיך לערנען,
ווי אַ שנור צו זיין!
בשעת דאָס שוויגערל
וועט גיין פון שול,
טראָג איר אונטער
אַ גאָלדענעם שטול!
און אַז דאָס שוויגערל
וועט גיין צום טיש,
שטעל איר אַ בענקעלע
אונטער די פיס!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם יונגן ווייבל איז ביי שווער און שוויגער אַזוי באַנג.—
זי בענקט אַהיים און זינגט:

„געפלויגן, געפלויגן די גאָלדענע פאַווע
איבער אַלע ימען!
לאָז דאָרט גריסן, מיין גאָלדענער פויגל,
מיין ליב־האַרציקער מאַמען!
עס איז געפלויגן די גאָלדענע פאַווע,
איבערן טייך דעם גלאַטן;
לאָז דאָרט גריסן, גאָלדענער פויגל,
מיין האַרץ־געליבטן טאַטן!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געפלויגן די גאָלדענע פאַווע,
איבער פעלדער און סעדער...
האָט ער פאַרלוירן, דער גאָלדענער פויגל,
זיין גאָלדענע פעדער!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און זי באַקלאָגט זיך:
„ווי ס'אי' ביטער, ליבע מוטער,
אַ פויגל אָן אַ נעסט;
אַזוי איז ביטער, ליבע מוטער,
אין דער פרעמד אויף קעסט!
ווי ס'אי' ביטער, ליבע מוטער,
אָן וואַסערל דעם פיש,
אַזוי איז ביטער, ליבע מוטער,
ביי אַ פרעמדן טיש!
ווי ס'איז ביטער, ליבע מוטער,
אין שטיבל אָן אַ טיר;
אַזוי איז ביטער, ליבע מוטער,
מיר אָן דיר!"

אפשר איז עס אַ פאָרגעפיל, וואָס זי דערמאָנט אָן „שטיבל

אָן אַ טיר״; עס גייען איר די קרעפטן אויס פֿאַר בענקשאַפֿט, פֿאַר שרעק, פֿאַר דעם, וואָס דאַרף קומען..

צו יונג האָט מען זי איבערגעפּלאַנצט אויף אַ פרעמדן אָרט... אַ ליד שטעלט פֿאָר אַ געשפּרעך אָדער אַ בריוו וועקסל צווישן מוטער און טאָכטער:

— „טאָכטער, דו ליבסטע, דו מיין!
ווי האַלט דיך די שוויגער?
— די שוויגער, — איז בייז, ווי אַ טיגער!
מוטער, דו ליבסטע, דו מיין!
— טאָכטער, דו ליבסטע, דו מיין!
ווי האַלט דיך דער שווער?
— דער שווער, — ברומט, ווי אַ בער!
מוטער, דו ליבסטע, דו מיין!
— טאָכטער, דו ליבסטע, דו מיין!
ווי האַלט דיך דער מאַן?
—ביים מאַן — איז דאָס לעבן אַ שפּאַן!
מוטער, דו ליבסטע, דו מיין!״

די שוויגער באַהאַנדלט זי שלעכט; וואָס זי טוט, געפעלט איר נישט.

„שטייט זי אויף פרי״, זאָגט די שוויגער, „זי שטייט אויף קייען, ווי אַ קי״... „שטייט זי אויף שפּעט״, הייסט עס: „די נבֿלה ליגט נאָך אין בעט!״... „מאַכט זי גרויסע חלות, שטעלט זי די שוויגער בדלות; מאַכט זי קליינע, ציט זי אויף איר דעם דלות! טוט זי זיך אָן שיין, לאַכט זי די שוויגער געמיין, מאוס— איז איר אַ ביוש, איר שנור זאָל זיך אָרעם טראָגן!

גייט זי פֿאַרבעטן, אַרט די שוויגער, ווי זי טרעט; פֿאַר־בעט זי נישט, שרעקט מען מיט אַ גט; וואַשט זי טיש און בענק, וויל זי אומישנע אַריינפאַלן אין אַ קרענק. — די גרינגע אסתּר איז שוין אויף דער צייט — טוט זי נישט וואַשן, באַרעדט מען זי אין אַלע גאַסן... גייט זי מיטן מאַן שפּאַצירן, שילט מען זי מיט געשווירן — אויף די פיס... זיצט זי אין שטוב, „ווי אַ קרוק״ שרייט מען: „זי האָט שוין פֿאַרדרייט דעם שנוק!״

און עס קרעכצט דאָס יונגע ווייבל: ווי איז איר לעבן־
זי ווייסט נישט, ווי דער שוויגער אָפּצוגעבן... און די שוויגער
לייגט אויף איר קיין כבוד נישט... די מוטער פרעגט, און אסתּרל
ענטפערט:

— „טאָכטער, דו ליבסטע, דו מיין!
וואָס עסטו דאָרטן?
— אַ שטיקעלע ברויט,
ליבער דער טויט
מוטער, דו ליבסטע, דו מיין!
— טאָכטער, דו ליבסטע, דו מיין!
וואָס גייסטו אָנגעטאָן?
— אין אַ קלייד,
מיט צרות גענייט, —
מוטער, דו ליבסטע, דו מיין!

און זי טראָגט „שיך, וואָס ווערן צעריסן אויף גיך; מען
לאָזט זי לייגן דעם קאָפּ אויף אַ קישן, נאָר — כדי לייט זאָלן
וויסן!" און די מוטער פרעגט ווייטער:

— „טאָכטער, דו ליבסטו, דו מיין!
וואו ליגסטו דאָרטן?
— אויף אַ האַרטער באַנק,
ליג איך טויט קראַנק,
מוטער, דו ליבסטע, דו מיין.
— טאָכטער, דו ליבסטע, טאָכטער דו מיין!
צו קומט צו דיר צו דער מאַן צו גיין?
— ער גייט נישט צו,
ער האָט שכל, ווי אַ קו,
מוטער, דו ליבסטע, דו מיין?"

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און —

„אַז זי האָט געדאַרפט דאָס קינד שוין געווינען,
האָט מען פאַר איר קיין באָבע געפינען!

— „שוויגער, דו ליבסטע
שוויגערל, דו מיין,
שטעלט מיך צום פענסטער,
וועט אפשר גרינגער מיר זיין!
— ניט איך וועל דיך שטעלן
אין פענסטער אַריין,
און נישט עס וועט דיר
גרינגער זיין!
— שוויגערל, דו ליבסטע,
שוויגערל מיין...
שטעלט מיך אין גאָרטן,
וועט מיר אפשר גרינגער זיין...
— נישט איך וועל דיך שטעלן,
אין גערטל אַריין,
און נישט עס וועט דיר
גרינגער זיין!"

- - - - - - - - - - - - - - - - - - -

אָדער: —
„שוויגער, דו ליבע שוויגער, דו מיין,
עפנט אויף דאָס פאָרטעלע,
אפשר וועט אַ פייגעלע זינגען,
אפשר וועט מיר גרינגער זיין!
„עפנט אויף דאָס פענסטער, זאָל כאָטש ווייען אַביסל לופט
זאָל אַ ווינטעלע בלאָזן!"
די שוויגער האַלט זיך ביים איריקן: עס וועט איר נישט גרינגער זיין!
„שוויגער ליבע, שוויגער זיסע,
עפנט כאָטש אויף דאָס טירעלע,
זאָל מיין מאַן אַריין,
אפשר וועט מיר גרינגער זיין!"
און אַז דער מאַן קומט אַריין, זאָגט זי:

„ווער איז מיין געליבטער,
און ווער איז דער מאַן מיין?
ווער וועט לויפן פּערציק מייל
אין דער מאַמעס שטוב אַריין?"
איר מאַן האָט נאָר קיין שכל נישט, אָבער ליב האָט ער
זי, אַ גוטער איז ער, ער ענטפערט:
— „אָט דאָ בין איך, דיין געליבטער,
כ'בין דיין מאַנדל דיין!
און אָט לויף איך פּערציק מייל
אין דיין מוטערס שטוב אַריין"...
ער לויפט. קומט, טרעפט די שוויגער און רופט:
— „גוט מאָרגען, שוויגערל,
— גוט יאָר, מיין קינד!
— אייער איינציקע טאָכטער
גייט שווער צו קינד!"
די מוטער איילט זיך צו פאָרן! און —
„ווי ז'איז געגאַנגען
שפּאַנען די פערד,
ווינשט זי זיך בעסער
צו ליגן אין ערד!
און ווי ז'איז אַריבער
ד'אייזערנע בריק,
זעט זי, שמשים
גייען שוין צוריק!
און ווען ז'איז אַריין
אין דער טאָכטערס שטוב,
איז שוין די טאָכטער
געלעגן אין גרוב..."

(נישט געענדיקט)

1901

# „אין פאלה אריין"

„און עס וועט קומען אַ צייט. — האָט עמעצער נביאות געזאָגט — ווען דער הייליקסטער צדיק וועט פאַרלאָזן זיין חדר, צי זיין הייל, וואו ער האָט התבודדות געהאַט, וואו ער האָט געמאַכט תקון פאַר זיך אַליין, פאַר זיין אייגענער נשמה און האָט זי געוואָלט צוזאַמענגיסן מיט דער נשמה פון דער וועלט, — מיט גאָט!

„און דער שטערנזעער, וואָס קוקט מיט קאַלטע אויגן דורך קאַלטע גלעזער אין קלאָר־קאַלטן הימל אַריין און בלאָנדזשעט צווישן פרעמדע, אפשר פאַרגעסענע וועלטן, וועט פאַרלאָזן דעם הויכן טורעם אויפן הויכן באַרג און וועט פאַרן קאַלטן הימל אַנטלויפן...

„און דער שטאָלצער און דער פיינער, וואָס איז פאַר מענטשן־שוויס אַנטלאָפן, וואָס האָט זיך פאַרן פאַרסמטן מענטשן־הויך און מענטשן־אָטעם אין דאַן־שטוב איבערן זעקסטן שטאָק פאַרשאַנצט און פון אַמאָל געזעענע באַרג און טאָל, וואַלד און טייך נעבלדיקע „שטימונגען" געמאַכט, וועט אָנהייבן בענקען צום מענטשלעכן גראָבן גערודער אויפן מאַרק...

„און אַלע, וואָס האָבן דעם פעבל פאַרלאָזט, וועלן זיך דערפילן קראַנק, אָרעם, עלנט און פאַרשטויסן, ווי די קרעציקע אויסערן לאַגער, און וועלן אַראָפּקומען און וועלן זיך בעטן: דער־לאַנגט אונז די האַנט; מיר פאַלן!

„און אין איין ציטערניש פאַר קעלט אין דער נשמה, וועלן

זיי מקנא זיין די אָרעמסטע עפּל־יידענע ביים פּייער־טאָפּ, און, וועלן מקנא זיין דעם נאַכט־וועכטער, וואָס בלאָזט זיך אויף די ליולקע אין גאַס און פון די פונקען רויטלט זיך אים דאָס פאַר־שלאָפענע פנים... און דער פישער, וואָס שווימט איבערן טייך אין דער פינסטערער נאַכט, ביי אַ לאַמטערנע נעבן רודער, און דעם פּאַסטוך, וואָס בראָט זיך זיינע געגנבעטע קאַרטאָפל, ביים פייער פון דערנער אויפן פעלד..."

אַזוי האָט עמעץ נביאות געזאָגט, נאָר די נביאות הייבט אָן מקוים צו ווערן... מען גייט אין פאָלק אַריין! און מען מוז גיין!

טייל האָבן בייז געוויסן, ווייל זיי האָבן אַ צו־לאַנגע צייט אין פאָלקס נאָמען גערעדט און דאָס פאָלק נישט געפרעגט, און זיין מיינונג נישט געוואוסט. אַנדערע פילן זיך, ווי אַראָפּגעפלוי־גענע בלעטער אויפן ווינט, און זוכן זייער רו און ווילן זיך באַהעפטן צום פעסטן, צום שטאַרקן, וואָס שווימט נישט אַרום אין דער לופט!

די וואַרשעווער רבנים וואַרטן נישט, ביז מען וועט זיי קומען שאלות פרעגן וועגן „טמא וטהור", און שרייבן און דרוקן „מודעות" וועגן הלכות מקוה אויף מאַמע־לשון, צאינה־וראינה־לשון...

און זיי נעמען אַרויס די הייליקע דינים פון די לשון־קודישע פוטער־פעסער, וואָס שטייען הייליק און שטאָלץ אויף די אַלטע האָלץ־פּרעסיקע שענק אין בית־המדרש, אין קלויז... זיי רייסן אָפּ די זיבן חתימות, די זיבן שלעסער, אויף וועלכע מען האָט די דינים פאַרן פּראָסטן עולם פאַרמאַכט, און לאָזן זיי אין איין העמד אין גאַס אַריין, אין מאַרק אַריין... און ייִנגלעך טראָגן זיי אַרום און פאַרקויפן צו קאָפּיקעס און פאַרטיילן אָרע־מע יידענעס אומזיסט, און מען פאַרשטייט דינים, ווי „תחנות", ווי „צאינה־וראינה", ווי אַן איבערגעזעצטן „יהי־רצון"...

און דאָקטוירים קומען און זאָרגן פאַרן אָרעמען פאָלקס גע־זונט. דר. ביכאָווסקי און דר. גאָטליעב זעצן איבער פון פוילישן „דר. באלאווסקיס ווערק" איבער פּאָקן. וואָס איז פּאָקן? וואָס

דאַרף מען טון, אום צו פאַרהיטן זיך פאַר פּאָקן? און דר. כאַלים (?) דרוקט, און די יינגלעך טראָגן ווייטער אַרום אין די גאַסן...
עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס די דאָקטוירים קענען ווייניקער יידיש, ווי די רבנים, שרייבן אָן גראַמאַטיק, דרוקן אָן קאָרעקטור, און דער פּראָסטער עולם פאַרשטייט בעסער הלכות מקוה, ווי הלכות פּאָקן...

ואחרון אחרון חביב — דער דר. בערדיטשעווסקי...

מיכה יוסף דר. בערדיטשעווסקי, דער יידישער ניטשע, וואָס לעכצט צו שיינקייט, צו גבורה, וואָס שטייט אויף אַ שיי־נעם פּרי־מאָרגן און וויל מיט אַמאָל איבערבייטן אַלע אַלטע, אָפּגעריבענע מאָראַלישע מטבעות אויף נייע, שאַרפע מיט פולער־וואָג, אונזער פילאָסאָף אַריסטאָקראַט, אונזער בר־כוכבא, ריש־בר־יונה, אונזער, וואָס איר ווילט, לאָזט זיך אויף פלוצלונג אַראָפּ אין מאַרק אַריין, געדרוקט מיט גרויסע געפינטלטע אותיות, אויף ביבולע־פּאַפּיר, איינגעהילט אין אַ העסלעכער געלער שמאַטע און דערציילט דעם פּראָסטן גראָבן עולם: „אַ מעשה פון איינעם אַ קאָוואַל! וואָס האָט פאַרסאַמט (אַזוי לייגט ער אויס) זיין ווייב”, כדי „מען זאָל זיך דערפון אַ מוסר נעמען” (ער שרייבט: אַראָפּ־נעמען).

מען זאָגט, אַז דר. בערדיטשעווסקי איז אַ צעריסענער מענטש, איך זאָג: אַן אמת גאַנצער!

ער האָט אויפגעשריבן אַ גוטע פּסיכאָלאָגישע זאַך. קוים אָבער האָט ער זיך געזאָגט, מען מוז גיין אין מאַרק אַריין, האָט ער עס אויפגעשריבן אויף באַלטער מאַרק־לשון, וואו די מעשה ווערט דערציילט. און מיט דעם מאַרק־לשון רעדט דר. בערדיטשעווסקי נישט נור פאַרן קאָוואַל, נאָר אפילו פאַר זיך...
אַזוי אריינגעקראָכן איז ער אין באַלטער קאָוואַלס נשמה!

ווען איך בין בערדיטשעווסקיס ווייב, וואָלט איך מיך אַביסל געשראָקן...

נאָר נישט אין דעם גייט עס.

איך האָב אַ קרובה לאה, אַ פּישערקע. נישט „לאה די פּי־שערקע”, דאָס יונגע ווייבל פון ווילנע, נאָר לאה אַ פּישערקע,

בעסער געזאָגט, אַ געוועזענע פישערקע, ווייל זייט מען האָט אַראָפּגעטריבן דעם פיש־מאַרק פון אייזערנעם טויער און אַריינגעפירט אין די נייע געדעקטע האַלן, האָט לאה, ווי אַנדערע הונדערט אָרעמע ווייבער, נישט געהאַט מיט וואָס פאַר אַ נייעם טייערן אָרט צו באַצאָלן און איז געבליבן אָן אַן אָרט.

פון לאהן פלעגט שלאָגן אַ ריח פון פיש מיילן־ווייט, היינט איז אויך נישט בעסער — זי טראָגט אַרום אייל און נאַפט... אין אַן אַלטער ווערענע, אין אַן אָפּגעריסענער...

אַ צייט לאַנג האָט זיך לאה נישט געקאָנט אָפּרייסן פון אייזערנעם טויער. זי איז ווייטער געזעסן, נאָר אָן פיש. מיט טיף־איינגעזעצטע גלעזערנע אויגן און פאַרשטיינערטן פנים פלעגט זי קוקן אויפן חורבן, באַגלייטן מיט צער יעדן שטיין, וואָס מען האָט אויסגעריסן, יעדעס שטיק אייזן, וואָס מען האָט אַוועקגעשלעפּט פון די צענומענע באַריערן... און, אַז מען האָט אויפגערודערט די ערד צו פאַרפלאַנצן אַ סקווער, האָט זי געשאָלטן!

די בוימער מעגן שטיין אין גאַס, גראָז זאָל וואַקסן... איך נישט!

און די גאַנצע וועלט איז שולדיק געווען.

„די רבנים, פאַר כל־ישראל אַרבעטן זיי... גייט אין מאַגיסטראַט אריין, בעט רחמים — — וואָס גייט עס זיי אָן?"

„און אַזוי פיל אינטעליגענטן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים — רעדן אַלע לשונות און פאַר אָרעמע יידענעס האָבן זיי קיין וואָרט אין מויל!"

אויף שרייבער איז זי גאָר אש־להבה געווען.

— פאַר אַלעם האָבן זיי טינט־און־פעדער, נישט פאַר אונז!

„שרייב מיר אַ פּראָשבע, — באַפאַלט זי מיך, — שרייב, אַז מען לאָזט אַלע לעבן, — מייז, קעץ, אפילו הינט, פאַר וואָס מיך נישט?

און טאָר איך נישט לעבן, לאָז ער פאַרטאָג פאַרפאָרן דער הונט־שלעגער און צונעמען, און אַוועקפירן..."

היינט איז לאה, די פישערקע, אַן אַנדער מענטש.

ערשטנס, האָט זי זיך אָפּגעווענדט פון פיש און פיש-מאַרק און טראָגט אַרום נאַפט מיט אייל... אויך אַ פרנסה מיט אַ ריח, כאָטש אַן אַנדערן; צווייטנס, זעט זי בחוש, אַז מען זאָרגט פאַר איר!

די וואַרשעווער רבנים זאָגן איר: הער, לאה די פישערקע! היינט ביסטו אַלט, נאָר אַמאָל ביסטו יונג געווען, און יונגער־הייט — ווער ווייסט? אפשר עפּעס פאַרלאָזט, נישט אַכטונג גע־געבן, מאַך נאָך אַמאָל אַן „אַפּצוג"... צייל טעג...

און צייט האָט זי, און טוט עס, און איז זיך מחיה — אַראָפּ־גענומען אַ פלעק פון דער נשמה.

און די דאָקטוירים געפעלן איר אויך... אַביסל אַ שלעכט לשון, (רבנים שרייבן בעסער יידיש), אַ ביסל אויסטערליש. נאָר אייניקלעך האָט זי, פאַר פּאָקן ציטערט זי; עפּעס איז זי גע־וואָר געוואָרן!

נאָר דערפאַר אויף בערדיטשעווסקי איז זי בייז!

— אַזאַ קליין, אַזאַ מאוס ביכל, ריין ביבולע־פּאַפּיר און מען נעמט דערפאַר מיינע בלוטיקע פינף קאָפּיקעס! אַ מוסר, זאָגט ער, זאָל איך מיר אַרויסנעמען, און מוסר פאַר פינף קאָפּי־קעס קאָן איך קויפן? מיט אַמאָל וויל ער רייך ווערן...

אומזיסט וויל איך זי איבערצייגן, אַז דר. בערדיטשעווסקי וויל נישט רייך ווערן, אַז עס מוז זיין אַן אַרויסגעבער דערינען..

—אַ רויסגעבער—שמעבער, אַבי אויסגענאַרט פינף קאָפּיקעס

1902.

# די געלע פרעסע

אַ פינסטערע שרעק איז אָנגעפאַלן אויפן ליטעראַרישן געסל: די געלע פרעסע גייט! דער ערשטער שריט צום שאַנטאַזש איז געמאַכט געוואָרן! מיט אַן אייזערנעם טאראַן האָט מען אויסגע־האַקט אַ שפּאָרעוודיק לאָך אין דער פעסטונג־וואַנט, אונטער וועל־כער מען האָט זיך אַזוי רוהיק, אַזוי זיכער געפילט...

„פּראָטעסטירן!"

די אַלטע, די גרויסע, די שטראַלנדיקע מוזן אַרויס מיט אַ פּראָטעסט...

און איך בין אַן אַלטער, אַ גרויסער, אַ שטראַלנדיקער און דאַצו נאָך אַ שוואַכער מענטש!

בנוגע צום יידישן טעאַטער איז אַש גערעכט, אַזאַ יאָר אויף כּל ישראל! און פונדעסטוועגן, אַז דער לייב אין גאָלדפאַ־דענס בר־כּוכבא שטעלט זיך אינמיטן דרינען אויף די אונטער־שטע פּיס און גענעצט, און דער פרייטאָג־ און שבת־צו־נאַכטס־דיקער עולם פּאַטשט בראַוואָ, אָדער ווען די „יינגלעך" אין „פּאַ־מיליע צבי", וואָס פאַרלירן די העקלעך און די דרענגלעך פון די דאַרע הענטלעך אַרויס רופן: מיר זיגן! מיר זיגן! און דער אויבן דערמאָנטער טעאַטער־עולם שרייט: „הוראַ!" — פּאַטש איך מיט, אַז הי הענט ווערן מיר געשוואָלן, און שריי „הוראַ", ביז איך בלייב אָן אַ האַלז, כאָטש איך ווייס אויף קלאָר, אַז די „יינגלעך" ציטערן אַפילו פאַרן אייגענעם פּאַפּירענעם כלי־זין —

אַזוינע פּנימער האָבן זיי, די סטאַטיסטן אויף כמעלנאַ, און כאָטש עס איז ביי מיר קיין צווייפל נישט, אַז דעם לייב פון בר־כוכבא ווילט זיך, נעבעך, גאָר עסן, נישט געגעצן...

וואָס דאַרפט איר מער: אין גאַס, אַז דער עולם הייבט אָן לויפן, מאַך איך פיס, צי איך זע אַ ביקס, צי ניין; איך האָב מיך אַפילו קיין צייט נישט אומצוקוקן! און קוק איך אַמאָל, פאַרן אַראָפּגיין, אין גאַס אַראָפּ, און זע מענטשן אין קאַלאָשן און ווינטער־פּאַראַסאָלן, הייב איך שוין צום הימל קיין אויג נישט אויף, און נעם אַ פּאַראַסאָל מיט קאַלאָשן!

און דעריבער, אַז עס איז אַ געשריי געוואָרן „פּראָטעסטירן" — האָב איך געזאָגט: „פּראָטעסטירן!", כאָטש די חתימה צום פּראָטעסט האָב איך געמאַכט מיט אַ פּאַרציטערטער האַנט, און דאָס האַרץ האָט דערביי געקלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן...

וואָרום „ביני ובינך" -- ליבע לעזער! צווישן פיר אויגן און אויער אויף אויער בין איך דוקא צופרידן מיט די ביטערע קרייטעכצער, וואָס הייבן אָן שפּראָצן אין אונזער גן־עדנדל... סימן טוב ומזל טוב! — די געלע פּרעסע האָט זיך באַוויזן? — אַ מחיה! אַ קאַצן־שפּרונג צום שאַנטאַזש? — נאָך בעסער! דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז מיר אַנטוויקלען זיך, אַז אונזער ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך, אַז — להכעיס די ציוניסטן און די ס. ס. אָווצעס — וואַקסט אין גלות אונזער קולטור, ווי אויף הייוון!

און איך וויל עס אויך מסביר זיין מיט אַ משל; איר ווייסט דאָך, כ'בין אַ שטיקל גלגול פון דובנער מגיד! שטעלט אייך פאָר, ליבע לעזער (אַלע לעזער זענען מיר ליב), אַ משפּחה אין אַ מדבר — איינע אַליין אַ פאַמיליע אין אַ סטעפּ! מוז, נעבעך, דער קאָפּ פון דער פאַמיליע זיין אַלץ צוזאַמען! אי טאַטע פון קינדער, אי זייער לערער, אי זייער שטראָפער און שמייסער... און ווערט, לא עליכם, אַ קינד קראַנק, מוז ער נאָך זיין זיין רופא, בחרפתנו, אַפילו אַ קליסטירל מאַכן... און מאַכט זיך עפּעס, גאָט באַהיט, אַ קינד אויפן קעפּל, מוז ער אים אייגנהענטיק די הערלעך אויסרייסן... און שטאַרבט, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַ

קינד? נאָך זיין קברן ווערן! און אַז די קו פאַלט אַוועק? מוז ער ווערן וועטערינאַר! און אַז דער הונט אויפן הויף ווערט משוגע? — הונטשלעגער! און אַז עס זאַמלט זיך אָן מיסט אויפן הויף? מוז ער נעמען שירץ און בעזעם און אויסקערן! — און דער אייגענער מוז זיין פונדעסטוועגן אי טאַטע, אי קידוש־ און הבדלה־מאַכער, און פאַרלאַנגט פאַר זיך דרך־ארץ!

אָבער, אַז די משפחה צעוואַקסט זיך? אַז מיט דער צייט ווערט, פון פלעק אַ דערפל, פון דערפל — אַ שטעטל, — אַ שטאָט־אַ שטיקל־מדינה — — ווערט שוין די אַרבייט צעטיילט! איז איי־נער טאַטע, דער צווייטער לערער; אַ בעלפער, צום שמייסן און פעקלעך מאַכן, פאַראַן באַזונדער; עס באַווייזן עקסטראַ קליזע־פּאָמפּע־מאַכער, האָר־צופּער, דאָקטוירים, ספּעציעלע מתעסקים, קברנים און — הינטשלעגער;

דאָס זעלבע איז און האָט געמוזט זיין און געשען אין דער ליטעראַטור.

איך בין נישט קיין היינטיקער און געדענק נאָך גאַנץ גוט די צייט, ווען עס זענען געווען אינגאַנצן צוויי־דריי כהנים אין בית־המקדש! אַלץ האָט געמוזט קומען אויף זייערע הענט. דאָס זענען געווען: אי שירים־ אי פּראָזע־שרייבער; און דאָס זעלבע לייט־אַרטיקל מאַכער, פעליעטאָנען־קלאַפּער, נייעס־שיטער און אינמיטן דערינען ווערן אַ וועלט־חכם און פאַרטייטשן, וואָס אַ דונער, — וואָס אַ בליץ איז... מיט איין וואָרט: אָנטון גלעקלעך, אַריינלויפן אין קדשי־קדשים מיט אַ פאַן ווייררויך, אַרויסלויפן און מאַכן „חיק" מיט אַן אָקס אויפן מזבח, און באַלד כאַפּן אַ בעזעם און אויסקערן!

אָך און וויי איז געווען צו די יאָרן!

היינט, אַז מען האָט זיך געמערט און געפּרוכפּערט, בפרט לעצטנס, אין דער צייט פון דער סטאָליפּין־פרייער פּרעסע, איז שוין, דאַנק זיין ליבן נאָמען, די אַרבעט צעטיילט! יעדער האָט זיך זיין ווינקעלע, זיין ספּעציאַליטעט, איינער זינגט, דער צוויי־טער דערציילט, דער דריטער שרייבט חכמות, דער פערטער ווי־צלט זיך, דער פינפטער און אפשר דער זעקסטער צי דער זי־

בעטער — פירט טאַקע מיסט!... מען דאַרף דאָס אויך!

אמת, עס טרעפט, און די מיסט־שלעפער שרייבן שירים אַמאָל אויך...

אָבער, ערשטנס, איז יעדע אויסנאַם נישט מער, ווי אַ באַווייז אויף דער רעגל! צווייטנס, האָט יעדע קאַץ איר מערץ און יעדעס האַרץ, אַפילו פון אַ קוימען־קערער, זיין מאַי! ווען עס ווערט אַזוי ווייך, און עס זינגט זיך: טיו, טיו... טיו, טיו... און דריטנס — האָט קיין פחד נישט! דער מיסט־פירער וועט צום שכל קומען! ער וועט דערקענען זיין פאַך, דערגיין זיין מיסיע, צוליב וועלכער ער איז באַשאַפן געוואָרן! נישט אַזוי געשווינד דערקענט זיך אַ מענטש, און איידער מען קומט אויפן רעכטן וועג אַרויס — זינגט זיך אַמאָל אַ ביסל פאַלש! מיט דער צייט קומט די הילף!

די ליטעראַטור קאָן שוין נישט זיין קיין כל־בו, ווי אַ קליינשטעטלדיק געסל! עס מוז זיין אַ גרויס־שטעטישע גאַס! דער רינשטאָק, וואָס פירט אָפּ דאָס אומרייניע, גייט אין די זייטן, רעכטס און לינקס, ווער עס איז אַ דבר־אחר, מהיכא תיתי, לייג זיך אַריין! אַז נישט גיי אַריבער טרוקן, אין דערמיט! דאָס איז שוין דער צווייטער משל!

אמת, אַ משל איז נאָך קיין באַווייז נישט! אָבער מקרב אל הדעת איז עס!

און וואָס אַמבאַלאַנגט דעם עצם ענין, וואָס די געלע פרעסע, די ערשטע ניי־געבוירענע, איז שוין באַפאַלן אַ ליטעראַט, איז קיין גרויס אומגליק נישט!... די ליטעראַטן, פונקט אַזוי, ווי פרויען, האָבן ביז אַהער פאַרנומען אַ געקינסטלטן פּלאַץ, אַ פאַלשן אָרט אין אַ געזעלשאַפטלעכן לעבן! אָדער אַ גאָרנישט, אַ צרה, אַ משלחת, אָדער אַ מלאך; קיין מענטש קיינמאָל נישט! שלאָגן זיך מיט אַ יידענע, בפרט אין גאַס, אָפּחשבונען זיך עפנטלעך מיט אַ ליטעראַט, קומט אויס עפּעס קראַטיש, אויסטערליש, ווילד! פאַרוואָס? שוין צייט אָפּצוררייסן מיט די אַלטע מנהגים, אַרויסשלאָגן זיך די אַלטע איינרעדענישן פון קאָפּ, אַן אשה איז אויך אַ בשר־ודם, נישט מער, נישט ווייניקער, און אַ ליטעראַט איז

אַ מענטש, וויניקסטנס דאַרף ער זיין אַ מענטש... און דאָס, וואָס אַ קראָ רייסט אויס ביי דער צווייטער איין אויג, וואָס איז דאָס געוואַלט? דוקא ביי פרעמדע?

און דער עיקר — ברענגט עס אַ גרויסן נוצן דעם פובליקום, אייב עס איז נאָר דאָ! אייב די קו, וואָס מיר, לעכצנדיקע צו מילך, מעלקן איז פאַראַן, אייב זי איז נאָר קיין פוסטער חלום נישט, — קאָן זי ווערן אויס קו!

דאָס פובליקום — אָן משלים געֿרעדט — מוז זיך צוגעוויינען צום געדאַנק, אַז ליטעראַטן זענען מענטשן, וואָס אַרבייטן און פאַרדינען מיט הער פעדער, ווי יענער מיט דער האַק און דער מיט דער נאָדל... און אַז עס טרעפט זיך און אַ ליטעראַט — אויך אַ מענטש! — גנבעט בענדלעך אין קראָם, אָדער קישקע אין יאַטקע, קומט אים תפיסה, גלייך מיט אַלע, אייב אַלע גנבים קומט תפיסה... און אַז ער גנבעט נישט, און די געלע פרעסע, וואָס קאָן זיך נישט דערוואַרטן, ביז עס וועטווירקלעך עפעס געשען, און טראַכט צופאָר אויס, און עס קומט צו לשון־הרע, רכילות, בלבולים און אַלערליי שקרים — איז נאָך בעסער!

דאָס פובליקום, וואָס דאַרף ווערן אויס קו, דאַרף זיך צו אַלעם ערשטן אָפגעוויינען פון אַ מאוסן פעלער, און דער איז דאָס, וואָס דאָס היינטיקע פובליקום, אייב עס עקזיסטירט, שאַצט אָדער צו הויך אָדער צו נידעריק דעם ליטעראַט, שאַצט צו הויך אָדער צו נידעריק יעדעס געדרוקט וואָרט. אָדער עס איז „שמאָכטעס", „מעשה־ביכלעך", בטלנות, אָדער פאַרקערט: הייליקע נביאות, נישט אָפצוווענדן, נישט איבערצושפּאַרן! זיי ווייסן נישט, אַז אַ מענטש שרייבט, ווי אַ מענטש רעדט... ווי ווער און ווי ווען...

אין געוויינלעכן לעבן, אַז עמעץ עפנט דאָס מויל און זאָגט עפעס, שרייט מען נישט תוך כדי דבור: שקרן! אויך שפרינגט מען נישט דריי מאָל קדוש, פאַר דער צייט, מען טראַכט נאָך, קלערט איבער, מען ווערט געוואָר, מען זאַמלט ידיעות, — מענטשלעך! וואָס הייסט זיך „פאַרלאָזן"? אָבער דאָס געדרוקטע האָט נאָך גאָר עפעס אַנדערש...

און דאָס איז שלעכט!

דאָס געשריבענע וואָרט האָט געקאָנט קרעדיט האָבן פאַר־צייטנס, ווען אַ פעדער אין דער האַנט האָט געהאַלטן איינער אין אַ שטאָט, און דוקא אַ גרויסער! ווען מיניסטאָרן האָבן צוגעלייגט סטעמפל, אָדער דעם אין טינט איינגעריכטן גראָבן פינגער אויפן פאַפיר במקום אַ חתימה... ווען דער סיגנעט האָט נאָך געשפּילט די גרויסע ראָלע, ווי אין אחשורושס צייטן! דאָס גרויס, ערלעך און כמעט הייליק האַלטן פון געדרוקטן וואָרט, האָט געהאַט זיין ווערט אין גוטענבערגס און קוים עטוואָס שפּעטערע צייטן, ווען אויף דער וועלט זענען צוויי דריי דרוקן געווען, און פון אונ־טער דער פרעס פלעגן אַרויס סאַמע תנ״לעך, ש״ס, גמראס, אָדער חכמת יון: אריסטו! היינט — ווען אַלע ייִנגלעך שרייבן, ווען אין אַלע גאַסן ווערט געדרוקט, דאַרף זיך דאָס פּובליקום אויס־לערנען: שאַצן! יעדן געבן זיין אָרט, זעלטן שענקען צוטרויען, זעלטן געבן קרעדיט, און צו דעם הויכן שטאַפּל וועט דאָס פּוב־ליקום קומען אַ דאַנק דער געלער פרעסע! דאָט קינד מוז פאַלן, עס זאָל זיך אויסלערנען גיין!

און דעריבער נאָך אַמאָל: לעבן זאָל די געלע פרעסע!

זאָל זי זיך גראַבלען אין מיסט — אין פּריוואַט־לעבן, מיין איך, עס שאַדט נישט! דאַגעגן קאָן זיין נאָר די אַלטע בעל־בתּישע מאָראַל פון קלאַפּ־שלעסער און פאַרהאָנגענע פענסטער. די מאָראַל אין זיידענע, אָבער אין פאַרדאָסטע (זייט מיר מוחל) אונ־טער־רעק... די עטיק, וואָס איז געווען נאָר אַ שוץ־מאַרקע פאַר חנופה, צביעות, שיינהייליקייט און כל־דאָס־בייז... נאָר די אַלטע גבאיטע מיט די יונגע חטאים האָט געמאַכט אַן אונטערשיד פון „רשות הרבים״, „בפרהסיא״ און „אונטער פיר אויגן״, „בחדרי חדרים״!

וואָס הייסט פּריוואַט־לעבן? פּריוואַט לעבט אַ מענטש אין אַ מדבר, פּריוואַט לעבט אַ פּרוש אין וואַלד, אפשר נאָך אַ פאַר־צייטיקער בטלן הינטערן בית־המדרש־אויוון. אַ מענטש צווישן מענטשן איז קיינמאָל נישט פּריוואַט. דער, וואָס טוט עפּעס, — בפרט דער, וואָס שרייבט! — לעבט געזעלשאַפטלעך, עפנטלעך;

דער מוז זיין אָדער נוצלעך אָדער שעדלעך, און קאָן, דאַרף אָו מוז געשאַצט ווערן... אמת, דאָס אָפּשאַצן געהערט צום ריכטער, אָנקלאָגן צום פּראָקוראָר, מסרן צום שפּיצל און דאָס אויפהענגען צום תלין... זענען טאַקי דערויף פּאַראַנען ספּעציאַליסטן אין דער ליטעראַטור אויך... איינער האָט גלאַט ליב ווּיוויסעקציע... טו אים עפּעס!

און ווי געזאָגט, אָבער עפנטלעך קריטיקירט דאַרפן ווערן אַלע און פריער פאַר אַלע דער שרייבער! ווער עס רעדט צום פּובליקום, געהערט צום פּובליקום! דאָס פּובליקום האָט רעכט צו פאַרלאַנגען, מען זאָל פון צייט צו צייט אַראָפּציען דעם טלית פון די, וואָס שטייען ביים עמוד, ביים שלחן און ווייזן אים, ווער עס בעט פאַר אים, ווער עס בלאָזט אים שופר!

אַמאָל פלעגט מען זאָגן: קריטיקירן דאַרף מען דאָס ווערק, נישט דעם אויטאָר. הייגט: דעם אויטאָר, צוליב דעם ווערק! ווייל דאָס פּרצוף־פּנים פון באַהאַלטנסטן אויטאָר קריכט אַרויס אין זיין ווערק פון צווישן די שורות, פון צווישן די אותיות! ווי ער זאָל זיך נישט פאַרשטעקן, ווענען און וואָס ער זאָל נישט הייסן רעדן, וואָס ער זאָל נישט ווענען לייגן אין מויל אַריין, — ער רעדט עס, ז י י ן האַרץ זאָגט עס! און אַ וואָרט — אַ מאַן! – אַ מאַן — אַ וואָרט! און דער פאַשקוויל, אייב ער איז אַן אמתער, איז נישט מער, ווי אַ שליסל צו דער רעטעניש פון ווערק! מער און ניצלעכער אָבער איז דער פאַלשער פאַשקוויל! דער, ווי געזאָגט, זועט ברענגען דעם לעזער דערצו, ער זאָל זיך אויסלערנען שאַצן, אַ מבין ווערן, דערקענען דעם אונטערשיד פון אַ לייב אין וואַלד און אַ לייב אויף גאָלדפאַדנס סצענע, אין בר־כוכבא; פון אַן אָדלער אונטערן הימל, אַן אָדלער אויף דער מטבע, אַ געמאָלטן אויפן „מזבח" און אַ פאַפּירענעם אויפן טיש!...

ר' נחמנקע זאָגט: די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב דעם ווילן, און דער ווילן — צוליב דער ברירה! אויסקלייבן, ווילן דאַרף אַ מענטש!

און אַצינד גייט ערשט דאָס געדיכטע:

אייב די שרייבער האָבן זיך דיפערענצירט, מוז זיך אויך

דיפערענצירן דאָס „פּובליקום". שוין צייט, עס זאָל אויפהערן צו עקסיסטירן דער „הויפן" — לעזער! די „מאַסע"! די מענגע „צייטונג־ און בראָשורן־שלינגער" (ביכער זענען אויס דער מאָדע אַרויס), וואָס האָבן קיין פיזיאָנאָמיע — קיין פּרצוף־פּנים נישט,— עפּעס אַ שטיק גאַלאַרעטע! יעדע אַרט שרייבן, יעדער שרייבער אַפילו מוז האָבן זיין פּובליקום „ג. פ." — אויך!

און אויף זיין אייגן פּובליקום געשטיצט, וועט דער שרייבער בלייבן מענטש!

ער דאַרף אַפילו נישט זיין פון קריסטאַל, עס זאָל אים די געוואָרפענע בלאָטע אפילו פייכט נישט מאַכן... גענוג, ער וועט האָבן אַ מענטשלעך פּנים, — מיט איין וואָרט אַ פּנים! וועלן וויי‏ביקסטענס זיינע מענטשן וויסן, אַז אויפן פּנים וואַקסט קיין בלאָטע נישט, אַז דאָס איז דורכגעפאָרן אַ גביר פון דער „געלע פּרעסע" און האָט עס מיט בלאָטע באַשפּריצט! און דער עולם זיינער וועט לויפן, דער — מיט וואַסער, יענער — מיט אַ האַנטוך — און שטיל, גאָר אָן פּראָטעסטן...

דאַכט זיך, אַזוי איינפאַך!

און דאָך ווילט איר געלע און גרינע מתים זעען? פאַרמאַכט די לאָדן בייטאָג, לעשט אויס ליכט און לאָמפּן ביינאַכט, און שלאָגט מיט אַ ריטל אין אַ טעלער מאַגנעזיע! — אָדער, וואָס אין וואַרשע איז לייכטער צו באַקומען — רופט צוזאַמען עטלעכע ליטעראַטן און לייענט זיי פאָר אַ שטיקל „געלע פּרעסע" — —

צי האָבן מיר קיין פּובליקום, צי קיין מענטשלעך פּנים נישט?

# מיכל גאָרדאָן

אינם „הויז־פריינד" 1888 האָט אונזער מיטרעדאַקטאָר פאָלגענדעס איבער מיכל גאָרדאָן געשריבן:

„נאָך איידער די וועלט האָט גאָלדפאַדענס לידער געקענט, זענען שוין באַקאַנט און מיט ליבע אָנגענומען געוואָרן די לידער פון אונזער עלטסטן פאָלקס־דיכטער ה׳ מיכל גאָרדאָן. און ווער געדענקט זיי נישט עד היום, כאָטש זיי לעבן שוין פערציק יאָר! ווער קען נישט דעם „ייד אין גלות", ווער האָט עס נישט געזונגען, על כל פנים נישט געהערט זינגען!"

דער ה׳ דינעזאָן האָט באַזוכט דעם געלערטן פריידיקער, דעם באַרימטן אברהם גייגער, וועלכער האָט אים געפרעגט איבער דעם געגאַנטן געדיכט. ה׳ דינעזאָן האָט עס אים פאָרגעזונגען און אויפגעשריבן. דער גייגער איז אַנטציקט געוואָרן איבער דער סטראָפע:

„זיי זאָגן, זיי וועלן אים לעשן דאָס פייער וכו׳"

„דיזע סטראָפע, — האָט זיך אָנגערופן גייגער, — דאַרף יעדער ייד אין זינען האָבן בשעת ער זאָגט שמע ישראל". גייגער אַלס דייטש און רעפאָרמאַטאָר איז קיין גוטער פריינד (באַמערקט ה׳ דינעזאָן דאָרט) דעם זשאַרגאָן נישט געוועזן, נאָר „דער ייד אין גלות" מאַכט אויך שונאים פאַר גוטע פריינד.

מיכל גאָרדאָן איז ווייניק באַקאַנט געווען אין דער ליטעראַטור, ווייל אונזערע העברעאישע, פוילישע און רוסישע שריפטשטעלער מאַכן שטענדיק אַ שווייג איבער טון און ווירקן פון

זשאַרגאָן. פאַר דאָס אָבער האָט יעדעס יידיש האַרץ, נישט וויסנ־דיק זיין נאָמען, זיינע לידער געקענט.

מיכל גאָרדאָנס לידער זענען די ערשטע וועקונג צו ביל־דונג געוועזן. זיין אידעע איז אַמבעסטן אויסגעדריקט אינם ליד:

„שטיי אויף מיין פאָלק, גענוג דיר צו שלאָפן,
שטיי אויף און מאַך שוין דיינע אויגן אָפן,
וואָס איז אויף דיר אַליין אַזוי אַ גרויס פּלאָג,
וואָס דו אַליין שלאָפסט ביז האַלבן טאָג... וכו׳״

וועלכעס מען האָט דערנאָכדעם איבערגעניצעוועט אין אויף פאַרשיידענע אופנים פאַרדאָרבן.

וואָס האָט מיכל גאָרדאָן, ז״ל, געוואָלט מיט זיינע לידער?

ער איז געוועזן אַן אמתער ייד, ער באַזינגט גאַנץ ה און אַנטציקט זיך מיטן יידישן העראָיזם, וואָס טראָגט זיין הייליקע תורה איבער ימים אַרויס פון שרפות:

„נישטאָ אַ שטיקל ערד מיט מענטשן באַזעצט,
וואָס איז נישט געוועזן מיט מיין בלוט באַנעצט,
וואָס איטלעכער בוים, וואָס איטלעכער שטיין
האָט דאָרט נישט געהערט מיין ביטער געוויין.

— — — — — — — — — — — — — — —

„מען האָט מיך געטראָטן, געבויגן, געבראָכן,
געהאָנגען, געטרענקט, געוואָרגן, געשטאָכן,
מען האָט מיך פיל מאָל אויפן ראָד געצויגן,
מיין ווייב און מיין קינד פאַר מיר אין די אויגן.״

באַוויינט ער די יידישע צרות, דאָך,
דאָך האַלט ער זיך זיינס:

„דורך וואַסער און פייער גיי איך מיר איבער,
דורך טויזנטער שפיזן, גרויס ווי אַ גבור,

איך טראָג מיר מיין פּאָן אָן פּחד, אָן מורא,
אין האַרץ מיין אמונה, אויפן פּלייצע מיין תּורה!״

און דאָך, פאַרשטייט ה׳ מיכל גאָרדאָן, איז פון דאַנען נישט געדרונגען, אַז יידן דאַרפן זיין אומגעבילדעט, אומריין און אַבערגלויביש.

דער אַבערגלויבן איז דער ציל פון זיינע וויצן, - און די וויצן זענען ניינציק פּראָצענט פון זיינע לידער.

אינם ליד „די באָרד״ וויינט אַ יידיש פרום ווייבל נאָך דעם מאַנס באָרד, עליה השלום! עס דאכט זיך איר, אַז נאָך אַזאַ חטא דאַרף די וועלט אונטערגיין, זי וויל נישט אַ מאַן אָן אַ באָרד, זי וויל זי צוריק, זי טופּעט מיטן פוס: די באָרד זאָל ווערן צוריק!

„די באָרד זאָל מיר ווערן, ס׳גייט אונטער די וועלט,
די באָרד זאָל מיר ווערן, אַ האָר נישט געפעלט,
די באָרד זאָל מיר ווערן, ווי געוועזן גרויס!
די באָרד זאָל מיר ווערן, איך האַלט עס נישט אויס!״

זי האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עס וועט זי אַן אומגליק טרעפן: זי האָט שוין לאַנג אַ חשד אויפן מאַן, אַז ער איז פון „יענע לייט״, און עס האָט זיך איר פריער געחלומט זיין באָרד און לעבן איר — דער שטן המשחית — אַ שער.

ווי לאַנג זענען דען די צייטן, אַז אַלע האָבן געמיינט, אַז דער ייד שטעקט נאָר אין דער באָרד! די באָרד איז הייליק! נעגל באַהאַלט מען, אָדער מען פאַרברענט, אַ האָר פון אַ יידישער באָרד גייט העכער, זי לייגט מען אַריין אין אַ הייליקן ספר אַריין!

אונזער פרומע יידענע וויל זיך מיט דער באָרד באַגיין אַזוי, ווי מיט הייליקע שמות, אַזוי ווי מיט אַ צאַפּ — אַ בכור — אַ נפטר! זי וויל גיין אויפן הייליקן אָרט, אויסגראָבן אַ גריבל און באַהאַלטן די באָרד!

„געוואַלט, — בערדעלע״, בעט זי זיך גאַנץ ערנסט. „האָב נישט פאַראיבל!״

ווי טראַגי־קאָמיש איז דער יידישער פעטעשיזם.

אינם ליד „דער גט״ טרעט די אומגליקלעכע פרוי נאָך מער בולט אַרויס. איר מאַן מוז אַוועק קיין פּאַלטאַווע, נישט חלילה זי אַן עגונה צו לאָזן, גאָר פאַרקערט, עס זעצט אויס, ער איז געפאָרן פּרנסה זוכן, ער פאַרגעסט נישט זיין ווייב; וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז זי, זי איז דערפון נישט צופרידן! מעשים רעים טוט ער דאָרט, דער מאַן, אַז די באָרד געשוירן, פאַרשטייט איר אַליין, נאָר ליידער נאָך עפּעס, ער גייט אַפילו אַמאָל אָן אַ היטל, ער פאַרגעסט לאַנג אָן „והוא רחום״, קורץ און גוט —

„— — — אַ חרפּה אין אַ זייט,

מען זאָגט, אַז ער איז — געוואָרן פאַרשייט״!

דאָס גאַנצע אומגליק איז נאָך דאָס, וואָס ער קאָן לערנען. וואָלט ער אַ גראָבער יונג געווען, וואָלט ער גלאַט געזינדיקט, וואָלט ער נאָך אַ תקוה, אַ תקומה געהאַט, מאַלע אַ מענטש זינדיקט, מען טוט אַן עבירה, נאָר מען טוט אויך תשובה; ער קאָן אָבער לערנען.

„ער זאָגט: מע מעג, אָט־דאָס איז די צרה —
וואָס ער האָט געלערנט אַ שטיקל גמרא,
אַלץ, וואָס ער טוט, זאָגט ער, מע מעג,
אַזוי גייט ער אַראָפּ פון יידישן וועג.״

און ווי געטריי אַ יידיש ווייב איז, ווי ווייט זי גלויבט אין זווג, כאָטש פערזענלעך האָט זי צו איר מאַן גאָר און גאָרנישט— בעט זי אַ גט.

„זאָגט דאָרטן מיין מאַן, אַז איך, זיין ווייב, בעט,
ער זאָל מיר דורך אייך באַלד שיקן אַ גט!״

חסידים און חסידות און גוטע יידן לאָזט ער פון מויל נישט ארויס, ער קאָן זיי נישט מוחל זיין זייער עזות, זייער אומריינקייט, זייערע מדות רעות, זייערע פאַלשע מופתים, נאַרישע מנהגים.

„ער וויל בילדונג!

די זון איז שוין לאַנג אַרויס אויף דער וועלט,

זי האָט אַלע מענטשן אויף די פיס געשטעלט,
נאָר דו אַליין ליגסט געקאָרטשעט, געבויגן,
און האַלטסט נאָך פעסט פאַרמאַכט דיינע אויגן.

איר מעגט האָבן אַ טענה, אַז די זון שטעלט נישט אויף די פיס, אַז אויב זי איז אַמאָל אויפגעגאַנגען, איז זי שוין איצטער ווייטער פאַרדעקט מיט שווערע פינסטערע וואָלקן — נאָר צי שיינט די זון דער מענטשהייט, צי ניין, צי גייט איירצאָפע צוריק, צי פאָרוועררטס... מיר, מיר דאַרפן בילדונג! מיר, וואָס ליידן שוין טויזנטער יאָרן דורך דער וועלטס דומהייט, מיר, וואָס פּראָטעסטירן קעגן נישט־דולדן, קעגן פאַנאַטיזם, מיר טאָרן נישט אַליין בלייבן אומדולזאַם און פאַנאַטיש, אַ נישט, וואָס פאַר אַ ווערט האָט אונזער פּראָטעסט? מיר שרייען אויף געצנדינער, מיר ליידן פאַר דער איינהייט גאָטעס, מיר לאָזן זיך ברענען און בראָטן און קוועטשן דריי טויזנט יאָר דעם אחד, און —

„ווי קומט צו דיר אַ געדאַנק אַ וויסטער,
אַז גאָט דאַרף האָבן צו זיך אַ מיניסטער?”
פון וואַנען נעמסטו מלאכים? —
„זיי זענען אָפּגעטער,
דאָס האָסטו געגנאַשט פון עישו, דיין פעטער!”

---

אונטערן וואָרט בילדונג פאַרשטייט ער נישט די פאָרם, נישט דעם „אויבערמאַנטל”, ער מיינט אמתע מענטשן־בילדונג, וועלכע:

„...רייניקט דאָס האַרץ גאַנץ גוט
פון שלעכטע מדות, פון אומריינעם בלוט,
עס מאַכט אַ גוט קינד צו פאָטער און מוטער,
עס מאַכט צו מענטשן אַ מענטש אַ גוטער!”

אויך ענדערט זי דעם פאַרקער מיט גאָט:

„צי ביסטו משוגע, וואָס ליגט אין דיין מוח?
וואָס שרייסטו צו גאָט, וואָס רייסטו מיט כח?

דער גאָט דער גרויסער — ער איז דאָך נישט טויב,
פון דעם קלענסטן ווערעמל הערט ער זיין לויב..."

---

ערלעך און פיין און געבילדעט איז מיכל גאָרדאָנס מוזע.
זי איז נישט פאַרקאַסעט, נישט גאַרעפערט, האָט נישט קיין
„פאַרסאַליעטן פערעדניק"...

אים געראָט נישט אפילו קיין ראָמאַנטיש ליד (די שטיפ־
מוטער), זי איז די עכט יידישע מוזע...

מיכל גאָרדאָן איז געשטאָרבן!

1890

# מענדעלע

די צייטן פון „איינציקן אין ווערקשטעל" זענען פאַרביי, די ליטעראַטור האָט זיך דיפערענצירט. אַרטיקלען, קריטיקן, ערי־נערונגען א. ד. ג. וועלן שרייבן אַנדערע; איך וויל מענדעלען ערן. און דאָס טוען אַלע, דאָס האָט שוין דאָס פאָלק אין דער גרויסער מאַסע לאַנג געטאָן. דאָס פאָלק האָט אָנערקענט זיין אַרבעט און רופט אים אויף זיין אַרבעט. נישט שלום יעקב אַב־ראַמאָוויטש, דאָס איז אַ פריוואַט־נאָמען, אַ נאָמען פאַר אַ ווייב און קינד און פאַרן מעטריקול־שרייבער און פאַספאָרטן־געבער; דאָס פאָלק רופט אים „מענדעלע מוכר ספרים", מאהבת הקצור — „מענדעלע", אויפן נאָמען פון זיין בעסטער קרעאַציע.

און מענדעלע איז ווערט דעם כבוד.

ער איז נישט נאָר דער עלטסטער צווישן די לעבעדיקע שרייבער, ער איז אויך, און דער עיקר — דער ערשטער. בויט זיך אַ ליטעראַטור, האָט ער עס דעם עקשטיין געלייגט: ער איז דער ערשטער, וואָס האָט, נאָך אַ קורצער צייט פון זייטיקע פּראָבן, אָנגעהויבן שרייבן לשמה, ריינע קולטור־ווערטן צו באַשאַפן...

און ער איז דער ערשטער, וואָס האָט נישט באַטראַכט זיין אַרבעט אַלס אַ בריק (אום מעגליכסט מיט זיין לשון צו רעדן) „אַריבערצופירן די קליאטשע, זי זאָל זיך פּאַשן אין אַן אַנדער פעלד."

ער איז דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט ליבע און אַכטונג

צו זיין קינסטלערישן אינסטרומענט — צום יידישן וואָרט, און האָט עס געהאַלטן און דערצויגען ריין; נישט געדמאַניזירט, נישט רוסיפיצירט, נישט אַפילו אייראָפּעאיזירט, און ער איז דעריבער דער ערשטער, וואָס האָט אַ יידישן סטיל באַשאַפן, זיין אינדיווידועל־יידישן סטיל. אַזוי רעדט מענדעלע אויפן לשון פון זיין פאָלק... און רעדט ער העברעאיש, ווי ער מיינט — צוליב דער אייביקייט, אָן וועלכער ער וויל און האָט דאָס רעכט צו קלאַמערן, שרייבט ער יידיש־העברעאיש. אַזוי וואָלט דאָס פאָלק גערעדט, ווען עס וואָלט גערעדט העברעאיש...

און ער איז דער ערשטער, וואָס האָט מיט אָפענע, יידישע און מיט פרעמדע ברילן נישט פאַרשטעלטע אויגן אויפן יידישן לעבן געקוקט; יידיש־אייגנאַרטיק עס געצייכנט, די פאַרביקע שטעלן געמאָלט, אָן פּרינציפּן און וואָלקן און נעבלרייטעריי, דאָס אָרעמע יידישע לעבן — דיווירקלעכקייט...

און ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערזען און צו זיין דור משכילים און קולטור־טרעגער געזאָגט: „פון רעפאָרם, רעדט איר, פון השכלה, — דאָס פאָלק דאַרף ברויט", און דער ערשטער, וואָס האָט דערזען דעם קהלשען בעל־טובה אין זיין ווירקלעכן געשטאַלט און דעם אינטעליגענט פון זיין דור בשעת ער כאַפּט זיך אַרויף רייטן אויף דער קליאַטשע...

און נאָך אין פיל, פיל זאַכן איז מענדעלע נישט נאָר דער עלטסטער צווישן די לעבעדיקע, נאָר אויך, און דער עיקר — דער ערשטער, דער ערפינדער, דער באַשאַפער.

זאָל ער אונז נאָך בלייבן אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן!—

1910

# שלום עליכם *)

שלום עליכם איז דער פּאָפּולערסטער פון אַלע אונזערע שרייבער און דיכטער; ער איז דער מייסטער פון לאַכן, און די גרויסע מערהייט — זיינע אָנהענגער; ווער עס קען לעזן, מיט גאַנץ קליינע אויסנאמען — זיין לעזער, און ווער אויערן האָט, אַז ער אַליין לעזט — זיין צוהערער, פולע הייזער: באַלד דעם ערשטן טאָג נאָכן ערשטן אַנאָנס — אויספאַרקויפטע בילעטן.

ווער איז פון שלום עליכמען נישט צופרידן?

דער אסימילירטער ייד, וואָס לעכצט נאָך אַ יידיש ווערטל, נאָך אַ פיין־געשפּיצטן יידישן וויץ, נאָך אַ יידישן ביטול־וואָרט — געפינט עס ביי שלום עליכמען.

דער בעל־הבית שמעלצט זיך אין שלום עליכמס ווערק, ווי אַ קניידל אין פּוטער. אַן אַנטוזיאַסטישע אויפנאַמע האָט נאָך פריער שלום עליכם געהאַט אין בעל־הבתישן „חובבי שפת עבר."ביים לאַכן פאַרדייעט זיך דאָס עסן זייער גוט, דער מאָגן אַרבייט פיין.

און נידעריקער גענומען, ווער נאָר ברויט האָט, אַ טרוקן עסן, אָן־פאַר־ביי־און נאָך־געשמאַק, און — אַזאַ לעבן, באַקומט ביי שלום עליכמען דאָס, וואָס אים פעלט, דעם צושמאַק, און ער שמייכלט ליבלעך איבער זיין ווערק און איז אים דאַנקבאַר.

נאָך נידעריקער — דאָס פאַרטרויערטע, פאַרשאָטנטע באַ־

---

*) א רעדע געהאַלטן דעם ערשטן טאָג פּסח, 1913.

דערפטיקע שטיק לעבן, אָן אַ שטראַל פון פרייד, אָן דער האָפנונג פרייער אַמאָל צו אָטעמען, אַ העכערן, גליקלעכערן לאַך צו טון, מיט אויגן — פאַרביגערע שטראַלן איינצוזאַפן, מיט די אויערן — קלינגענדיקערע טענער צו פאַרנעמען, מענטשן אָפהענטיקע, פאַרוואָרפענע — געפינען זייער טרייסט אין אַוועק מאַכן דאָס לעבן מיט דער האַנט אינם ביטול... אינם ביטערלעכן אויסלאַכן — דאָס איז דאָך ערשט רעכט שלום עליכם! ער שטעלט דאָך אַלץ אויפן קאָפ, יעדע האָר פון וואָנס לאַכט, יעדע באַוועגונג, וואָס ער מאָלט — אַזוי נאַריש־לעכערלעך.

נישט צופרידן מיט שלום עליכמען קאָנען נאָר זיין די ראַדיקאַלע כלל־טוער... און דוקא די נישט זייער קלוגע, די גאַנץ קורצזיכטיקע...

— אַן אָפלאַכער! — זאָגן זיי אויף שלום עליכם, — וואָס גיט ער? — פרעגן זיי — צו וואָס רופט ער?

דאָס זענען די, וואָס מיינען, אַז זיי טוען און אַז זייער טון, ווי יעדעס מענטשלעך טון, איז אַ גאַנץ אָפגעשלאָסענע אַרבעט. דאָס לעבן איז אַ שטיק ליים, זיי — די טעפער, און כחומר ביד היוצר. ווילט איר — סקולפטאָרן, מאכן אַ קונסטווערק...

שלום עליכם טוט נישט, רופט נישט צו טון, ער לאַכט... און זיי, זיי האָבן נישט קיין צייט צו לאַכן — אייביק פאַרנומענע הענט; יעדע סעקונדע האָט איר אַרבעט!

דער עטוואָס ווייטזיכטיקערער סאָציאַלער מענטש ווערט עס נישט זאָגן, ער ווייס „לא עליך המלאכה לגמור”; נישט איין מענטש און נישט אַפילו איין געשלעכט הויבט אָן און ענדיקט אַן אַרבעט, נישט ער איז מחויב, נישט ער קאָן עס טון.

אין אַלט־פויערישן הויז פלעגט געטאָן ווערן אַלץ, אָנהויבן און אַלץ פאַרפאַרטיקט. דער פויער האָט געאַקערט, געבראָניעט, געזייט, געשניטן, אַראָפגענומען פון פעלד, דורכגעאַרבעט מיטן צעפ, געמאָלן צווישן שטיינער, געבאַקן און אויך געגעסן... די פויערטע האָט פלאַקס פאַרזייט, פלאַקס געשניטן, אין וואַסער געווייקט, אויסגעקלאַפט, פעדים געצויגן, אויף העמדער און ליי־

לעכער און קליידער־שטאָף געוועבט און אויפגעניייט, און דאָס הויז האָט די אויסאַרבעטונג געטראָגן. און דער, וואָס האָט דעם בוים אין וואַלד אויסגעהאַקט, האָט אים אָפּגעשיילט, צעזעגט, צעשניטן, אַ הויז געבויט און אַליין אין הויז געוואוינט. וואַקסט די קולטור, שטייגט די אַרבעט, שטייגט זי איבער די פּאָר הענט פון איין מענטש, און די עטלעכע פּאָר הענט פון איין הויז, און אויך דעם וויסן און פאַרשטאַנד פון איין קאָפּ און פון עט־לעכע קעפּ. ווערט איין זאַך אויף טויזנטער פּאָר הענט צעטיילט, אויף הונדערטער פלעצער געאַרבעט, ווערט זי איבער הענט און פלעצער צעשפּרייט.

די סאָציאַלע אַרבעט ווערט נאָך פאַרטיילט צווישן צייטן, דורות — געשלעכטער גאַנצע זעגען אירע אַרבעטער.

די קולטור — אַן אַלטע געביידע, האַלט שטענדיק אין איבערגעבויט ווערן... קראַצט איינער, און אָפּט אַ געשלעכט, דעם שימל פון מויערן און ווענט, באַזייטיקט איינער דאָס פוילע, דאָס קראַנקע. אַ צווייטער — גאַנץ אָפּט אַ דור — קנעט ליים, נאָך אים אַ צווייט געשלעכט ברענט ציגל... קומען נאָך צייטן, ווען עס ווערט געבויט.

דער אָפּלאַכער שפּילט זיין גרויסע סאָציאַלע ראָלע — ער איז דער שימל אָפּקראַצער. נאָכן אָפּגעקראַצטן שימל זעט זיך ערשט דאָס פוילע, דאָס קראַנקע ארויס — וועלן זיך שוין באַ־ווייזן הענט צו באַזייטיקן, און דערנאָך הענט צו פאַרבויען.

אַן אָפּלאַכער איז שלום עליכם.

לאַכט ער אויס דאָס גוטע? דאָס געזונטע? דאָס שטאַרקע אין אונז און ביי אונז?

ער לאַכט אויס די לופט־שלינגענדע נע־ונדניקעס אין תהו ובהו.

זיי ווערן דורך אים אַנטפּלעקט, אַנטפּלעקטע מוזן זיי גיין... אַוועקגיין...

קענט איר שאָך־שפּיל? קענט איר די פיגורן אויפן שאָך־ברעט? זיי שטייען, זיי גייען, (נאַטירלעך, פון שפּילער גע־פירט), זיי פאַלן אמאָל אָבער אויך, פון שפּילער־האַנט, פון שפּי־

לער=טיש, פֿאַרקייקלען זיך ערגעץ, און גיי זוך זיי.

זענען פֿאַראַן הוילע פֿיגורן מיט אַ בלייערל. אַ געוויכט אינעווייניק. זיי שטייען שלעכט, וואַקלען זיך אין גאַנג, קאָנען אָבער קיינמאָל נישט פֿאַלן, אַוועקקייקלען זיך און ערגעץ ליגן בלייבן; קאָנען קיינמאָל צו זייער רו נישט קומען... דאָס בלייערל שטעלט זיי אויף. שטייען זיי, גייען זיי וואַקלענדיק, פֿאַלן און שפּרינגען אויף און וואַקלען זיך ווייטער...

דאָס זענען די מנחם־מענדלס, שלום עליכמס פֿיגורן, מיט וועלכע ער שפּילט, און איר — לאַכט, און מיר — לאַכן...

איז דאָך צווישן הוילע שאָך=פֿיגורן מיט בלייערלעך אין שלום עליכמס מנחם=מענדל אַן אונטערשייד פֿאַראַן. די שאָך=פֿיגורן, הילצערנע פֿיגורן, זענען נאָר קאָמיש; די לעבעדיקע מנחם=מענדלס, דערהויבט — אַ טביה דער מילכיקער — זענען לעכערלעך, אָבער דערצו טראַגיש.

זאָל זיין טראַגי=קאָמיש.

זיי לעבן דאָך, זיי ליידן.

לאַכט איר דעריבער ביי שלום עליכמס ווערק, און אפשר פֿון אייך אַליין אומבאַמערקט, פֿאַרדרייט זיך אייך אַ טרער אין אויג, אַ שטילע טרער.

תפוצות ישראל לאַכט; זאַמלט דאָס געלעכטער, וועט איר האָבן קאַסקאַדן=געלעכטער.

זאַמלט די שטיל=פֿאַרדרייטע טרערן, וועט איר האָבן אַ קרישטאָלענעם טרערן=טייך...

פֿאַרטייטש איך גוט שלום עליכמען?

אַז זיינע ווערק — בין איך זיכער; וואָס אים אַליין אָנ=באַלאַנגט — נישט שטענדיק וויים דער אַרבעטער פֿון טייל, דעם פּלאַן פֿון גאַנצן...

איך וואָלט געקאָנט מיין אויסטייטש באַגרינדן, איז אָבער ווייניק, וואָס שלום עליכם האָט צו אונז געקאָנט קומען נאָך זעקס יאָר קראַנקהייט — מיר ווילן, אַז ער זאָל אונז לאַנג, לאַנג געזונט זיין, לאַנג לעבן און אונזער שימל קראַצן... דערצו איז די לופֿט אין אונזערע הייזער, אויף אונזערע פֿאַרזאַמלונגען

נישט גינסטיק... האָב איך אַ געדאַנק געוואָרפן, און איר, אויב איר ווילט, אַנטוויקלט אים אייך, לעזט נאָכאַמאָל שלום עליכמען קאָנטראָלירט מיין געדאַנק און פּרובט אויס מיין גערעכטיקייט..
איך האַק אָפּ און רוף, און בעט אייך מיטרופן:
געזונט זאָל זיין שלום עליכם!

1913

# אברהם רייזען

(„ערציילונגען און בילדער״, תרס״ג, ווארשא, פארלאג „פראגרעס״)

אברהם רייזען באזינגט די נויט, די איינפאכע נויט. אין זיינע געדיכטן, ווי אין זיינע דערציילונגען און בילדער, זענען „פינף קארטאפל א טראגעדיע״; קרענק, הונגער און קעלט — די דוויכטיקסטע, כמעט די איינציקע מאטיוון... וואלט ער געוואוינט אויף אן ארט אן וואסער, וואלט ער דעם דורשט אויך באנוצט... זער וואלט א דריטע סטרונע באקומען און זי וואלט גע־קלונגען.

באלד, אין דער ערשטער דערציילונג „איוב״, פאלן מיר אריין אין „א לעפיאנקע״, וואו חיים מלמד וואוינט שוין א יאר דרייסיק, דאס הייסט: — זייט ער האט חתונה געהאט. אין „לע־פיאנקע״ איז אייביק נאס און אייביק קאלט, די כלי־בית זענען דורכגעפוילט און דעריבער אויך איז אוממעגלעך זיך אויסצוציען; דער קאסטן, דער טיש וכדומה וואלטן דאס איבערטראגן נישט אויסגעהאלטן, און ניי „מעבל״ קויפן איז ער נישט אין שטאנד.

און די פאמיליע האלט אין איין הוסטן... די גאנצע דער־ציילונג הוסט... ערשטנס — הוסט דער מלמד אליין; די מלמדי־כע, זיין ווייב, און אויך די טאכטער — געלע. ביי געלען, רעכנט רייזען, איז שוין די „לעפיאנקע״ נישט אזוי פיל שולדיק, ווי די ירושה. „א קראנקער טאטע, א קראנקע מוטער; זענען די קינדער

אוודאי קראַנק״. דער „אוודאי״ איז אַפילו „לאו—דוקא״ — נאָר קראַנק איז זי, הוסטן הוסט זי...

אדן געלע איז געל, ווי וואַקס, הויך און דאַר, און די אויגן אירע זענען איבערגעצויגן מיט אַ „טויטן ט־ויער״... ראַטעווען זי איז אוממעגלעך; נישטאָ פאַרוואָס! דער פאָטער, חיים מלמד, כאַפּט אַמאָל אַ גוזמא, און כאָטש ער גלויבט נישט אין „חכמת הרפואה״, גיט ער אַמאָל אַ זאָג: געלע וואָלט געדאַרפט אַ דאָקטאָר. ער האָט שוין אַזאַ טבע צו כאַפּן גוזמאות. אַז עס איז נישטאָ אין שטוב אַ דרייער אויף ברויט און קיין האָפנונג אויף אַ דרייער אויף ברויט, גיט ער אַמאָל אַ זאָג, גלאַט פאַר זיך, אין דער וועלט אַריין: „מען וואָלט געדאַרפט אַ דריירובלדיקע״. נאָר די גוזמאות זיינע, די „גלייכווערטלעך״, געפעלן נישט אין שטוב. „ער הייבט שוין אָן זיינע חכמהלעך״ — ברומט דאָס ווייב.

געלע — ווייניקסטנס איבער דער גאַנצער דערציילונג — שווייגט. די מלמדיכע הוסט ביז יציאת־נשמה, נאָר צו יציאת נשמה קומט נישט; זי הוסט זיך אויס און שרייט ווייטער. דאָס הייסט: זי שרייט ווייטער: ברויט! הערן הערט מען נאָר „חיים מלמד״.

אַחוץ גאַלגן־הומאָר צו כאַפּן אַמאָל אַ גוזמא וועגן „אַ דרייערל״ אין שטוב אָדער אַ דאָקטאָר פאַר געלען, האָט ער נאָך צוויי תענוגים: די „ליולקע״ און „איוב״! אָן אַ ביסל מאַכאָרקע איז ער אויס מענטש. דאָס ווייב זאָגט: „ער פאַרשכורט די פרנסה מיט מאַכאָרקע״ — און אַז עס פעלט אים דער רויך, איז ער געפועלט אַריינצולויפן צו אַ שכן, אַפילו צו אַ „אינו י־ראל״, באָרגן אַביסל מאַכאָרקע... און די ליולקע איז פאַר אים אי אַ תענוג, אי אַ טאָפּלטע רפואה; דאָס הייסט, אי פאַרן גוף אי פאַר דער נשמה: דער רויך צעפירט אים דאָס ליחות פון גוף, וואָס ער וואָלט אַנדערש נישט אויסגעהוסט, און צעפירט אים אויך די בייזע געדאַנקען אין מח, וואָס וואָלטן דאָרט פאַרשטאַרט געוואָרן און פאַרגליווערט ביז שגעון... חיים איז דאָך מלמד, האָט אַ שייכות מיט גרויסע און קליינע אותיות, ווייסט פון שאלות,

וואָס קהלת פרעגט און אַנדערע פרעגן, און ווען נישט די ליולקע, וואָלט ער זיי אפשר פאַרענטפערט גאָר „על פי דרך הטבע”...

פאַר דאָס איז „איוב” שוין אַ פרנסה אויך. איוב־לערנט ער מיט די תּלמידים. דעם נייעם זמן, קומט אַ נייער תּלמיד.

— וואו האַלסטו אין „פּסוק”?

— ישעיה.

— בײַ מיר וועסטו לערנען איוב.

און איובס הקדמה, די סצענע אין הימל, יאָגט ער דורך געשווינד... דאָס איז בײַ אים, ווי אַן איבעריקע זאַך.

זינגענדיק־וויינענדיק הויבט ער ערשט אָן, ווען איוב עפנט דאָס מויל און פאַרשעלט דעם טאָג פון זיין געבוירן.

און באַלד פאַרגעסט ער, אַז ער האָט תּלמידים פאַר זיך, הערט נישט זייער נאָכזאָגן מיט אַלע גרייזן; ער לערנט און זינגט וויינענדיק פאַר זיך!

---

טראַגי־קאָמיש איז יענקל ליבערמאַן („צוריק אויף דער שטעלע”), וואָס דינט אין וואַרשע פאר דריי פּאַים. פאַרבענקט זיך אַמאָל אויך אויף יום־טוב אַהיים, אין קליינעם שטעטל אַריין — עס וועט זיין אַ נחת: ער וועט אייך דערציילן וועגן וואַרשע... אַ שפּאַס וואַרשע! ער וועט דערציילן פון בולוואַרן (אַ שטיקל טעות, ליבערמאַן און אפשר רייזען מיינען: פּאַריז), וועגן טעאַ־טער, גערטנער, קאָנדיטאָרייען... און ער קומט און פאַלט אַריין! עס גייט נישט! די צונג דרייט זיך דערצו נישט איבער, און אי־בעוויניק, אין האַרץ, ווילט זיך אים גאָר עפּעס אַנדערש זאָגן, קלאָגן זיך אויף וואַרשע, אויפן פינסטערן לעבן דאָרט!

פון מויל דאַרפן אַרויספליען קאַרעטן, ווייניקסטנס דראָש־קעס, גומענע רעדער; נאָר — רעד פון פרעמדן נחת, אַז פאַר די אויגן שטייט אים זיין פאַרחושכט צימערל אויף דער נאָוואָ־ליפּקע... אויך אינטערעסירן נישט די זאַכן נישט דעם, אַלטן טאַטן

און נישט דער מאַמען! זיי ווילן בעסער הערן עפּעס וועגן
אַ תּכלית: פאַרדינט מען עפּעס געלד?

און זיי באַמערקן באַלד, אַז יענקל פּראַלט אין דער וועלט
אַריין, אַז „עס איז נישט"...

— אמת! — ענטפערט די פּאָטער.

און יענקל צעגיסט זיך דאָס האַרץ. אַצינד וואָלט צייט געווען אויסצוזאָגן דעם אמת, נאָר דער פּראַלער ליגט פון אויבן אָן און טוט מעשים. כאַפּט ער און שיט אויס אַ ליגן: „נאָך דריי טעג רייזע זעט מען נישט אויס בעסער"... דריי טעג? — וואונדערט מען זיך — פון וואַרשע פאָרט מען נאָר איין טאָג!" —
„אָבער דאָס קלייבן" — ענטפערט יענקל און פאַרלירט זיך, וואָרום ער האָט נישט געהאַט וואָס צו „קלייבן" — וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער אויפן לייב געבראַכט. און פון דעם, וואָס ער האָט געבראַכט, האָט ער אויך „צרות"... ווייניקסטנס אין גאַס: צי זאָל ער זיך עפענען דעם פּאַלטאָ און ווייזן דעם ראָק, אָדער באַהאַלטן דעם ראָק און ווייזן דעם פּאַלטאָ. ביידע זענען פיל נישט ווערט...

צרות, נאָר יענקל וויל זיך האַלטן אויף דער מדרגה, און, אַז ער שלאָגט נישט אָן מיט קאַרעטן, בולוואַרן וכדומה, כאַפּט ער זיך אויף שולן און בתּי מדרשים. בתּי מדרשים אפילו (אויסער אויף דער גנאָינא) נישט פאַראַן, אָבער שולן... דאָס הייסט: קיין שולן אויך נישט (אויסער צוויי), נאָר „שטיבלעך" מיינט ער...
דאָרט דאַווענען חסידים... ממש משוגעים... קאַפּאָטעס, שטריימלעך... און מען רעדט: ענקער, יאַך, סאַרנע...

ער רעדט און אַלץ אַרום איז שטיל...

מען הערט נישט וועגן תּכלית. די מוטער הויבט שוין אָן צו קלערן: „גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ מיאוסע פּרנסה ער האָט דאָרט".

„געוואַלט, וואָס שעם איך מיך?" — רייסט זיך יענקל אין אייגענעם האַרץ. נאָר דער פּראַלער לאָזט נישט; ער שווימט שטענדיק און לייכט אַרויס.

און אַז דער פעטער פרעגט אים: „בלייבסט שוין אַ היגער,

יענקל?" — כאַפּט ער זיך אַרויס „ניין", און ער באַרוהיקט זיך ערשט, ווען ער איז שוין „צוריק אויף דער שטעל", אין פאַרחושכטן שטיבל, אויף נאָוואָליפּקע, אין וואַרשע.

אָרעמקייט איז נישט קיין שאַנד, נאָר אַ בושה איז עס...

(נישט געענדיקט)

1903

# דוד פינסקיס „פאמיליע צבי"

פאראן אייביק־פראגן, אייביק־רעטענישן.

אונזער קערפּער, מיט אַלע זיינע געפּיל־אינסטרומענטן וועט אייביק שטיין קעגן זיי אומבאַהאָלפן, אומגעלומפערט און אָפּ־הענטיק, און די פאַרבענקטע, צום קוואַל פון וויסן אייביק דורשטיקע נשמות וועלן שטענדיק זיי אַרומפלאַטערן מיט די שוואַכע פליגל, און זיי אָפּברעכן, ווי זומער־פייגעלעך ביי א פלאַם.

דאָס איז דער קוואַל פון אייביקן האַרץ־ווײ, נשמה־מאַ־טערניש, וועלט און מענטשן שמערץ — דער אייביקער קוואל פון פּאָעזיע.

אַ קערפּערלעכע וואונד פליסט אויס מיט פוילעניש און טויט; זעלישע וואונדן — מיט פּאָעזיע, נשמות־קרענק — מיט פערל!

וועלט — לעבן און טויט — ליבע און האַס... אָט דאָס זענען די פראגן... דאָס זענען די קלאַנגען פון אונטער דער ערד, פון איבער די וואָלקן, פון אַלע ווייטן און ברייטן, וואָס וועקן אונז פון טיפסטן שלאָף, וואָס טרייבן די שענסטע אדם־וחוהס פון גן־עדן אַרויס, וואָס יאָגן אונז אָן אויפהער אויף דעם ברייטן אומענדלעכן לעבנס־וועג פון פאָרשטעלונג צו פאָרשטעלונג, פאָרם צו פאָרם, וועלטן צו וועלטן, און אפשר פון חלומות צו חלומות, פון זייפן־בלאָזן צו זייפן־בלאָזן — ווער ווייס?

אָבער אונזער לעבן וואָלט צו אַ זומפּ געוואָרן, ווען גאָטס ווינטיקער אָטעם זאָל נישט בלאָזן איבער דעם וואסער און

טרייבן אונזערע שיפֿלעך אַלץ ווייטער און ווייטער צום קוים געחלומטן ברעג...

און דאָס טרייבן אויף דעם וועג פֿון לעבן ווערט וואָס אַמאָל האַסטיקער; די ערד ברענט וואָס אַמאָל מער אונטער די זוילן, די האַלט־סטאַציאָנען ווערן וואָס אַמאָל זעלטענער, די רו־צייטן קירצער, וואָס אַמאָל שטירצן ראַשער אַלטע וועלטן, וואָס אַמאָל ווערן ראַשער נייע געבויט, אום ווייטער נאָך ראַשער צו שטירצן...

וואָס טרייבט? וואָס איז וועלט? וואָס איז לעבן און טויט, ליבע און האַס, וואָס בויט און צעשטערט, וואָס רופֿט צוזאַמען און וואָס צעטרייבט? דאָס זענען די אייביקע פֿראַגן, מיט דער צייט ענדערט זיך די פֿאָרם. עס טוישט זיך דער אָרקעסטער, עס טוישן זיך אויך די אינסטרומענטן, די סימפֿאָניע בלייבט דיזעלבע... די שפּראַך ווערט געענדערט, נייע אַקטיאָרן טרעטן אַרויס און שפּילן האַמלעט. דער תּמצית, די פֿראַגע: זיין אָדער נישט זיין — איז דיזעלבע!

פֿאַראַן אויך צייט־פֿראַגן...

אַזעלכע געהערן נישט דעם אינהאַלט, באַרירן נישט די נשמה פֿון דער וועלט, נאָר די פֿאָרם, דאָס, וואָס עס בייט און פֿאַרוואַנדלט זיך... נישט די שלאַנג, נאָר די הויט, וואָס זי ווערט באַלד פֿון זיך אַראָפּוואַרפֿן, אום אַ נייע אויף זיך צו נעמען.

יעדע עפּאָכע האָט איר פֿולס, איר נערוו, איר אייגנאַרטיקע בלוט־שלאַג און איר אייגענע, היציק־מאַכנדיקע אינטערעסן...

זענען זיי אויך דיכטער־מאַטעריאַל?

אין געשטאַלט פֿון פֿ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ה י י ט און צ וּ ק וּ נ פֿ ט!

מיט פּיעטיזם באַהאַנדלט דער היסטאָרישער ראָמאַן דעם נעכטן, וואָס גייט אָפּ אין ווייסע תּכריכים געוויקלט. פֿאַרבאָרגנדיק אין זיך דעם סוד פֿון פֿאַרגיין און פֿאַרשווינדן... אויף פֿאַרשידנפֿאַרביקע האָפֿנונגס־פֿליגל פֿליט די אוטאָפּיע קעגן נאָך אין אומגעפּאָרמטן נעבל געהילטן מאָרגן און זאַפּט מיט דורשטיקע אויגן זיינע פֿאַרחלומטע שטראַלן...

דעם „..יינט״ מיט זיין נויטוועגדיקער לאָגיק, קליינע אינטערעסן, קליינע טוגענדן און פארברעכן מוז דער קינסטלער איבערלאָזן דעם כראָניקער, דער פּאָליטיק־שרייבער און מאַכער — דעם גאָראָדאָוואָי!

די געגנוואַרט קען נאָר פּראָטאָקאָלירט ווערן אין אַ רעאַלן ראָמאַן א־לאַ בערשאדסקי, אונזער אַמאָליקער היימיש־געבאַקענער זאָלאַ. זי קאָן געבן זאָגאַר קונסט־פאָטאָגראַפיען, אָבער קיין קונסט.

דער קינסטלער מוז האָבן די פּערספּעקטיווע פון דער צייט: דאָס וואָס איז פאַרגאַנגען אין לעבן קאָן אויפשטיין אין ליד; דאָס וואָס איז נאָך נישט געשען, קען ווערן געחלומט, דאָס אַרומיקע קען העכסטנס זיין ליטעראַטור, געוויינלעך — נאָר סעזאָן אַרבעט!

מיט אייביקע פראַגן, וואָס הויבן די פּערזאָנען צו דער הייך פון סימבאָלן, באַשעפטיקט זיך אין אונזער ליטעראַטור פּרץ הירשביין, זעקס און צוואַנציק יאָריקער יונגער שרייבער פון פּערצן דראַמען. דאָס זענען די טרויעריק זיסע ליליען־גלעקלעך וואָס קלינגען אין זיינע „קברים בלימלעך״ און „ביי דעם ברייטן וועג...״ דאָס זענען די ליכטשאָטן, פון וועלכע ער שפּינט „איינזאַמע וועלטן״. אַנדערע געהערן צו דער צייט, וואַקסן אין איר און וועלן ווערן דורך איר צעשטערט...

שלום עליכמס „צוזייט און צושפּרייט״ איז אַ קונסט־פאָטאָגראפיע אויף דער גרענעץ צווישן קאָמעדיע און פאַרס. שלום אַשס „משיחס צייטן״ — דער „חלום פון מיין פאָלק״ — אַ מאָלעריש צייט־בילד, נאָר אַ געפליגלטס, וואָס רירט מיט די שפּיץ פליגל די העכסטע סימבאָליק... טשיריקאָווס „יידן״ — אַ סעזאָן־אַרבעט, אַ סצעניזירטע כראָניק מיטן פּאָגראָם אויף דער סצענע, ווייבער זאָלן חלשן...

וואָס איז די פאַמיליע, צבי?

דאָס איז די פראַגע!

---

„ביים אָפענעם קבר פון די קעשינעווער הרוגים — שרייבט פינסקי אין זיין הקדמה — ווען זייער בלוט האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט פאַרטריקנט צו ווערן, האָב איך פאַרטראַכט און אָנגעהויבן צו שרייבן מיין „פאַמיליע צבי״...

ער האָט געזינדיקט קעגן דער צייט, און די צייט האָט זיך אָן אים נוקם געווען...

אַ קורצע צייט איז אַריבער, די מאַכינאַציע פון פּאָגראָם איז אַנטפּלעקט און קלאָר געוואָרן. מיר שטייען שוין נישט קעגן אַ שרעקלעכן סוד, מיר האָבן צו טון מיט אַ געמיינעם, שרעקלעכן און אין איינוועגס עקלהאפטן פּאָליטישן פאַרברעכן. די זאַך גייט איבער צום אונטערזוכער, צום ריכטער, צום תלין, צו ווען איר ווילט, נאָר פון דיכטערס האַנט פאַלט זי אַרויס. וואו איז דער טאָג פון דעם דין וחשבון, פון וועלכן פינסקי רעדט אין זיין הקדמה?

דער פּאָגראָם איז נאָך נישט אַריבער צו דער פאַר־גאַנגענהייט. מיט שרעק פאַר אַ פּאָגראָם גייט מען נאָך צו די וואַל־אורנען. עס לעבט נאָך די שוואַרצע מאָה, די זעלבסט־הערשונג צאַפּלט זיך נאָך, און ביי יעדער קאָנוואולסיע קענען פאַרגאָסן ווערן גאַנצע טייכן אינטעליגענטן און יידן בלוט — כוליגאַנעס און געהאָרכזאַמע מיליטער פילן נישט, אָדער איבער־בויען אונזער וועלט־אָנשויאונג צוליב פּאָגראָמען וועלן מיר שוין נישט, און אַז פינסקי זאָגט, אַז ער רופט זיין פאָלק צום באַרג סיני, וואו ער וועט זיי געבן אַ נייע תורה — הערן מיר און — שמייכלען...

אַ צייט־ווערק איז פאַמיליע צבי און פאַרגייט מיט דער צייט.

די רוסישע צענזור, וואָס האָט גענויט ביאַליקן, ער זאָל זיין זאַך רופן אָנשטאָט „משא קעשינעוו״ — „משא נעמיראָוו״, האָט דער זאַך אַ טובה געטאָן. זי האָט זי איבערגעטראָגן צוריק אין דער קינות־סליחות־און תחנות־צייט, און די זאַך איז אַ פּאָעמע געוואָרן. פינסקין, דערמיט, וואָס זי האָט זיין ווערק צו שפילן פאַרווערט, האָט זי אַ רעה געטאָן. אין פּאָגראָם־צייט וואָלט עס אַנדערש אויסגעזען... סעזאָן־אַרבעט!

„דער פּאָגראָם אַליין — האָט פּינסקי געוואוסט — איז נישט קיין ליטעראַרישע טעמע".

„קיין קונסט־ווערק איז נישט אימשטאַנד איבערצוגעבן אַ פּאָגראָם־טראַגעדיע אין איר גאַנצער שוידערהאַפטיקייט, ווי זי שפּילט זיך אין דער ווירקלעכקייט אָפּ". הייסן, ווי טשיריקאָוו טוט, שיסן און שטעכן אויף דער סצענע, שפּילן אויף היסטערישע נערוון וועט ער נישט...

ביאַליק קומט אויך נישט צו דער „שחיטה שטאָט" בשעת פּאָגראָם, נאָר נאָכן פּאָגראָם, און לויפט אַרום ווי אַ „משוגענער נביא" (דר. עליאַשעוום אויסדרוק) צווישן די חורבות, צווישן די מויערן מיט שוואַרצע לעכער ווי שוואַרצע וואונדן, שפּרייזט איבער פּעדערן און שמות, טרעט אויף צעבראָכענע כּלים, ספרים־פּאַרמעט, אויף שטיקער צעפּלאַצט לעבן, זעט פאַרטריקנט בלוט, צוגעטריקנטע שטיקער געהירן, די שאָטן פון קדושים, וואָס מען האָט, ווי לעמער געשאָכטן, דאָס בערגל מיסט, וואו מען האָט דעם ייד מיט זיין הונט מיט איין האַנט געקעפּט, און די חזיר־צונג, וואָס לעקט ביידע בלוטן... די על פּי נס לעבן געבליבענע חשמונאים און בר כּוכבאס, וואָס האָבן זיך אין מיסט פאַרשטעקט און די חזירים־שטעלכעלעך באַהאַלטן, די פעטער, מענער, ברודער און חתנים, וואָס האָבן געזען, ווי זייערע טעכטער, ווייבער, כּלות און שוועסטער האָבן אונטער דעם גוי און זיין האַק געצאַפּלט און געוואונשן זיך רואה ואינו נראהס צו זיין... ער זעט די קבצנים, וואָס נעמען נאָכן פּאָגראָם און נייען זיך טאָרבעס, און לייגן פלייש און בלוט פון קדושים אַריין און לאָזן זיך דערמיט אויף דער וועלט, און ער שעלט, און וואַרפט דעם בלוטיקן שאַנד־פלעק גאָט און דער כּנסת ישראל אין פּנים אַריין. פּינסקי אָבער האָט געוואָלט געבן דעם פּסיכאָלאָגישן פּראָצעס, וואָס איז געשען און געמוזט געשען אין דער נשמה פון פאָלק, און אויסגעוויילט אַלס אונטערלאַגע דאַצו האָט ער די „פאַמיליע־צבי", וואָס האָט זיך, ווי דאָס פאָלק, צעשפּאָלטן און צעשפּליטערט... דער זיידע משה מגיד איז אַ פרומער. גאָט גלויביקער ייד, זיין זון יעקל — אַ סוחר, וואָס האָט זיין נשמה אין

קראָם פאַרשטעקט, און זיין האַרץ פאַר אַ ווערמיקע נעסט פון גראָשנדיקע אינטערעסן געמאַכט. זיין שנור מיניע, אַ שטיל־שווייגנדיקע יידענע, וואָס האָט נאָר אײן גאָט, פאַר וועלכן זי קען זיך אויסגיסן דאָס האַרץ... און אייניקלעך: אידא, וואָס טויפט זיך, לעאָן — אַן אַסימיליאַטאָר, וואָס ווערט אַ בעל תשובה, ליפמאַן — אַ ציוניסט, ראובן — אַ סאָציאַל דעמאָקראַט!

אויף דער רואינע פון יידישן הויז וועט זיך אָפּשפּילן דער פּאָגראָם־פּראָצעס, דאָ וועלן זיך אָנהויבן די שרעקלעכע „פאָר־געגנגע...״

---

מיט דער צעשלאָגענער יידישער פאַמיליע טרעפן מיר זיך ביי טשיריקאָוו, שלום עליכם און אַש אויך.

שלום עליכמס מאיר טשאָלנט און זיין ווייב, די געוועזענע פישערקע, באַקומען אַ קערבל, ציען זיך איבער קיין וואַרשע, און דאָ ווערט די פאַמיליע צעשפּליטערט, ווי אויף אַ יריד ווערן זיי פאַרלוירן. מאָטוניע האָט זיך אויסגעלערנט כאַפּן אַ קערטל און שניידט זיך אויף אַן אַלפאָנס... פלאָראַ ווערט אַ גרושה פענדע־סיעקל און אַנטלויפט מיט אַ נאַקעטן פּראָוויזאָר צו בענטשליכט. חנה, וועלכער מען שיקט אָפּ די תנאים, רייסט זיך קיין בערן. פרעג דעם פּאָטער בחרם, וואו בערן ליגט. ער קען רעכט נישט נאָכזאָגן דאָס וואָרט. חיים ווערט ציוניסט, חיים מיט „שוואַכע הענט״ וויל אַקערן ערד, ווי אַ פּויער! וואָלאָדיע ווערט אַ „חברה מאַן״, ווי שלום עליכם רופט אים צוליב דער געוועזענער צענזור... און סאַשקע דאָס בן זקונימל שפּילט זיך מיט הינטלעך און קעצלעך און שרייט: וועלאָסיפּעד!

אינם מאָלערישן „משיחס צייטן״ קלאָגט זיך מלכה די באָבע:

„ווי זאַלץ אין וואַסער איז זיך דאָס צעשוואומען... ווען עס האָט דער ווינט אין ווייטע לענדער געטראָגן, ווען עס האָט די כוואַליע איבערן ים געיאָגט... איז אַן אייניקל צוגעקומען —

האָבן זיי דעם טאַטן מיט דער מאַמען אַ פאָטאָגראַפיע געשיקט... חומש אָנגעהויבן — אַ פאָטאָגראַפיע געשיקט; בר־מצוה — אַ פאָטאָגראַפיע... גיי האָב נחת פון פאַפירענע קינדער פון פאַפי־רענע אייניקלעך...

און אז מען קומט זיך אַמאָל צוזאַמען, אַז מען עפנט די יום־טובדיקע טיר אויף קבלת פנים, וואָס פאַר אַ קאָנטראַסטן עס קומען אַריין. „פון איין טראַכט, פון איין בעט איז עס ארויס געקראָכן" און צוריק געקומען אַזוי ווילד פרעמדע!

יעדערער טראָגט זיך אַרום מיט זיין גאָט, זיין משיח און זיין אייגענעם חלום!

ביי טשיריקאָוון גייט עס אייגפאַך צו: אין איין שטוב געבוירן און ערצויגן, נישט צעשיידט זיך, נישט איבערגעפאָרן אין אַן אַנדערער צו־גרויסער סביבה, וואו איינער פאַרלירט דעם צווייטן, אָן קונצן ווערט איינער דאָס, איינער יענץ... און כדי איר זאָלט קיין טעות נישט האָבן און וויסן, מיט וועמען איר האָט צו טון, הייסט ער די פערזאָנען ויכוחים האָבן, רעדן, יע־דערער שטעלט זיך אַליין פאָר און היציק, און אויפן בעסטן אויפן...

דאָס זעלבע מיטל האָט, ליידער, פינסקי אויך באַנוצט.

אויף דער גרענעץ צווישן קאָמעדיע און פאַרס פליען שלום עליכמס פיגורן ווי ראַקעטן פאָרביי און צייכענען און שניידן זיך אָפּ איינער פון צווייטן אינם פלוג. ביים מאָלערישן שלום אַש אין „חלום פון זיין פאָלק" רירן זיך פאַרשידנאַרטיקע מאַלערישע פלעקן. אָט זעט איר זיי באַזונדער, אָט גיסן זיי זיך צוזאַמען אין אַ גרויסאַרטיק שטימונגס־און וואונדער־בילד... ביי פינסקין ווערן בשעת פּאָגראָם, כל זמן ער קומט נישט צום פענסטער און קלאַפּט נישט אָן אין טיר, רעדל־פירערישע ויכּוחים געפירט... ראובן, וואָס דאַרף אין לעצטן מאָמענט זיגן איבער די כּוליגאַנעס, ליפּמאַן וואָס וויל, ווייל ער קאָן נישט לעבן, ווי אַ מענטש, שטאַרבן ווי אַ מענטש, שטייען אין פּאָגראָם־צייט און רעדן אויספירלעך פון אַלף ביז תּי"ו איבער אַסימילאַציע, ציוניזם און סאָציאַליזם. גלייך

זיי טרעפן זיך דאָס ערשטע מאָל, און דערנאָך זאָגט אַ גבור צו דער מוטער גאַנץ איינפאַך:

— לאָז, זיי אַ מענטש! מיר האָבן זיך אַזוי אויך פאַרשפּע־טיקט...

די גבורים, ווי משה מגיד זאָגט, האָבן פול מויל מיט צונג...

---

די פאַמיליע צבי איז אָבער נאָר דער פּאָן; די טראַגעדיע טראָגט אויף זיך משה מגיד!

וואָס איז משה מגיד? ווי אַזוי רעאַגירט ער אויף פּאָגראָם?

אחרון של פסח, סוף סעודה. אַ פּאָגראָם שטימונג.

— גאָטעניו — הויבט אויף משה מגיד די הענט צו גאָט פאַרן בענטשן — דו זעסט מיין האַרץ! געפאַסט וואָלט איך דיר בעסער, מיט אַ בייגל און אַש וואָלט איך דיר אָפּגעפאַסט, ווען דאָס וואָלט נאָר דיין הייליקער יום טוב נישט געווען!

— פאַררעכן מיר — בעט ער זיך — מיין עסן, ווי אַ גרויסן קרבן און ווענד אָפּ פון דיין הייליקער תורה (?) און דיין פאָלק ישראל דעם נייעם חורבן! און נעמט זיך צום בענטשן.

בשעת ער בענטשט, שטעלן זיך זיינע אייניקלעך פאַר פאַרן פּובליקום אין געשטאַלט פון אַ ויכוח איבער ציוניזם, סאָ־ציאַליזם און אַסימילאַציע, אין אַן אויספירלעכן ויכוח, גלייך זיי זעען זיך צום ערשטן מאָל און גלייך עס וואָלט אין דרויסן קיין פּאָגראָם נישט געווען...

לעאָן גלויבט נישט אין פּאָגראָם. ליפּמאַן וויל זעלבסט־שטענדיקייט אויפן גרונט פון באַזעלער קאָנגרעס. ראובן וועט באַפרייען די וועלט מיט ס אָ צ י אַ ל י ז ם, יעקעל שפּרינגט אויף — און זיין שטוב זאָל מען דאָס וואָרט נישט דערמאָנען, און מיניע זאָגט: זייער גוט, ליפּמאַן וועט ברענגען משיחן פאַר כל ישראל. ראובן וועט אַמאָל אויסלייזן די גאַנצע וועלט, אָבער דער־ווייל וואָס טוט מען? דערווייל?

— ענטפערט, אָדער גייט צו אַלדע שוואַרצע יאָר. אָדער קערט זיך אום צו גאָט, — מישט זיך שוין דער אָפּגעבענטשטער משה מגיד אַריין אין ויכּוח.

— דערווייל איז שלעכט, זאָגט ראובן. ליפּמאַן רעדט פון געדולד און אויסהאַלטן...

— מיט וואָס פאַר אַ כּח? — פרעגט משה מגיד.

ביז אַהער איז אונזער כּח געווען אין גאָט, די געדולד אין דער אמונה. און דאָס נעמען זיי, די אפּקורסים, גאָט־לעסטע־רער, די לצים צו. פאַרדאַרבן זענען זיי אין זיינע אויגן, נישט קיין העלפער, צעשטערער, נישט קיין אויפבויער. וואָס ווייסן זיי, וואָס ווילן אויסרייסן ביי גאָט די לייצעס פון האַנט און אַליין פירן די וועלט, פון גוט און שלעכט, גלייך און קרום? די שפּראַך איז אַפילו נישט מגידיש, בפרט דער משל פון אַ פעלזן אינמיטן ים אויף כּנסת ישראל, נאָר דער תּמצית איז קלאָר: אַלץ איז פון גאָט: ער שטראָפט, ער טרייסט און לייטזעליקט... משה מגיד איז זיך נאָך נישט איבערגעוואַקסן.

נאָר אז ראובן און ליפּמאַן לויפן צום זעלבסט־שוץ, און ליפּמאַן רופט אויס: קאָנען מיר נישט לעבן, ווי מענטשן, זאָלן מיר שטאַרבן, ווי מענטשן — פאַלט דאָס וואָרט אויף משה מגידס האַרץ און באַפרוכטפערט עס, און ער צינדט זיך אָן און פּערע־פראַזירט דעם זאַץ אויף זיין אויפן: „קאָן מען נישט לעבן, ווי יידן, זאָל מען שטאַרבן, ווי יידן"... און ער לויפט זאַמלען גאָטס חיל צו ראַטעווען די שול מיט די רייניקייטן, און לויפנדיק וואַקסט ער ביז צום גלגול פון מתּתיהו כּהן גדול...

אָט מיניע וויל אים פאַרהאַלטן, שרייט ער: איך וועל שילטן! ער האָט זיין קראַפט דערפילט! אַז לעאָן וויל אים פאַר־טרעטן: מיך ווילסטו ראַטעווען? אַוועק, אַ מחלל השם צווישן מקדישי השם וועסטו זיין! אים וואָלט ער די שול־טיר פאַר דער נאָז פאַרמאַכט... גאָטס חיל וועט זיך באַגיין אָן אים! נאָך אים, נישט נאָך ליפּמאַנען, נישט נאָך ראובנען וועט גיין דאָס פאָלק. ער זאָל זיין דער איינציקער און דער לעצטער, ווי זיי זאָגן. ער זאָל נישט האָבן הינטער זיך דאָס פאָלק, וואָלט ער לאַנג אויף

זיך דעם טויט געבעטן... און מיט זיין קראַפט אין אים, וואַקסט זיין גלויבן ביז צום בלינדן אָפּטימיזם... צוויי בטלנים טרעפט ער אין שול — לויבט ער גאָט! עס ווייזט זיך אָבער אויס, אַז זיי זענען קיין גבורים נישט, נישט תורה האָבן זיי געלערנט בשעת פּאָגראָם, נאָר פון עסן גערעדט, און ווילן קיין גראָב אייזן און קיין האַק אין האַנט אַריין נישט נעמען און רעכענען זיך, אויב דער פּאָגראָם וועט קומען, צו באַהאַלטן זיך אונטער דער שול צווישן די חזירים — דערפילט ער, אַז גאָטס חיל מוז ערשט געזאַמלט ווערן און גאָט האָט עס אים פאַרן זאַמלער געמאַכט! מתתיהו כהן גדול האָט אליך אַזוי געטאָן.

און צום פאַבריקאַנט הירשמאַן, צום פרומען גבאי לויפט מתתיהו כהן גדול און טרעפט דאָרט דעם רב מיט צוויי דינים, איינעם אַ שטומען, דעם צווייטן אַ קראַנקן — אויף — ביי פינסקי ווערט עס אַרויסגערעדט...

— אדירי התורה! — קומט ראַטעווען די שול!

און אַז זיי גייען נישט, אַז מתתיהו כהן הגדולס: מי לה אלי בלייבט אָן אַ ווידערקלאַנג אין האַרץ — שילט ער!

און לויפט ווייטער.

אין אַ וואַלד האָבן זיך יידן באַהאַלטן און דאַווענען מנחה, ער רייסט זיי פון שמנה עשרה אַוועק, זיי לאָזן זיך נישט. דערנאָך זאָגן זיי תהלים... ער לויפט אַליין צו דער שול, האַלט אָפּ אַ בחור, וואָס ראַטעוועט אַ מיידל: די שול איז בילכער. האַלט אָפּ די זעלבסט־שוץ, וואָס ראַטעוועט יידיש לעבן, האָב און גאָב, אין רופט צו די רייניקייטן... אַלע אַנטלויפן, איין טויב־שטומע בעטלערין בלייבט ביי אים, ווען ער פאַלט ביים ארון קודש אין מיטן קלאָגן זיך פאַר גאָט...

דאַמאָלט שרייט ראובן אַריין דורך אַ שול־פענסטער: מיר זיגן! און די קאָרטינע פאַלט...

---

די קאָרטינע פאַלט און איר פרעגט אייך: וואָס איז משה מגיד: מענטש צי סימבאָל?

און ווער איז די שול? אַ סימבאָל צי טאַקע די שול, וואו מען טרינקט י״ש און מען שלאָגט זיך איבער עליות, ווי דער יונגער הירשמאַן זאָגט.

און איר דערמאָנט אייך נאָך אָן דעם שול־הויף מיטן מיסט, וואו די חופות ווערן געשטעלט... אָן די הייזלן אונ־טער דער שול, וואו די חזירים האַלטן זיך און בטלנים בר־כוכבאס באַהאַלטן זיך... און אָנם סופר, וואָס שרייבט די ריי־ניקייטן... און איר פרעגט נאָך:

— צי מעג מען ע״פ דין גאָר זיך מוסר נפש זיין דערויף? משה מגיד איז דאָך אַ פרומער ייד!

---

און וואָס ווייטער? — פרעגט איר — וואו איז דער בארג סיני, די נייע תורה?

שלום עליכם האָט גאָרנישט צוגעזאָגט, ער האָט איינפאַך און אָן אַ שום פּרעטענזיע געמאָלט אַ חורבה פון אַ יידיש הויז, און ער ענדיקט מיט דער חורבה, ווען מאיר דער גביר און זיין ווייב די געוועזענע פישצרקע דערזען זי!

דער גראַף איז געקומען, מאיר זיין פאַקטאָר, זיין קנעכט, זיין יועץ, זיין שטיוול־קושער לויפט, איילט צום גראַף און בלייבט אינמיטן שטיין.

— מלכה (רייבט זיך דעם שטערן), וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? — איך האָב עפּעס דיר געוואָלט זאָגן... און וואָ־לאָדיע זיצט?... און די איבעריקע קינדער?

— צעזייט און צעשפּרייט, -- ענטפערט מלכה.

— האַ? — וואָס זאָגסטו, מלכה? וואו זענען אונזערע קינדער? ער פאַלט צו צום טיש און וויינט... איינפאַך, און אַ וועלט איז איינגעפאַלן... מאירס וועלט, דאָך אַ וועלט, און עס איז דערפון אַ חורבה געוואָרן...

פון ביאליקן האָט מען זיך אויף קיין גוטס נישט צו ריכטן...

דער „משוגענער נביא״ — ווי דר. עליאַשעוו רופט אים —

דער מענטש מיט דער שטאָלענער שפּראַך, דער מאַרמאָר־סקולפּטאָר איז דאָך וואָס אַנבאַלאַנגט דער וועלט־אָנשויאונג, דערווייל נאָר אחד־העמס תּלמיד, דער אָפּגאָט פון אָדעסער קלייזל... וואָס שליסט אויס דאָס ייִדישע פאָלק און בליט אויסשליסלעך נאָר אויפן בעל־בתּיש־לשון־קודשן... און דאָס — זענען טרוקענע ביינער אין יחזקאלס טאָל, נאָר אָן האָפנונג אויף תחית המתים... דער קלייזל־גאָט איז זיכער באנקראָט, און דאָס קלייזל אליין צעקריכט זיך אויף שבעה ימים... און די, וואָס בלייבן, ווערן פאַרוואָגלטער פון טאָג

... איר פוילט און פאַלט,
איר ווערט פון טאָג צו טאָג מער אַלט,
און אָפּגעלאָזט האָט זיך די האַנט,
אָן ערנסטער זיפץ, אַ הייסע טרער —

האָט ער נאָך פאַרן קעשינעווער פּאָגראָם אין „לעצטן וואָרט" געזונגען...

נישטאָ וועמען צו טרייסטן, וועמען אַ בשורה אָנצוזאָגן, וועמען א וואונד צו פאַרבינדן, נישטאָ וועמען די נשמה צו שענקען.

הערט, טויבע, הערט! — רופט גאָט.

עס גייט אַ טאָג,
איך לאָז אַרויס אַ זון פון רעכט
און וועל די וועלט מיט ליכט באַגיסן —
נאָר איר אַליין וועט בלייבן קנעכט
און וועט קיין טראָפּן ליכט געניסן...
און בלינדערהייט מיט זין און טעכטער,
וועט איר ארומלויפן פאַרסמט
אַהין, אַהער, פאַר טויזנט מייל,
און בעטן חלשן אַ שטראַל...
נאָר אייך באַגעגנט אַ געלעכטער,
וואוהין איר קומט, האָט איר פאַרזאמט...
איך שיק אַראָפּ אַ מילדן גייסט,
וואָס פרישט, ווי טוי פון גאָט, און ווייזט
אַ נייעם וועג צו נייע הימלען —

נאָר איר וועט טרוקן זיין, ווי שטרוי
און נישט אויף אייך וועט פאַלן טוי.
איר? — איר וועט אייביק פוילן, שימלען.
און אויב ס'איז נאָך פון פריער געבליבן
אַ פונק פון גייסט, געפיל און גלויבן,
אַן ערנסטער זיפץ, אַ הייסע טרער —
וועל איך דאָס אייניציקווייז אָפּרויבן,
און אייער האַרץ וועט בלייבן לער
אָן טעם, אָן ריח, אָן לייב און לעבן...

זיי וועט קיין רעוואָלוציע נישט מיטרייסן, קיין שופר־של־משיח נישט וועקן...

ביי שלום אַש אין „משיחס צייטן" גייט נאָר אַן איינציקער אַנדריי, וואָס דער פאָטער האָט אים נישט פאַרזאָרגט, נישט מיט קיין גאָט און נישט מיט קיין משיחן – פאַרלוירן. ער אַליין האָט קורצע הענט און וועט דאַצו נישט דערגרייכן. יוסטינאַ בלייבט אויפן אָרט, טוליעט זיך צו דער פוילישער ערד, וועט ביזן גרויען צאָפּ אַריין חלומען פון אסתרקע און אפשר אַזוינע ווערן...

נאָר אין דער היינטיקער דעמאָקראַטישער צייט וועט מען מוזן יוצא זיין מיט אַ קלענערן מיוחס אַלס אַ קעניג... סוחרים גייען צוריק צו וואָג און מאָס, פאַבריקאַנטן צו זייער אינדוסטריע, אָבער די, וואָס גייען אַריבער דעם שלאַגבאַן, די ווערן געּ רופן... אַ נייער נס קלינגט איבער טאָל און באַרג, אַ ניי, וואונ־דערלעך לעבן וועקט זיך פאַר זיי!

וואָס פאַר אַ לעבן?

אַש, דער מאָלער, האָט נישט און דאַרף קיין תורה נישט האָבן! „אַ חלום פון זיין פאָלק" האָט ער געגעבן... מאָלט אייך ווי און וואָס איר ווילט... נאָר פון דער ווייט און פון דער הויך וועט עס קומען! און אפשר דרימלט עס ביי אייך אין האַרץ? וועקט עס!

אָבער מיט וואָס ענדיקט זיך ביי דוד פינסקי?

משה צבי איז געפאַלן... דאָס אַלטע יודנטום פאַרגייט. אמת, וואָס ווערט אויף דעם אָרט געבויט? יעקל וועט נעמען פון יק"א אין אנדערע צדקה־חברות און וועט דערפון זיין שאָדן... מיניע וועט זיך קלאָגן פאַר גאָט, אידא וועט נישט אויסקומען... ליפּמאַן וועט אַלץ וועלן שטאַרבן, ווי אַ מענטש. הירשמאַן מיטן כּלי קודש וועלן ווייטער מלחמה האַלטן מיט דער השכּלה, פון וועלכער די רעוואָלוציע איז אַרויס, מען וועט מסרן... לעאָן, דער בעל־תשובה, וועט אפשר ווערן אַ דער־גרייכער און אַריין אין דומע...

איין ראובן בלייבט! ראובן, וואָס שרייט אַריין דורכן שול־פענסטער: מיר זיגן! זאָלן מיר גלויבן אויפן וואָרט?

---

און אַ שאָד פינסקיס דראַמע. זי האָט זייער פיל גליק־לעכע מאָמענטן! לעאָנס איבערקערעניש, מיניע, ווען זי לאָזט די קינדער אַרויס אויף אַ זיכערן טויט, די סצענע ביים וואַלד, מיניעס געבעט צו לעאָן, ער זאָל זאָגן „שמע ישראל", אויב ער וועט פאַלן, משה צבי און די טויב־שטומע ביי דער שול. דער ייד, וואָס אַנטלויפט בשעת פּאָגראָם, טרעפט משה צבי, און מיינט אין טויט־שרעק, אַז דאָס איז אַ פּאָגראָמשטשיק און בעט זיך רחמים, ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן... דאָס אַלץ אָבער ווערט פאַרטרונקען אין אַ ים פון ווערטער... מאָמענטן, (ווי דאָס לויפן צום זעלבסט־שוץ), וואָס דאַרפן דורכבליצן, קריכן איבער דער סצענע, ווי ווערים, אַזוי פיל און אַזוי שלעכט ווערט איבער זיי גערעדט. ליפּמאַן: מאַמע, זיי אַ מענטש! ראובן: לאָז פריי דעם וועג! מען האָט צייט, מען האָט, ווי משה מגיד זאָגט, נאָגץ נישט־מגידיש, אַ פול מויל מיט צונג. וויינקסטנס, מער צונג, ווי גבורה... און עס ווימלט פון „מערידין" מיט קרעץ אויף פרעמדע לייבער... און עס גרעגערט מיט זעלבסט־באַיאָהונג, זעלבסט־פאַרניינונג און וואָס משה מגידס לעקזיקאָן פאַרמאָגט: גאָטס לעסטערער, צעשטערער נישט בויער, לצים אָדער גייט צו אַל־די רוחות — — —

אין גרויס איילעניש איז פון אַן אייביקער זאַך אַ סעזאָן־אַרבעט געוואָרן!

און עס איז קיין אומגליק נישט, אַז אַ מענטש שרייבט אָן אַ שוואַכע דראַמע... דאָס אומגליק שטעקט אין דער הקדמה! נאָך וואָס האָט זי פּינסקי געשריבן און נאָך שפּעטער געדרוקט? יאָס מער מען פאַרלאַנגט פון אַ שוואַכער זאַך, טויטער בלייבט אונטער די הענט!

1907

# אַש

נישט אַש נאָך אַן אויסגעלאָשענעם פלאַם, נאָר שלום אש׳
וואָס צעפלאַמט זיך אַלץ העלער און העלער: „שטעטל", „משיחס
צייטן", „אל נקמות"... עס גייט וועגן שלום אַש, מיט דער לאַנ־
גער טשופּרינע, לאַנגע פיס, פליישיקער נאָז און נישט גלייך אַריי־
געזעצטע אויגן, פון וועלכע עס קוקט אַרויס אַן עכט אַרטיס־
טישע און ריין־קינדערישע נשמה און וועלכע ער לאָזט באַלד
אַראָפּ... נאָר עבן אין דעם „אויג" גייט עס.

פון אַשס ליכט־זייטן דאַרף מען היינט שוין נישט רעדן.
נאָך דער הסכמה פון וואַרשע, פּעטערבורג, בעלין, ווין, דאַרף
מען נישט באַווייזן, אַז אַש האָט טאַלענט. אונזער אָרעמע און
דעריבער נאַריש־ניידישע אַש־קריטיק וועט קניענדיק פאַרשווייגן.
„אַש — אַן אייראָפּעאישער שרייבער" — זאָגט נישט איינער, פאַר
וועלכן אַש איז ערשט נישט לאַנג אַ „יינגל" געווען. „משיחס
צייטן" און „אל נקמות" זענען איבער די אייראָפּעאישע סצענען,
ווי מצטעאָרן — אַריבער: אַש איז שוין די זון, וואָס שיט מיט
כבוד־שטראַלן אויפן געבענטשטן כנסת־ישראל־קעפל... די קריטיק
קאָן אויף אַ צייט אָן אשס „שטעדטל" פאַרגעסן, עס איז נאָך
נישט איבערזעצט... אָבער „משיחס צייטן", דערהויפּט „אל נקמות"!
עס איז שוין צייט דעריבער פון אַשס פעלערן צו רעדן. וואָס
גרעסער דער בוים, גרעסער איז זיין שאָטן, און וואָס טאַלאַנט־
פאָלער דער דיכטער — אַלץ שעדלעכער, וואָרים צו אַלעם ערשטן —
אָנשטעקנדער זיין פעלער! און אַשס אַרטיסטישער מאָגן איז

שוין גענוג שטאַרק, קריטיק צו פאַרדייען; עס וועט אים נישט פאַרשאָדן. מען האָט אים פון „יענעם צד" אַזוי פיל פסחדיקע סעודות געמאַכט, ער איז אויף אַזוי פיל הסבֿ־בעטן געזעסן, זאָל ער אַביסל מרור אויך פאַרזוכן, זכר לפרעה... און איך וויל אים דעם מרור דערלאַנגען: עס דאַרף געטאָן ווערן מיט ליב־שאַפט... און נישט קיין גרינגע זענען אַשס פעלערן. סצענישע עפעקטן און — אַ חנדל צו יענעם צד, איבער דער יידישער גרענעץ אַריבער. אין

## „משיחס צייטן"

האָט ר' חנה אַ „יום־טובדיקע טיר", ווייסט עמעץ פון דעם אויסדרוק? און אַז ר' חנה מיטן ווייב דאַרפן אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל, און די קינדער, די „צעזייטע און צעשפּרייטע" קומען זיך צו אים געזעגענען פון פאַרשיידענע וועגן, מיט פאַר־שיידענע קאָמוניקאַציע־מיטל, געשיט אויף אַשס האָקוס־פּאָקוס א גס און אַלע קומען מיט אַמאָל, אין איין נאַכט, אין איין שעה, אין די מאָרגנס — איינס נאָכן צווייטן דורך דער יום־טובדיקער טיר! און צוליב וואָס? — צוליב עפעקט! און צוליב עפעקט גייען חנה מיטן ווייב אויפן בית־עלמין אַרויס, מיט די מתים זיך געזעגענען, אין שיינעם העלן טאָג מיט בלאַסע, גרויסע ברע־נענדיקע ליכט אין די הענט! צוליב עפעקט, נישט צוגעגייט, נישט צוגעקלאַפּט — אַ קדוש־לבנה אין דריטן אַקט! צום זעלבן צוועק גייען ענדע אַקט אַלע מיטגלידער פון פאַרשיידענע יידישע פאַרטייען, די קינדער פון דער צעזייטער און צעשפּרייטער פאַמיליע, דורך איין שלאַגבאַן, נאָך דעם קול פון אַ שופר! און צוליב וואָס איז יוסטינא, וואָס האָט איינאיינציקן אידעאַל — צו זיין אַ פּוילישן מלכס אַ קעפּס־ווייב, אַזוי מאָלעריש־פּאָעטיש או ליב פאָרגעשטעלט, בשעת ווען די פאָרשטייער פון היימישע פּאַרטייען זענען כמעט אויבערפלעכלעך־קאָמיש ארויס? דאָס איז שוין צוליב אַ חנדל צו דער פּוילישער זייט... דעם חנדל צוליב האָט ער איר אַ שטראַלנדיקע נשמה געגעבן, בשעת ווען

אַלע אַנדערע האָבן נאָר ווערטלעך און שלאָג־ווערטער באַקומען.
זינדיקער איז אַש אין

## „גאָט פון נקמה".

אין „אל נקמות", וואו אש מאָלער וויל מיט געוואַלד ווערן דענקער און פּסיכאָלאָג און פּאַלט נאַטירלעך איבער דער באַנק. אויף דער וואַרשעווער אַלט־שטאָדט האָט אַש עפּעס געזען, וואָס — וויל איך אייך נישט דערציילן; קויפט „אל נקמות" און לעזט, דאָס דאַרף, דאָס מוז געלעזן ווערן. און געזען האָט אַש, וואָס אַנדערע זעען נישט, פּאַר וועלכן אַנדערע גייען בלינד פאַרביי, און אויב זיי דערזעען, פאַרשטייען זיי עס נישט און פילן עס נישט, און עס וועט זיי קיינמאָל צו אַ פּאָעמע נישט באַפרוכטן... שפּייען וועלן זיי, אָדער — זינדיקן... דאָס ווענדט זיך: וואָס זיי וועלן זיין, זאַט אָדער הונגעריק... און אַש האָט דער סצענע, — ליידער נאָר דער אייראָפּעאישער, וויינינקסטנס דערווייל, ביים היינטיקן יידישן טעאַטער, — אַ פּאָעמע גע־שענקט... דעם צווייטן אַקט פון „אל נקמות". אַש האָט אָבער אַן ערשטן און אַ דריטן צוגעגעבן, און אין די צוגעגעבענע אַקטן איז ער מיט אַלע זיינע פעלערן אַרויס.

אין ערשטן אַקט נעמט נישט יענקל, וואָס לעבט פון אַ שאַנד־הויז, זיין איינציקע טאָכטער, וואָס ער וויל פון דער שאַנד פאַרהיטן, און שיקט זי נישט אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט אַריין צו דערציען, זי זאָל די שאַנד נישט זען, פון איר נישט וויסן. ער דינגט זיך אַפילו קיין אַנדערע דירה נישט אין אַן אַנדער גאַס, ער זאָל זי וויינינקסטנס פון דער שאַנד, ווי ווייט מעגלעך איז, דערווייטערן... און עס קומט אויף אים אַ גוטע שעה, און ער וויל, וויינינקסטנס דער טאָכטער צוליב, דאָס הייזל איבערמאַכן און אָנהויבן האַנדלען מיט פערד; פאַלט אים גאָרנישט איין צו טון עס, איידער ער וועט זי פאַרשלייערן, וואָס עס וואָלט אַ מעלה צו אַ שידוך געווען, און קלערט עס צו טון ערשט נאָך איר חתונה, ווען ער וועט שוין האָבן דעם איידעם אין שטוב!...

און קאָן ער נישט אַנדערש, און ווײַל די טאָכטער מציל זײַן מיט זײַן ליבן נאָמענס הילף, טוט ער נישט, ווי אַנדערע פֿון זײַן גלײַכן טוען, ווי „מעשים בכל יום", קיין מצוות און מעשים טובים נישט... שיקט נישט אָרעמע לײַט אויף שפּתים און ימים טובים, האַלט נישט אויף קיין חלויים אין שפּיטאָל, מאַכט נישט חתונה יתומים ויתומות... דאָס טוען אַלע, נאָר נישט יענקל! יענקל שרײַבט אַ ספר תורה! גלײַך עס גייט וועגן אַ בן זכר, וועגן אַ קדיש!... און שרײַבט ער שוין אַ ספר, מאַכט ער קיין „סיום התורה" נישט, זעט מען קיין אותיות שרײַבן... און צו דער סעודה, אָן דעם סיום, פֿאַרבעט ער זײַנס גלײַכן נישט, נאָר בעל־הבתים, און גייט זיי, אַז זיי קומען נישט, ערשט פֿאַרנאַכט אין בית המדרש אַרײַן זוכן... און מאַכט ער אַן „אָרעמע סעודה", טיילט ער שטייענדיק... און דאָס ספר פֿירט ער נישט, ווי עס דאַרף צו זײַן, מיט מוזיק און טענץ אין שול אַרײַן, און שטעלט זי נישט אין מקום קדוש אַרײַן; האַלט זי אַפֿילו נישט ביי זיך אין שטוב, וואו ער קאָן אַמאָל אַ מנין מאַכן; ער שטעלט זי צו דער טאָכטער (!) אין חדר אַרײַן, פֿאַר אַ קמיע, פֿאַר אַ שמירה — די תורה זאָל זי פֿון זינד באַשיצן!!! און הייסט זי, אַז זי האָט נישט געהאָלפֿן, ענדע שטיק, צונעמען, צונעמען פֿון שטוב... ער דאַרף זי נישט מער... אַראָפּ אין הייזל אַרײַן גייט די טאָכטער!

צוליב וואָס איז דאָס אַלץ געשען? צוליב עפּעקט... און דער גוי ווייסט נישט, און וועט נישט פֿרעגן... און דעם גוי צוליב איז אַרײַן דער „אל נקמות"! וואָס האָט אַש פֿון יידישן גאָט געוואָלט? אַשס סופֿר זאָגט, אַז נישט אַלע זינד איז גאָט מוחל. אויף וועלכע זינד העלפֿט עס קיין תשובה, קיין חרטה נישט? אַ חנדל! און צוליב דעם חנדל, אַז די טאָכטער האָט זיך פֿאַרזינדיקט, פּאַטשט יענקל — נישט זי, וואָס האָט זיך אויסגעגליטשט; נישט „מאַנקע", וואָס האָט זי פֿאַרפֿירט; נישט דאָס ווייב, וואָס האָט מאַנקען, די שלאַנג אין גן־עדן אַרײַנגעלאָזט, — גאָט פּאַטשט ער! אפֿשר נישט באַוואוסטזיניק — עס טרעפֿן זיך נישט „באַוואוסטזיניקע" קאָקעטעס אויך — אָבער

אַלץ א חנדל צום קריסטלעכן עולם...

„אל נקמות", איז, לויט מיין געשמאַק, אַ גרויסאַרטיק ווערק, און דעריבער – טוט עס מיר אַזוי וויי. וואָס פיינער עס איז דאָס צייג, מער פאַרדרוס מאַכן די פעלערהאַפטע שטעלן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

רוסישע, דוכט זיך יונגע שרייבער, האָבן נאָך דע פאַרשטעלונג פון Бог мести אַשן אַ סעודה געמאַכט, און אַש שרייבט אין אַ וואַרשעווער צייטונג, אַ „געוויסע" צייטונג, אַן אָפענעם בריף, וואו ער דאַנקט זיי פאַר די „בעסטע שטונדן לעבן", וואָס זיי האָבן אים פאַרשאַפט, מיט — „דרך ארץ". —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַש, דיכטער, ווערט אונז אָפטריניק גישט ווערן... דאָס פרעמדע לעבן וועט אים אייביק זיין פרעמד, נאָך פרעמדער – די פרעמדע שפּראַך... ער איז, וועט און מוז בלייבן אַ יידישער שרייבער.

איך ווינש מיר אָבער דעם יידישן דיכטער איינפאַכע־ערנסטער און — מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ!

אַש איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. „צדה לדרך" האָב איך אים געזען מיטנעמען: פאָלקס־ליטעראַטור, קבלה־ספרימלעך און מדרשים... זאָל עס אים זיין צו רפואה.

1907

# כאַסיע די יתומה

אַ דראַמע אין פיר אַקטן פון יעקב גאָרדין

דאָס הויז טראַכטענבערג אין אַ רוסישער מיטל־שטאָט איז אַ פריילעך הויז. עס ווערט געשפילט פּראָפעראַנץ, מאַנכמאָל, אַז דאָס יידישקייט דערוועקט זיך — אָקע. טאַטע־מאַמע הייסן נאָך „יואל" און „פריידע"; די קינדער — „וולאַדימיר" און „קאַראָלינע". עס לוינט זיך מיט זיי צו באַקענען. אונזער ר' יואל איז אַ „קאָמערטשעסקי" מענטש — ער האָט געמאַכט אַ פאַרמעגן, פרעג'טן: ווי אַזוי? גיט דער טאָכטער צען טויזנט רובל נדן, און איז „פרעדסעדאטעל" אין סוחרישן קלוב. ער פירט אויך די תלמוד־תורה, און האָט באַקומען פאַר זיין אַרבעט און עטלעכע רובל אויף בילדונג — אַ מעדאַל. מיט דער סטענגע פון מעדאַל צעשיידט ער זיך קיין רגע נישט — ער טראָגט זי שטענדיק אויפן האַלז.

און ר' יואל איז ווירקלעך אַ „קאָמערטשעסקי" מענטש, אַ מענטש מיט „קאָמערטשעסקע פרינציפּן" און דאָס באַטייט: וואָס עס נוצט איז גוט, צדקה קאָן אויך אַמאָל נוצן, אויב מען באַקומט פאַר איר אַ מעדאַל. פרינציפּיעל איז ער ליבעראַל. איבערהויפּט, וואָס אַנבאַלאַנגט חברקייט מיט דער דינסט, אויב זי איז נאָר נישט זייער העסלעך, און פון דעם קומט אַרויס אַ צווייטער פרינציפּ: מען דאַרף היימישע אין שטוב נישט אַריינלאָזן! פרעמדע איז לייכטער פטור צו ווערן. אויך רייט ר' יואל אַרום אויף „פּאַראַלעלן" — זיין שטראָף פון גאָט. אַמאָל פלעגט גאָט

שטראָפן עם־הארצים מיט לשון־קודש ווערטער, היינט אין די קולטורעלע צייטן, — מיט אויטלענדישע. און ר׳ יואל שיט מיט פּאַראַלעלן", זעלטן וואו מען דאַרף, נײַנציק פּראָצענט וואו מען דאַרף נישט. אַלס ליבעראַלער קאָמערטשעסקי מענטש, וואָס דאַרף אַליין לעבן, און לעבן מיט כבוד און מיט אָפּענעם, און באַהאַלטענעם בעלי־הבתּישן עולם הזה — איז אונזער ר׳ יואל נישט קיין זייער הייסער טאַטע, פאַר דאָס אָבער אַ זייער אויפמערקזאַמער מאַן, און ביי וואָס עס מאַכט זיך פאַר אַ שטיקל סקאַנדאַל אין שטוב און איבערהויפּט, ווען ער אַליין איז שולדיק דערינען, און פריידל עפנט דאָס מויל און וויל זאָגן שטראָף־רייד, — ווערט ער זייער ווייך, זייער גערירט און בעט זי רחמים, זי זאָל זיך, חס ושלום, נישט נעמען צום האַרץ, דערמאָנט זי אָן די טראָפּן, וואָס זי דאַרף נעמען — —

וואָרים, פריידע איז, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַ שוואַך מענטש, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אויפגעקומענער גבירה; זי ליידט אויפן האַרץ און טאָר זיך נישט דענערווירן, זיך קיין עגמת נפש נישט צולאָזן. זי איז אויך אין דער מאָס קורצזיכטיק און לאָזט די פּענסנע פון האַנט נישט אַרויס, פריידע קוקט, אבי זיך דאָס האַרץ נישט צו רירן, אויפן מאַנס און וולאַדימירס חטאים דורך די פינגער, אָבער אַ מויל אויף שרויפן האָט זי, מוסר זאָגן קאָן זי, און, אז עס קומט אויס, גיט זי זיך אַ שטעל און זאָגט, און זאָגט... און פאַר דעם גאָס־מוסר האָט טאַקע אונזער יואל שטאַרק מורא און דערמאָנט זי אָן איר שוואַכקייט, אָן די טראָפּן, בשעת ווען וולאַדימיר פּראָטעסטירט געגנוג הויך. דער מאַמעס מוסר שטייט אים שוין אין האַלז, „נאָר נישט מוסר!" שרייט ער; עס פאַרסמט דאָס לעבן.

און וולאַדימיר וויל אודאי לעבן. אויך אַ בעל־בתּישער עם־הארץ, נאָר אַ ייִנגערער, דאָס בלוט איז קאָכנדיקער, קאָנקורירט ער גליקלעך מיטן פאָטער אין קיך און מיטן קינפּטיקן שוואָגער (אַ פריסיאַזשנע פּאָווערעני) אויף אַנדערע ווערטער. און אַז עס פאַרפעלט געלט, כאַפּט מען עפּעס פון שטוב... סחורה איז אויך די שוועסטער זיינע — אַ כּלה־מיידל, נאָר אַזוי געשווינד

חתונה האָבן וועט זי נישט, דער חתן האָט נאָך קיין פּראַקסע נישט. מיט דער צייט וועט ער באַקומען, מיט גאָט זיין הילף! און דאַמאָלט וועט זיין אַ לעבן, אַ פריי לעבן, אַ ווייבל מעג אַלץ, וואָרים קאַראָלינע ווייסט, ווי אַזוי צו לעבן, זי ווייסט, אַז אַ מאַן איז אַ מאַן, און אַז מען דאַרף אַ געליבטן, געפינט מען...

אָבער אַן „אָנשטענדיק" מיידל איז זי, עס פּאַסט פּאַר טראַכטענבערגס טאָכטער. זי אַרבעט אויך פּאַר בילדונג. לערנט די דינסטן לעזן, שרייבן און אַפילו גראַמאַטיק מיט סינטאַקסיס: ווי הייסט די זאַך, וועגן וועלכער מען רעדט? און ווי הייסט דאָס, וואָס מען רעדט וועגן דער זאַך? און דערווייל כאַפּט מען אַ שמועס וועגן גוטס און געשמאַקס... וועגן וויזיטן פון די הויז־מענער אין קיך, „געשעפטן" אין גאַס...

און אָט אין אַזאַ הויז פאַלט אַריין כאַסיע די יתומה.

כאַסיע איז דערצויגן געוואָרן אין אַ דאָרף ביי אָרעמע טאַטע־מאַמע, נאָר אין דאָרף, אויף דער שויס פון דער נאַטור, פון וואַלד און פעלד! כאַסיע איז אַן אָפענע, יונגע, הייסע, אימפּולסיווע נאַטור. זי מוז גיין צו דער מומען, ווייל די מוטער איז איר געשטאָרבן און די שטיף־מאַמע קנייפּט און שלאָגט. כאַסיע פאַרדינט עס נישט, נאָר אין שטוב איז אַ דלות, דער דלות מאַכט ביטער, און אויף וועמען זאָל מען אויסגיסן דאָס האַרץ, אַז נישט אויף אַן אייגן שטיף־קינד? און אַז עס גייט איבער די מאָס. נעמט דער פאָטער און פירט זי אָפּ אין שטאָט אַריין צו זיינע רייכע און אַזוי נאָענטע קרובים, דאָרט וועט איר גוט זיין...

ווי אַזוי ווערט כאַסיע אויפגענומען?

די טראַכטענבערגס דאַרפן אַ דינסט. יענע האָט מען גע־מוזט אָפּשאַפן. מען האָט איר „פאַרשטופּט דאָס מויל", דער סקאַנדאַל איז נישט אַרויס אין גאַס אַריין, און אָפּגעשאַפט — קאָן כאַסיע איר שטעל פאַרטרעטן. דאָס פאַרשטייט „פריידע" אויף אָרט און שטעל. זי פאַרשטייט אויך, אַז כאַסיע וועט זיין אַ היימישע, נישט קיין דינסט, וועט מען איר נישט דאַרפן צאָלן.

פֿאַר דאָס וועט זי פֿון איר מאַכן אַ לייט, זי וועט זי אויסלערנען קאָכן, וואַשן, פּרעסן. די טאָכטער וועט זי לערנען שרייבן, לעזן און גראַמאַטיק, נישט צופֿרידן איז נאָר יואל. ווי געזאָגט, איז אונזער ר׳ יואל אַ קאָמערטשעסקי מענטש מיט פּרינציפּן, און ווייסט, אַז אַ היימיש דינסט־מיידל איז פֿאַר אים קיין גוטע „פּאַראַלעל״ נישט; אַזוינע ווערט מען, ביי אַ שלעכטן אויסגאַנג, מיט עטלעכע רובל נישט פּטור; אויב עס וועט זיך מאַכן אַ סקאַנדאַל, וועט שוין קאָסטן און קאָסטן. עס וועט זיין, ווער עס זאָל זיך אָננעמען... אָפּטרעטן דעם ווייב מיטן שוואַכן האַרץ איז אָבער אויך אַ פּרינציפּ, און — כאַסיע בלייבט...

כאַסיע בלייבט און אויסגעוויזן האָט זיך, אַז ר׳ יואל האָט רעכט געהאַט. נישט גוט מיט אַ היימישער. דאָס דאָרף־מיידל איז געוואָרן אַ מאַגנעט פֿאַר אים, פֿאַר וולאַדימירן, פֿאַרן קינפּטיקן איידעם — דעם פּריסיאַזשני פּאָווערעני. דאָס אַלץ אָבער וואָלט נאָך קיין גרויסע געפֿאַר נישט געווען, צו אַזוינע זאַכן איז מען אין הויז געוווינט... מיר ווייסן שוין, אַז פֿריידע, אויב זי טרעפֿט דעם מאַן אין קיך, שטעלט זי זיך זאָגן מוסר; קוים אָבער דער־מאָנט ער אָן איר שוואַך האַרץ און די גויטיקע טראָפּן, באַרוהיקט זי זיך און פֿאַרשווייגט... קאַראָלינע, אַז זי טרעפֿט איר חתן נישט וואו מען דאַרף, קנייפּט זי די דינסט און באַרוהיקט זיך דערמיט... און וולאַדימיר — דער שאַרלאַטאַן, איז סיי ווי סיי פֿאַרפֿאַלן. פֿון דעם מאַטעריאַל וואָלט העכסטנס אַ קאָמעדיע גע־ווען, נישט קיין דראַמע, און כאַסיע די יתומה איז מ ע ר, ווי אַ דראַמע, כמעט אַ טראַגעדיע.

כאַסיע ווערט מער, ווי פֿאַרפֿירט; זי פֿ אַ ר ל י ב ט זיך אין וולאַדימירן. כאַסיע ווייסט ווער און וואָס ער איז, זי ווייסט מיט וואָס עס שמעקט דאָס באַקענען זיך מיטן יונגן טראַכטנ־בערג. זי ווייסט, אַז דאָס וועט זיין איר אומגליק, און דאָך איז יונג בלוט קיין וואַסער נישט... זי האָטן ליב. זי האָטן ליב אויפֿן נאַטירלעכן דאָרפֿישן אופֿן, אָן חשבונות, אָן האָפֿנונג אויף חתונה האָבן, מיטן גאַנצן באַוואוסטזיין, אַז דער סוף מוז זיין אַ ביטערער, אַ שרעקלעכער. און אין אָנהויב, אַז דער פֿון אויבן אָפּ־

בעגלאַנצטער וולאַדימיר האָט אַביסל אָפּשיי פאַרן דאָרפישן מייד
אָן אַ פּיצל קולטור — בענקט זי נאָך אים, בענקט זי נאָך איר
אַ מגליק, וואָס וויל איר נישט נאָכגיין, נישט נאָכיאָגן. און, אַז
עס באַווייזט זיך, — וואַרפט זי זיך אין אָפּגרונט אַריין מיט
אָפענע אויגן...

---

מיט וואָס דאַרף זיך ענדיקן אַזאַ זאַך?

געוויינלעך ענדיקט זיך עס דערמיט, וואָס אַזאַ וולאַדימיר
זויגט אויס די פרוכט און וואַרפט די שאָל אַרויס אויפן מיסט.
פון מיסט איז זיך שווער אויפצוהויבן. אַז מען פאַלט, פאַלט מען
שוין וואָס אַמאָל נידעריקער... און, וויל מען נאָך טראַגישער —
נעמט זיך דער קרבן דאָס לעבן.

עס קאָן זיין אַנדערש אויך: כאַסיע איז דאָך פאָרט אַ
היימישע, און אַז עס קומט אַרויס, ווי בוימאייל אויפן וואַסער,
נעמט אַזאַ טראַכטנבערג, אַ קאָמערטשעסקי מענטש מיט פּרינציפּן
און פּאַראַלעלן, און מאַכט זי חתונה מיט אַ „גראָבן יונג"
און פאַר כאַסיען עפנט זיך אַן אַנדער מין גיהנום: אַ נישט גע־
ליבטער מאַן, אַ גראָבער מאַן, אַן אייביקער פאָרוואורף, באַ־
שטענדיק געשלעג, שאַנד און פּיין, און וויל מען דוקא, קאָן ווײַ־
טער זיין זעלבסטמאָרד: כאַסיע קאָן עס נישט אויסהאַלטן, און
נעמט זיך דאָס לעבן.

נישט מיט דעם אָבער ענדיקט גאָרדין זיין דראַמע.

גאָרדין שטייט אויף דער גרענעץ צווישן „שונד" און קונסט;
נענטער צו קונסט, אָבער אינגאַנצן פון מעלאָדראַמאַטישע סצע־
נען קאָן ער נישט אָפּלאָזן. ער האָט אַמאָל אַ ריח פון שעקספּיר
(די ערשטע צוויי אַקטן פון מירעלע אפרת); ער שמעקט אויך
אַמאָל מיט העכערע ראָמאַנטישער לירִיק (דער ליבע־אַקט אין
„כאַסיע דער יתומה"), אים פעלט אָבער די מאָס, און ווייסט
קיינמאָל נישט, וואו און ווען צו ענדיקן. גאַנץ אָפט האָט מען
דעם איינדרוק, אַז עס האָט שטאָף פאַרפעלט פאַר אַ גאַנצן
אָוונט, און ער מאַכט צו די רעשט מיט „שבת־שטיק". נאָך די

ערשטע צוויי שטאַרקע, שעקספּירישע אַקטן פֿון מירע׳לע אפרת גייען צוויי שוואַכע, ציען זיך צוויי צוגעטשעפּעטע אַקטן, וואָס פֿאַרדאַרבן דעם איינדרוק פֿון די ערשטע, און דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיט „כאַסיע די יתומה".

אָפּזאָגן זיך פֿון כאַסיעס זעלבסטמאָרד האָט גאָרדין נישט געוואָלט און נישט געקאָנט. ער קען זיינע פּאַפּענהיימער — דאָס פּובליקום אין יידישן (ווייניקסטנס אַמעריקאַניש יידישן) טעאַטער און ווייסט, אַז זעלבסטמאָרד איז אַ שטאַרקער טרומף — ווייבער חלשן! די זאַך מוז אָבער ווערן אויסגעצויגענער, עס זאָל צונעמען דעם גאַנצן אָוונט! און צוליב דעם הייסט גאָרדין: וולאַדימיר זאָל חתונה האָבן מיט כאַסיען, די טראַכטנבערגס זאָלן זיך אָפּזאָגן פֿון וולאַדימירן... וולאַדימיר מיט כאַסיען — לעבן אין דחקות — און וולאַדימיר קאָן נישט לעבן אין דחקות, ער איז נישט געוואוינט דערצו, ער אַליין פֿאַרדינען קאָן נישט, לעבן פֿון כאַסיעס זאָקן־אַרבעט הייסט נישט דערעסן, און קיין קערטל אין האַנט אַריין נישט נעמען... וולאַדימיר הויבט אָן פֿאַר צרות צו טרינקען. וולאַדימיר זיצט אויך (אַזוי דערציילט ער) אין די פֿריילעכע ערטער, וואו ער טרעפֿט זיך גאַנץ אָפֿט מיטן שוואָגער, און זינגט אַזוינע טרויעריקע לידער, אַז די פֿריילעכע קאָמפּאַניע ווערט טרויעריק און וויינען מיט אים צוזאַמען... אין דער היים איז וולאַדימיר בייז, נערוועז, ער קאָן נישט פֿאַרטראָגן כאַסיעס טרויער, עס שטערט אים דאָס וויינענדיקע קינד — ער האַלט עס מער נישט אויס און נעמט און שרייבט אַ בריוו צו פֿאָטער און מוטער, אַז ער וועט זיך שיסן, אויב מען וועט אים נישט העלפֿן... „איך האָב עס נישט אין זין — באַרוהיקט ער כאַסיען — נאָר זיי, זיי דאַרפֿן משוגע ווערן! עס וועט זיין אַ סקאַנדאַל!"

און אַז די קונץ איז געראָטן, די טראַכטנבערגס קומען העלפֿן נאָר אים אַליין, נישט כאַסיען, פּראָפּאָנירט ער איר, זי זאָל אַהיים פֿאָרן, ווייניקסטנס אויף אַ צייט, צום פֿעטער אין דאָרף אַריין... ער וועט זיך געוויס פֿאַרבענקען נאָך איר, שרייבן נאָך איר אָדער קומען צו איר... די טראַכטנבערגס באַשטייען אויף דעם אויך. זאָל זי אים נאָר אַרויס פֿון די אויגן, די רעשט

וועט קומען אַליין... כאַסיע אָבער קאָן עס שוין נישט איבערטראָגן...

און כאַסיע די יתומה נעמט און סמט זיך... און גאָרדין האָט פאַרפולט דעם גאַנצן אָוונט! כאַסיען דער יתומה גיט ער אין מויל אַריין אַ גרויסן און הייסן מאָנאָלאָג צום קינד אין דער וויג... זי וועט אפשר מיטנעמען דאָס קינד מיט זיך? וואָס פאַר אַ מזל קאָן האָבן די יתומה? באַלד אָבער הייסט ער זי אַ ישוב האָבן, איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט און אַליין גיין... הייסט דערנאָך וולאַדימירן חרטה האָבן און וואַרפן זיך מיט אַ האַרצרייסנדיק געוויין אויף כאַסיעס קערפער און שרייען: אַז נישט דאָס האָט ער געמיינט, נישט דאָס האָט ער געוואָלט! און הייסט כאַסיעס פאָטער אויסרופן: „ווי אַ יונג זאַפטיק בוימל איז זי אַהערגעקומען”, וואָס האָט מען דאָ פון איר געמאַכט! און — נאָך די אַלע קונצן — קומט, נאַטירלעך, אַרויס נישט דאָס וואָס גאָרדין האָט געוואָלט! דער איינדרוק, וואָס מען האָט באַקומען פאַר די ערשטע אַקטן, ווערט אָפּגעשוואַכט; מאַדאַם קאַמינסקאַ, וואָס שפּילט כאַסיען, קאָן ביי איר גאַנצן טאַלענט, דעם פערטן אַקט נישט רעטן. זי שטאַרבט זייער גוט, אָבער וויינען אויף איר טויט, וויינט נאָר וולאַדימיר, דאָס פובליקום געינעצט...

און דאָך האָט דאָס שטיק גליקלעכע מאָמענטן. אויפמערקזאַם מוז מען מאַכן אויפן ליבע־אַקט, ווען כאַסיע איז זיך מודה פאַר וולאדימירן, אַז זי האָט געוואַרט אויף איר אומגליק, זי איז נעכט נישט געשלאָפן און געוואָלט, ער זאָל קומען; הייס געוואָלט! שיין, ראָמאַנטיש שיין, איז דער מאָמענט, ווען כאַסיע וויל פול און גאַנץ מאַכן איר גליק, און וויל האָבן דאָס דאָרף ביי די טראַכטנבערגס אין סאַלאָן, ווען זי שטעלט אויס אין צוויי רייען די וואַזאָנען אַלס אַן אַלייע פון ביימער, און לייגט אויס די סטעזגעס אויפן אָרט, וואו עס דאַרף פליסן דער טייך און זעצט זיך מיט אים ביים ברעג פון טייך און הייסט אים שווייגן... „שווייג!” בעט זי זיך. ווייל זי פילט, אַז אין שטילן דאָרפישן אָוונט דאַרף ער נישט ריידן! זי האָטן

ליב, נאָר ער פּאַסט דאָך נישט דערצו... זי וואָלטן דאָך אַנדערש געוואָלט, אַנדערע רייד פון אים הערן! גוט געכאַפּט איז כאַסיעס אָנקומען פון דאָרף, ווי זי פּאַלט אין טראַכטנבערגישן הויז אַריין מיט מוסר, פּרינציפּן, פּאַראַלעלן און קאָרטן געשפּילט.. און נאָך, און נאָך אַנדערע ערטער...

די אַמעריקאַנישע אויסגאַבן לעבן ביז היינט פון אונזער בעלעטריסטיק, עס ווערט כמעט אַלץ איבערגעדרוקט; אונזער יידיש טעאַטער וויל אויסגלייכן דעם חשבון, און פּעקלט צו אונז איבער אַמעריקאַנישע דראַמע: דאָס קאָסט נישט.

„אוי, דלות, דלות!" ווי כאַסיעס פּאָטער זאָגט. נאָר אָרעמקייט איז קיין שאַנד און גאָרדין האָט טאַלענט.

געשפּילט איז געוואָרן דאָס שטיק קאָרעקט. אויסגעצייכנט האָט זיך, ווי געוויינלעך, מאַדאַם קאַמינסקא. מאַדאַם טרילינג, וואָס שפּילט אַזוי גוט מירעלע אפרת, איז אַ גוטע „פריידע" ערשט פון צווייטן אַקט, וואו זי האָט מער צו טון. — גוט איז וולאַדימיר (ה' סעראָצקי), ווען ער ווערט אין לעצטן אַקט אויפגעלעבט צווישן דער משפּחה און לויפט באַשטעלן פּאַר כאַסיען אַ בויד אויף רעסאָרן און איינקויפן גוטע זאַכן אויפן וועג. א גליקלעכן מאָמענט האָט מאָטי שטרייכל (ה' טיטלמאַן), ווען ער ציילט דאָס געלט, וואָס ער באַקומט פון נאַרישן דייטש, פון טראַכטנבערגן, וואָרים אייגנטלעך וואָלט ער געדאַרפט צו באַצאָלן, אַזאַ גוי פּטור צו ווערן. נישט פיין פירט זיך נאָר אויף דאָס פּובליקום, וואָס קומט אַזוי ווייניק אין טעאַטער אַריין.

1905

# „די לוריאס"

צי קענט איר די אמתע לוריאס? וואָרים עס זענען פאַראַ פאַלשע אויך. ווי ווייניק יחוס מיר האָבן נישט, געפעלשט ווערט ער: מיר האָבן פאַלשע כהנים, פאַלשע לויים און פאַלשע לוריאס..

אַן אמתער לוריא איז אַ בייזער, אַ שטאָלצער, אַ נוקם ונוטר — רירט זיי נישט אָן. דאָס איז אַ פייער, וואָס ברענט ביזן שאול תחתיה, דאָס זענען שלאַנגען, וואָס בייסן ביז אין דער לעבער. אַזוי, ווייניקסטנס, וויל גאָרדין דער אַמעריקאַנער טעאַטער־שטיק־מאַכער — אַ שפּאָס „לוריא"!

„איך בין אַ לוריא"! שרייט גדליה, אַ ייד אַן עושר און אַ תלמיד חכם דערצו. „איך בין אַ לוריא!" רופט זיין ברודער טוביה, אַ מילנער, אַפילו אַ שטיק עם הארץ, נאָר פאָרט אַ לוריאן „איך בין אַ לוריא" — וואַרפט דעם פאָטער אין די אויגן אַריין אַן אויסגעשריי די טעאַטער־כלה גדליהס טאָכטער. „איך בין אַ לוריא!" זאָגט מיט איינגעהאַלטענער קראַפט, ווי עס פאַסט פאַר אַ בינע־ליבהאָבער — טוביהס זון...

וואָס די מעשה איז, פאַרשטייט איר שוין אַליין. די ברי־דער קריגן זיך איבער א ירושה, די קינדער ליבן זיך... און ווייל עס איז קיין טראַגעדיע נישט, וועלן סוף כל סוף די וואָלקן פאַרשווינדן, די זון פון דער ליבע — אויפשיינען, און מען וועט אַהיימגיין פון טעאַטער מיט אַ לייכט האַרץ! —

אָבער נישט אַזוי געשווינד, ווי עס רעדט זיך, גייט עס צו. גדליהס און טוביהס פאָטער איז געשטאָרבן פאַר זיין פאָטער

און זייער זיידע — נאָך וואָס דאָס איז געשען, ווייס איין גאָט אַליין — און דער זיידע האָט אין דער צוואה געקירצט דעם עם־הארץ טוביה און כמעט אַלץ אַוועקגעגעבן דעם שיין־און וואויל־לערנער גדליה. דאָס איז נומער איינס.

דערפון ווערט אַ פּראָצעס, און אַ פּראָצעס גייט מיט אַד־וואָקאַטן, די אַדוואָקאַטן „צאַפּן בלוט", ווי מען פלעגט זאָגן; ווערט ביים אָרעמען טוביה דאָס האַרץ נאָך פאַרביטערטער, דער האַס צום ברודער — שטאַרקער. האָט איר שוין נומער צוויי. נומער דריי איז דער אומכבוד, וואָס אַ תּלמיד־חכם לייגט בכלל אויף אַן עם־הארץ — גדליה, דער מיוחס אין שטאָדט, קאָן זיין גראָבן ברודער נישט פאַרטראָגן, זאַלץ און רויך אין די אויגן איז ער אים.

און אַז עס קומט נאָך דערצו — שכנות: אַ הויז קעגן אַ הויז, טיר קעגן טיר, קאָנט איר פאַרשטיין, וואָס אַ „פייער" עס צעפלאַקערט זיך צווישן די הייזער... און עס מוז זיך נאָך מער צעפלאַקערן, ווען גדליה ווערט געוואָר, אַז זיין טאָכטער, די בת יחידה זיינע, זיין אויג אין קאָפּ, האָט ליב זיין גרעסטן שונאס זון — זיין ברודער טוביהס איינציקן זון, דעם אויג אין קאָפּ, די גרעסטע ליבשאַפט...

נישט ווייניקער ברענט עס אין טוביהס האַרץ. אַ געזונטער עם־הארץ, אַ „בר־נש" און אַ „בעל־גוף" — דאָס ווייב איז אים פרי געשטאָרבן און ער האָט מער נישט חתונה געהאַט, ער וועט זיין בן־יחיד קיין שטיפמאַמע נישט געבן, כאָטש די געזונטקייט שפּאַרט אים — זיין גאַנץ בענקעניש און ליבשאַפט גיט ער אים אַוועק, און אַצינד, אין סאַמע־ראָדנעם פייער פון פּראָצעס, הערט ער פון זון, אַז דער וויל שלום, און שלום וויל ער, ווייל ער איז אין זיין גרעסטן שונאס טאָכטער פאַרליבט...

און געדענקט — דאָס זענען לוריאס! זיי וואָלטן זיך שוין לאַנג געמיתט, ריק־און־לענד צעבראָכן, ווען נישט דער רב פון שטאָט — אַ מזג־טוב, אַן אמתער יידישער צדיק, וואָס שטעלט אונטער, ווען עס מאַכט זיך עפּעס, זיינע פּלייצעס — —

מיט איין וואָרט: שלעכט! מיר וועט דאָ האָר אויסוואַקסן

— שרייט טוביה, ווייזנדיק אויף דער פלאַכער האַנט — און דאָס וועט נישט זיין! „איך וועל שטאַרבן", זאָגט דער זון, וואָס איז אויך אַ לוריא. „שטאַרב!" שרייט טוביה און צעברעכט דעם שטעקן פאַר גרימצאָרן. דאָסזעלבע טוט זיך ביי גדליהן אין הויז... די לאַגע אין „ראָמעאָ און יוליאַ" איז „אַ הונט קעגן דעם"; די לאַגע אין „דער נקמה פאַר אַ גרענעץ-מויער" פרעדראָס — אַ גאָרנישט! דאָס זענען דאָך לוריאס!

און פונדעסטוועגן, אַז גאָרדין וויל, כאַפט ער זיך אַרויס פון דער נעץ, שפרינגט ער אַרויס, ווי אַ פודעל פון וואַסער, און שאָקלט זיך אָפ און בלייבט טרוקן... נישט אומזיסט שטייט ער צווישן „שייקעוויטש און שעקספיר", וואו שעקספיר וואָלט זיך קיין עצה נישט געגעבן, קומט שייקעוויטש און האָקוס-פאָקוס — אויס טראַגעדיע!

פאַרשטייט איר מיך, גדליה קלייבט אויס פאַר דער טאָכטער אַ חתן, מן הסתם — אַ חתן אַ אידיאָט (דער עולם מוז דאָך האָבן וואָס צו לאַכן), אי וואָס, גדליה איז אַ תלמיד חכם, האָט פיינט אַן עם הארץ, ווי אַ שפין — האָט אָבער דער חתן אַ מעלה: זיין פאָטער (איר מעגט שוין פלאַצן פאַר לאַכן) זיין פאָטער איז „גלאַסני" אין שטאָט-דומע, און אַז מען מאַכט איין האַנט מיטן גלאַסני — וועט מען אַראָפנעמען טוביהס מיל — וועט זיין אויס שכנות מיטן עם-הארץ... אוי, דאָס שכנות! אַ ביטער שכנות! עס איז פון דער הויט אַרויסצושפרינגען! אַז זיין בת יחידה שפילט פאַרן רב מיט דער רביצין פיאַנע און זינגט אַ ליד וועגן מענטשהייט — גייט טוביהס זון און מאַכט אונטער די פענסטער אַ „תקיעה-גדולה" אויף אַ שופר! אָדער מען וואַרפט אומישנע אַ פאַק מיט מעל פאַרן פענסטער און מען פאַרמעליקט דעם רבס אַטלעסענע קאַפאָטע, דער רביצינס חתונה-קליידל און ר' גדליהס פלודערן, מחילה! און ווערט עמיץ אין גדליהס הויז קראַנק, גייט טוביה און דינגט יינגען און מיידן און הייסט זיי זינגען און טאַנצן און רעדלעך מאַכן אונטער די פענסטער און די טעאַטער-מוזיק מוז נאָך צושפילן אויף טראָמפייטן און קעסל-פויקן!

וואָס? איר זייט אַראָפּגעפאַלן פון אַ טראַגעדיע צו אַ פאַרס? קיין וואונדער, שעקספּיר האָט צוגעמאַכט אַן אויג, און שייקע־וויטש איז אַרויסגעשפּרונגען און פירט דאָס רעדל...

און אויף זיין באַפעל נעמט גדליה אַ שטעקן און שלאָגט אויף דער סצענע לעיני כל ישראל די בת־יחידה; זי פאַלט און צעברעכט אַ האַנט... איז דאָס אַלץ וויניק נאָך, פאַלט זי אַריין אין אַ נערוון־קרענק, ווערט זי געפּערלעך... און — איבערגעביטן ווערט גדליהס האַרץ, ער, דער שטאָלצער, בייזער תלמיד־חכם, בעט ביי טוביה עם־הארץ — שלום, ער מוז רעטן זיין קינד...

און אַצינד, אַז שייקעוויטש האָט שוין זיינס אָפּגעטאָן, פאַרשווינדט ער אויף אַ ווײַלע און עס גייט ווייטער אַ שטיק שעקספּיר. טוביה עם־הארץ דיקטירט ביים רב דעם צעבראָכענעם ברוגדער די תנאים פון שלום: ער מוז אים אָפּגעבן די ירושה, מודה זיין אין כּתב, אַז דער זיידע, דער אַלטער לוריא, דער ראש וראשון פון די לוריאס, די קרוין, דאָס שיינדל פון דער משפּחה האָט אַן עולה געטאָן... ער, גדליה, מוז אים, טוביהן, אָפּצאָלן די ירושה מיט פּראָצענט פאַר גאַנצע צוואַנציק יאָר! ער מוז אים אויך פאַרגיטיקן די קאָסטן פון פּראָצענט מיט אַ סומע פון אַ פּאָר טויזנט רובל מיט קאָפּיקעס! און פון הויז מוז ער אויך אַרויס — דאָס הויז מוז ער איבערגעבן טוביהס זון און זיין קינפּטיק ווייב — גדליהס טאָכטער. און נאָך איינס: גדליה מוז בפרהסיא, שבת פאַר קריאת התורה אין בית המדרש, מחילה בעטן טוביהן, כּמעט אַ ודוי זאָגן פאַרן עולם!

גדליה באַשטייט אויף אַלעם, עס שטיקט אים דער כּעס, נאָר זיין ליבשאַפט צו דער קראַנק־געוועזענער טאָכטער איז שטאַרקער, ער שרייבט אונטער, נאָר די טאָכטער כאַפּט אַרויס דעם כּתב און צערייסט — פאַר דעם פּרייז וויל זי אים נישט קויפן!

און — טוביה גיט נאָך...

און צו ענדע ווערט שעקספּיר צוריק פאַרשוואונדן און שייקעוויטש קומט אַרויס — עס באַווייזט זיך אַ חזן מיט משוררים,

טאַנצן מענער און ווייבער אַ ראָד, דער „היילּיקער רב“ כאַפּט אויך אַ יד פון אַ נקבה און טאַנצט...

---

געשפּילט איז דאָס „שטיק“ געוואָרן אין יידישן טעאַטער אויף דער קרולעווסקא, און געשפּילט איז עס געוואָרן מייס־טערהאַפט! גנעראָסלאַווסקאַ, מאירזאָן, אַדלער, האָבן געגעבן קאָנצערט, נאָך מער אויסגעצייכנט האָט זיך זשעלאַזאַ אַלס רב — דער פיינסטער און איידלסטער טיפּ אינם שטיק — איין בער־מאַן האָט אַביסל איבערגעטריבן און מער געשפּילט מיט די שטי־וול אַלס מיט האַרץ און קאָפּ...

אין אַלגעמיינעם, ווי געזאָגט — אַ קאָנצערט.

און וואָס? זאָל איך מיך בייזערן אויף אַדלערן, וואָס האָט אינגמיטן אַ דראַמע אַ קופּלעט געזונגען? עס איז אַן עולה, אַ גרויסע עולה! וואָס העלפט אָבער, אַז אינם קופּלעט־זינגען שטעקט מער טאַלאַנט, ווי אין גאַנצן גאָרדין מיטן שטיק?

גיי, בייזער זיך!

1906

# צעזייט און צעשפּרייט

פֿאַראַן צוויירליי פּאָגראָמען: היכע און שטילע. היכע פּאָגראָמען מאַכן כּליגאַנעס, שכּורע, באָרוועסע, אויף אייגענע פּויסט און חשבון, אָדער אונטערגעהעצט. הייזער ווערן צעשטערט, פֿאַרמעגן צעראַבירט, מענטשן — אַלטע ווייבער און קינדער — פֿאַרוואונדעט און געטויט...

אַזאַ פּאָגראָם שרייט, אַז מען הערט אין איראָפּע! איראָפּע, ווי ווייט עס שאַדט איר נישט, ווערט צערודערט, פּראָטעסטירט... און גיט אַ מאַרק אָדער אַ פֿראַנק.

די ליבעראַלע פּאַרטייען און מענטשן אין לאַנד אַליין: בייזערן זיך אודאי. דער כּעס שוואַכט אָפּ די רעגירונג. יעדער פּראָטעסט, יעדער געוואַלד־געשריי — רייסט אַ ציגל פֿון דער אַלטער מויער...

אַ קאָפּיקע פּאַר געראַבירטע און פֿאַרוואונדעטע — נישט.. געלט דאַרף מען אויף אַנדערע צוועקן, אָבער שרייען, מהיכא תיתי...

דאָס זענען די היכע פּאָגראָמען. הייזער ווערן איינגע־ריסן, מעבל צעהאַקט — עס טוט זיך מיט פֿייער, מיט העק, מיט אייזנס — — —

פֿאַראַן אָבער שטילע פּאָגראָמען: די יידישע פֿאַמיליע ווערט צעשלאָגן, און קיינער זעט נישט און קיינער הערט נישט.

דאָס הויז איז גאַנץ, נאָר לער. טאַטע־מאַמע און אַלע קינ־דערלעך, קיין עין הרע, לעבן, נאָר צעשלאָגן, צעוואָרפֿן!

„צעזייט און צעשפרייט“ איז נישט נאָר דאָס פאָלק, די פאַמיליע איז צעזייט און צעשפרייט! אָן אייזן און העק און „אָן אַ טראָפּן בלוט צו פאַרגיסן“ איז אַ מערדעריי געשען — אַ פאַמיליען־נשמה איז געקוילעט געוואָרן אָן אַ מעסער, און עס וועט קיין האָן נישט קרייען! אַ פאַרסמט גלות־בלימל — אַ האָלך־שוואָם האָט זיך אין הויז אַריינגעגנבעט, און דאָס הויז איז צעפוילט און צעפאַלן געוואָרן...

אָט אַ טאַטע — אַ ייד אַ סוחר. אַ פאַרקויפטער מיט לייב און לעבן און מיט דער גאַנצער נשמה דעם פּריץ... אונטערטעניק, פאַריאָגט, פאַרהאָרעוועט, צעבייזערט — מיט אַ באַהאַלטענער, טיפער ליבשאַפט צו קינדער, מיט אַ טיף־באַהאַלטענעם דורשט צו נחת פון קינדער — — —

אָט אַ מאַמע, אַ תּחנות־ און סדור־יידענע. אַ גוטע, אַ שטילע... זעט און פאַרשטייט נישט, וואָס אַרום איר טוט זיך; הערט נייע ווערטער, נאָר „מאַלע, וואָס קינדער פּלאַפּלען“... און מע הערט זי דעריבער אין שטוב, ווי דעם רב — —

אַ דינסטמיידל — אַ שונא אין שטוב. בעלי־בתּים — בלוט־זויגער...

און קינדער...

נאָך צוזאַמען זייענדיק, זענען זיי צעזייט און צעשפּרייט!

אָן עלטערע טאָכטער — אַ גרושה — אַ פּוסטע, לאַכנדיקע, לעבנס־און ליבע־דורשטיקע, אַנטלויפט מיט אַ דענטיסט.

די יונגערע — אַ האַלב־געלערנטע, וויל ווערן אַ גאַנץ־באַלערנטע, עס ציט זי „אויף קורסן“ קיין בערן, אַ שטאָט, פון וועלכער טאַטע־מאַמע האָבן קיינמאָל נישט געהערט...

און זין זענען פאַראַן -- איז דער עלטערער אַ לעב־קינד — אַ קאָרטן־שפּילער, אַ „גוטער בחור“ ווי מען זאָגט, און ווי עס פּאַסט פאַר אַן אויפגעקומע־עם יידס אַ זון... דער צווייטער איז אַ סאָציאַליסט, דער דריטער — אַ ציוניסט און דאָס פאַרצויגענע מיזיניקל — אַ ליבהאָבער פון קעצלעך מיט הינטלעך.

און די עלטערן קוקן און זעען נישט, הערן און פאַרשטייען נישט, און אַז דער אָפּגרונט, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן

צווישן זיי און די קינדער, אַנטפּלעקט זיך זיי פּלוצלינג — הויבט זיי אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן. שרייט דער טאַטע צו דער מאַמען: אַ מאַמע ביסטו? וואו זענען דיינע קינדער? און זי פרעגט: און דו, טאַטע? און זי האָט חרטה אויפן גאַנצן עסק!

צי איז נישט בעסער געווען אינם קליינעם שטעטל, וואו זי האָט פריער געלעבט, וואו זי האָט מיט פיש געהאַנדלט און מען האָט זיי גערופן „טשאָלנט"? דאַמאָלט זענען די קינדער געווען! און היינט? היינט הייסט זי „שאַלענט", פאַראַן שפּיגלען און „שמאַטקעלעך", אָבער די קינדער זענען קיין קינדער נישט!

---

טראַגיש און קאָמיש זענען אַזעלכע עלטערן, וואָס אַרבעטן און האָרעווען אויפן אַלטן שטייגער, און האָבן נאָר איין עולם הזה — נחת פון קינדער! טראַגיש־קאָמיש זענען זיי אין דעם מאָמענט, ווען דער נחת צעשפּריצט זיך, ווי אַ דין־גלעזערנע שויב: פּלוצלינג — אויס קינדער, נישטאָ קיין קינדער!

מענטשן, וואָס זענען געוויינט צו זען אין הויז דעם אָנהויב און דעם סוף פונם גאַנצן לעבן און דעם גאַנצן תכלית פון אָנהויב ביזן סוף, ווערן פּלוצלינג געוואָר, אַז זייערע קינדער שפּייען אויף דעם „תכלית": אַז דאָס זענען ווילדע וואַנדער־פייגל מיט אויסגעשפּרייטע פליגל צום אַוועקפליען. זיי האָבן קיין הויז און קיין היים נישט... אין דער פרעמד זענען זיי עפּעס. וואָס עס ציט זיי — אַ דענטיסט, ארץ־ישראל, בערן — איינעם ציט נאָר קיין סיביר...

אַלטע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט נאָר איין מאָראַל: שלום, שטיל זאָל זיין, אונטערטעניק שטיל; דינען דעם פּריץ און פאַר־דינען ביים פּריץ — אַזעלכע אַלטע מענטשן ווערן מיט אַמאָל געוואָר, אַז זייערע קינדער שפּייען אויף דער מאָראַל. האַלטן זי פאַר נידעריק און ווערמיק און מאוסן זיך פאַר איר — „יידן דאַרפן נישט קושן דעם פּריצס האַנט" שרייט דער ציוניסט.

„קיין מענטש טאָר דעם צווייטן נישט דינען" — פאַרריכט דער סאָציאַליסט, „קיינער האָט איבער קיינעם נישט צו זאָגן, אַפילו טאַטע־מאַמע איבער קינדער נישט" — זאָגט די טאָכטער, וואָס וויל קיין בערן.

און אַלע זענען אָדער ווילן אַוועק.

„צעשיידן זיך — אַדרבה" — פאַרשטייט דער אַלטער טאַטע אויף זיין אופן — נאָר ווי אַזוי? אייביק מיט קינדער צוזאַמען לעבט מען נישט. „על כן יעזוב" איז אַ בפירושער פסוק „מען מאַכט אַ קינד חתונה, עס גייט דערנאָך אַראָפּ פון קעסט, מען מאַכט זיך אַ באַזונדער געשעפט, מען פאַרדינט אַ קערבל..."

און דאָ איז אַ טאָכטער, פאַר וועלכער מען האָט אייַנגעקויפט יחוס, דעם פיינסטן שדוך געטאָן, און זי וויל אַוועק מיידלווייז...

מען האָט זיי אַ סקאַנדאַל געמאַכט, אָפּגעשיקט די תנאים, אַ בהלה, אַן אומגליק, און זי — די טאָכטער — לאַכט! זי איז צופרידן דערמיט, זי *איז פריי* געוואָרן!

און פאַר די קינדער, וואָס דאַרפן זיין שטיל און אונטערטעניק אונטער טאַטע־מאַמעס פליגל און טאָן „וואָס גאָט הייסט, וואָס טאַטע־מאַמע הייסן און אַלע גוטע פרומע לייט", — איז גאָר ווייניק גלייך צו זיין מיט אַלע. דעם קאָפּ אויפגעהויבן און אויסגלייכן זיך אַליין די ביינער — אַ וועלט פאַרזאָרגן ווילן זיי! דער סאָציאַליסט וויל, גאָט ווייס וואָס, אַ וועלט גליקלעך מאַכן! דער ציוניסט וויל קיין ארץ־ישראל, מיט זיין מאָגערער שוואַכער האַנט — ערד אַרבעטן, ביימער פלאַנצן — און זי, דאָס מיידל, וויל קיין בערן!

די טראַגי־קאָמעדיע האָט באַאַרבעט שלום־עליכם אין זיין דרייאַקטיקן שטיק: צעזייט און צעשפּרייט, וואָס שפּילט זיך אין יידישן טעאַטער אויף קרולעווסקאַ.

דאָס שטיק האָט אַלע גרויסע מעלות און אַלע קליינע חסרונות פון שלום־עליכם, וואָס וועט זיך קיינמאָל פון קיין וויץ נישט אָפּזאָגן, וואו מען דאַרף יאָ און וואו מען דאַרף נישט, און דאָס שטיק גרענעצט דעריבער מיט פאַרס.

„די יונגע פייגל״, וואָס דאַרפן זינגען „נייע לידער״ מוזן אַלע זיין קאָמיש און, אַז עס באַווייזט זיך דער נאַדזיראַ־טעל, — אַרויסשפּרינגען פון פענסטער און באַהאַלטן זיך אונטער טישן... קיין איינציקער בלייבט שטיין... און דאָס טראַגישע ווערט צעשפּריצט. און צום סוף ווען דער אַלטער טאַטע, וואָס לויפט אין ראָק און צילינדער צום פּריץ, בלייבט פּלוצלינג שטיין, דאָס האַרץ הויבט־אָן רעדן, און ער צעוויינט זיך אויף זיין מזל, — ווילט זיך אים צושרייען:

— ווייַן נישט, נאַרישער ייד! וויין נישט, נאַרישע יידענע! נאַרישע הינער, פון אייערע אייער זענען ענטן נישט אַרויס, וויַיט אויפן וואַסער וועלן זיי זיך נישט לאָזן...

זיי וועלן צוריקקומען!

---

געשפּילט איז די זאַך געוואָרן אים אַלגעמיינעם גוט. אויס־געצייכנט האָט זיך מאַירזאָן (דער פּאָטער). אַדלער האָט שלעכט פאַרשטאַנען די ראָלע פון שליח, וואָס ברענגט אָפּ די תנאים. ער דאַרף זיין אַ דורכגעטריבענער כל־בו, וואָס שינדט פון אויפ־געקומענעם גביר די הויט, און ער האָט געשפּילט אַ נאַרישן שדכן, אָבער, לויט זיין פאַרשטענדניש, גוט די ראָלע אויסגעפירט!

1906

# די מוטער

אַ דראַמע אין דריי אַקטן, פון דוד פּינסקי.

די מוטער — די אַלמנה וויל דאָס צווייטע מאָל נישט חתונה האָבן. איר געשטאָרבענעם מאַנס שותּף און גוטער פריינד שדכנט זיך צו איר: זי זאָגט אים אָפּ. און נישט דערפאַר, וואָס זי וויל אים נישט. און נישט דאָס געדעכעניש פון פאַרשטאָרבענעם מאַן לאָזט זי נישט חתונה האָבן — זי זאָגט זיך אָפּ פון שדוך צוליב די קינדער. זי וויל זיך מיט די קינדער נישט צעשיידן. עס איז איר אַזוי גוט מיטן זון און מיט דער טאָכטער צוזאַמען. באַלד אָבער פאַלט דאָס ברויט מיט דער פוטער קאַפּויר! די קינדער קומען אַהיים: די טאָכטער פון שפּאַציר, אַ הונגעריקע, און כאַפּט זיך צום עסן, נאָר דאָס איז אַ צופעליקער מאָמענט, וואָס האָט קיין פאָלגן אין דער דראַמע נישט, דער זון קומט אָן. ער קומט אַריין אַ צעהיצטער, אַ צעפלאַמטער, אַ גליקלעכער: ער איז פאַרליבט איבער די אויערן און געליבט איבער די אויערן! זי האָטן אָנגענומען. און ער כאַפּט אַרום די מוטער און קושט זי און האַלזט זי — אַ פרייד! נאָר עס וועט זיין אַ געפערלעכע פרייד!

— ווער איז דיין כּלה?

— ווער? מאַשאַ!

און די מוטער קען אויפן שדוך בשום אופן נישט באַשטיין: מאַשאַס פאָטער האָט געהערט צום טעאַטער, אין טעאַטער

האָט ער געשפּילט און צווישן חברים און חברטעס מיט ליכווע געהאַנדלט. די הויט פּלעגט ער פון זיי אָפּציען! פאַר דאָס, אַז מען האָט געשפּילט אַ געשלעג, פּלעגט מען זיך אָן אים נוקם זיין און ווירקלעך שלאָגן, „מכות רצח" שלאָגן, אַז מען פּלעגטן אַראָפּפירן פון דער בינע אַ טויטן...

ווייטער אַ פאַרביייגייענדיקער מאָמענט, וואָרים מאַשאַ, ווי עס ווייזט זיך שפּעטער אויס, האָט גאָרנישט געירשנט פון פאָטער. זי איז ווירקלעך אַ גוטע, אַ ליבע און, ווי דעם חתנס שוועסטער זאָגט, טאַנצנדיק איבער דער שטוב: אַ „פּרעליעסט"!

די „מוטער" אָבער וויל נישט, בשום אופן נישט. הייסט וועלן צווישן זיך און מאַשאַן, און אַז דער זון וויל נישט נאָכגעבן און די טאָכטער האַלט מיטן זון, — צעשפּאַלט זיך די פאַמיליע, פאַרלאָזט די מוטער דאָס הויז און גייט צום צווייטן מאַן.

אַזוי פאַרקניפּט זיך די דראַמע אין ערשטן אַקט.

די מוטער האָט חתונה געהאַט, דער זון אויך, די טאָכטער בלייבט מיטן ברודער צוזאַמען.

מיט נייע קינדער האָט זיין ליבער נאָמען די „מוטער" נ י ש ט געבענטשט, און זי בענקט, נאַטירלעך, נאָך אירע קינדער, שרייבט צו זיי בריוו נאָך בריוו; די קינדער אָבער שיקן זיי צוריק, נישט־געעפנט. אין זעקס־זיבן יאָר אַרום (עס איז שוין דאָ אַן אייניקל פון די יאָרן) ווערט די מוטער געוואָר, אַז די טאָכטער איז איבערגעשטאַנען אַ קרענק (ווייטער אַ צופעליקער מאָמענט), גייט זי צו די קינדער. און די וויזיט ביי די קינדער איז שוין דער אינהאַלט פון צווייטן אַקט.

די מוטער קומט אַריין און טרעפט נאָר די דינסט אין שטוב, פון איר ווערט זי געוואָר, אַז זי איז פון די קינדער אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. איר פּאָרטרעט האָט מען פון דער וואַנט אַראָפּגענומען! עס באַווייזט זיך דאָס אייניקל — ער האָט קיינמאָל פון קיין באָבן נישט געהערט! עס קומט אַריין די שנור — און זי ווייס נישט, וואָס מיט זיך צו טאָן. עס איז אַ רחמנות אויף דער אַלטער, נאָר זי וויל נישט האַנדלען קעגן מאַנס ווילן, און זי פילט נאָך, פילייכט, איר באַליידיקונג!

זי שלאָגט זיך מיט דער דעה. ענדלעך זיגט דאָס גוטע, זי פאַרהאַלט די שוויגער. באַלד קומט אָן די רעקאָנוואַלעסצענטין— די טאָכטער: אַ בלאַסע, אַ שוואַכע, כאַפּט זיך מיט די נעגל ביים האַרץ, און דאָך קען זי בשום אופן אויף דער מוטער נישט קוקן, בשום אופן. נאָך אַ מינוט, און דער זון קומט אָן, ער עפנט די טיר, דערזעט די מוטער און — ציט זיך צוריק!

אין דריטן און לעצטן אַקט קומט די מוטער פון דער וויזיט צוריק אַהיים צום מאַן און זיין שוועסטער, וואָס וואוינט ביי זיי, זי וויל באַהאַלטן איר האַרץ־ווייטאָק. פאַרקערט: גאָר גוט געווען! אַ נחת! מען האָט זי ליב! מען האָט אָן איר קיין רגע נישט פאַרגעסן — זי פאַלט אָבער פון די קרעפטן, דאָס אומגליק רייסט זיך געוואַלדיק אַרויס — עס ווערט איר ערגער. לויפן נאָך אַ דאָקטאָר? ניין, די קינדער וויל זי, די קינדער. זאָל מען זיי אָנזאָגן, אַז זי איז קראַנק, אַז זי שטאַרבט! זיי וועלן קומען, זיי מוזן קומען. — דער צווייטער מאַן לויפט עס טאָן, די טיר פאַרמאַכט זיך הינטער אים, איבער דער צייט, וואָס ער זוימט זיך, קלאַמערט זיך די מוטער מיט די לעצטע קרעפטן אום איר האָפנונג, אַז זיי וועלן קומען. צו דער קראַנקער מוטער וועלן זיי קומען. אָט גייען זיי, אָט קומען זיי, אָט זענען זיי דאָ! אָט קושט זי און האַלדזט זי זיי, אָט דריקט זי זיי צו צום האַרץ, און אז דער מאן קומט צוריק איינער אַליין, פאַלט זי, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים.

---

די דראַמע מאַכט אַן איינדרוק, האָט שטאַרקע, זייער שטאַרקע מאָמענטן און דאָך — איז אין אַלגעמיין דער איינדרוק נישט אַזוי שטאַרק, ווי ער האָט געקאָנט זיין.

און שולדיק איז נישט דאָס שפּילן, פרוי קאַמינסקאַ האָט די הויפּט־ראָלע געשפּילט מייסטערהאַפט, די אַנדערע — גוט, אַפילו דאָס קליינע אייניקל האָט גוט געשפּילט, אַן אויף דער סצענע געבוירן קינד!

אין וואָס דען שטעקט דער פעלער?

אינם סטיל!

טראַגיש קאָן זיין דאָס לעבן אַליין: אַן אויסטערלישע לאַגע, אַ צוזאַמענשטויס פון נישט געוויינלעכע פאַקטן, וואָס זענען טראַגיש אָדער דראַמאַטיש פון נאַטור. טראַגיש אָדער דראַמאַטיש קאָן אויך זיין דער מענטש אַליין, דער כאַראַקטער פון מענטש.

פאַראַן מענטשן, וואָס שווימען איבערן לעבן לייכט, ווי אַ שטרוי אויפן וואַסער; אַנדערע שמיצן עס איבער מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן; זיי נעמען עס קיינמאָל נישט ערנסט. פאַראַן אָבער אויך מענטשן טיפערע, וואָס פילן דאָס לעבן טיפער און דאָס געוויינלעכסטע ווערט ביי זיי דראַמאַטיש. פאַראַן פעסטע מעטאַלענע מענטשן, וואָס לאָזן זיך געשווינדער ברעכן, איידער בויגן; וואָס קאָנען נישט נאָכגעבן, זיך אונטערוואַרפן און אפילו נישט אויסמיידן, בפרט אין וואָס עס איז אָפּטרעטן. מענטשן, וואָס זאָגן: גאָר אָדער גאָרנישט! און פאַר אַזעלכע איז יעדער מאָמענט אַ לעבנס־פראַגע, יעדער צופאַל קאָן ווערן דראַמאַטיש און טראַגיש!

פינסקיס דראַמע האָט געמוזט געבויט ווערן אויף די פּערזענלעכקייטן. וואָרים ביי געוויינלעכע מענטשן אין געוויינלעכן לעבן האָט אַ מוטער נאָכאַמאָל חתונה; קינדער „בלאָזן זיך״, „ברוגזן״ זיך אַ צייט און בעטן זיך איבער... געוויינלעך, באַשטייט די מוטער אויף אַ שלעכטן שידוך, בפרט ווען דאָס קרן איז גוט, און קושט נאָך דעם קינד, אַבי עס נישט צו פאַרלירן, אינם געוויינלעכן לעבן איז דער האַס צו דער מוטער, וואָס האָט דעם טאַטן פאַרגעסן, ווייניקסטנס נישט אַזוי שטאַרק, ער זאָל האַלטן זעקס־זיבן יאָר און נישט אָפּגעשוואַכט ווערן אויף דער האָר!

מעגלעך איז עס נאָר ביי אומגעוויינלעכע מענטשן. ביי מענטשן, וואָס זאָגן: מיין ווילן מוז געשען, אָדער ביי הויך און טיף מאָראַלישע מענטשן, וואָס ווילן אַ וועלט אומברענגען, אַבי זייער גרונטזאַץ זאָל בלייבן שטיין!

אָבער אומגעוויינלעכע מענטשן פירן אַן אומגעוויינלעכע שפּראַך, אומגעוויינלעכע געפילן טראָגן אומגעוויינלעכע קליידער,

דריקן זיך גאָר אַנדערש אויס. און דאָ רעדט די גאַנצע פֿאַמיליע וואָכעדיק, און ווײַל מיר זאָלן גלויבן, אַז זיי האָבן תּשעה־באָב און יום־כּפּור אין האַרץ. קיין איינציקער מעטאַלענער קלאַנג, קיין טיפֿערער אויסדרוק. אַז די קינדער צעקריגן זיך מיט דער מוטער אין ערשטן אַקט, רעכנט מען אויף זיכער, אַז אין אַ מינוט אַרום וועט זײַן שלום ושלווה, אין דער צווייטער אַקט איז אַ סורפּריז, אַ נישט געהאַפּטער צופֿאַל... ערשט דער דריטער קומט ריכטיק נאָכן צווייטן, אויך נישט מיט זײַן גאַנצער שטאַרקייט.

און דאָך וואָלט מען געקאָנט די דראַמע רעטן. דער אַקטיאָר קאָן מיט זײַנע באַוועגונגען רעקן די פֿעלער פֿון דער שפּראַך! עס דאַרף אויסזען, אַז די מענטשן פֿילן מער און טיפֿער, אַלס זיי רעדן, די קינדער דאַרפֿן דעריבער שפּילן אַזוי גוט, ווי די מוטער; עס זאָל זײַן אַ קאָנצערט.

לאָמיר האָפֿן, אַז צום צווייטן מאָל וועט אַזוי זײַן און די אַקטיאָרן וועלן באַצאָלן דעם אויטאָרס חוב.

1905

# דוד אין דער מדבר

אויב איר ווילט זען שמואל הנביא אין בית־לחם ביי אַן עמוד מיט צוויי ליכט פון פאָרנט און צוויי, געווים כהנים, אין הויכע שלאָפמיצן פון פאָרנט און הערן פון זיין אייגן מויל, ווי איין מלך טאָר קיין „קולאַק" נישט זיין און דאַרף נישט שמייסן מיט דער „נאַגייקע". אויב איר ווילט זען, ווי ער שטרעקט אויס די הענט, פאַרגלייסט אַ פּאָר קאַלטע אויגן און פאַרציילט, אַז דער לייב איז מלך איבער די חיות, כאָטש דער העלפאַנט איז גרעסער, דער טיגער — ווילדער און דאָס מפגיעלע שטאַר־קער, — נאָר דעריבער, ווייל דער לייב פאַרצוקט און צערייסט נאָר פאַר זיין ווייב און קינד, פאַר זיין משפחה, פאַר זיין פאָלק הייסט עס (!) און דעריבער קאָן שאול בן קיש נישט בלייבן קיין מלך...

אויב איר ווילט הערן, ווי דוד בן ישי זינגט אַ חזנישן „למנצח" מיטן קנאַק; שיסט פון אַ רעוואָלווער מיט אמת פּולווער און איז אַ רואה ואינו נראה — אַ לייב...

אויב איר ווילט זען איינעם פון די יידישע גבורים אין שאול און דודס צייטן מיט אַ געגאָלטער באָרד... מיכל בת שאול אָנגעטאָן, ווי אַ קעכין אויף אַ מאַסקאַראַד הינטער דער שטאָט, בשעת זי רעדט וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע בירגער און פאַרזיכערט, אַז דוד המלך דאַרף נישט קיין האַרעם, ווייל זיין האַרעם איז דאָס בית־המקדש און דאָס תהילימל — זיין ווייב.. און רעדט בכלל קעגן עגאָיזם און ליב האָבן זיין „איך".

אויב איר ווילט הערן, ווי דוד, ווען ער איז שוין מלך, וויל טיילן די קרוין מיט מיכל, נישט, חלילה, מחמת תאוה, נאָר ווייל ער איז געבליבן אָן אַ שווער... אַז ער טראָגט דאָס צו, אַז דוד האָט ווייב, נאָך לכבוד דעם גע־שטאָרבענעם שאול המלך... אויב איר ווילט הערן, ווי ער וויינט אויף זיין עלנט, ווייל ער איז געבליבן אָן אַ שווער...

אויב איר ווילט זען, ווי אויסגעצייכנט יידישע גבורים אין שאול המלכס סוויטע שלאָפן, אַז כאָטש די מוזיק שפּילט, דוד המלך זינגט, און אביעזר (אויב איך האָב קיין טעות נישט) טרעט זיי אויף די הינער־אויגן...

אויב איר ווילט הערן, ווי אַ שוואַרצע מויד, מיכל בת שאולס קעגנערין, זינגט וועגן ליבע; אָדער ווי פּאַרצייטיקע יידן טאַנצן מיט נקבות און הויבן זיי און וואַרפן זיי אונטער אין דער הויך —

און בכלל אויב איר ווילט הערן אָפּגעגנוצטע, אָפּגעדראָ־שענע שאַרמאַנקע־מוזיק און זען אַ פּאַרס, אין וועלכן גבורים שטאַרבן, גלית פאַלט פון דודס שטיין און מיכל בת שאול זינגט אָן אַ קול...

אָדער, ווי שאול המלך מיט דודן פון איין זייט און מיכל אויף דער צווייטער, זיצן אויף אַ טראָן פון דריי אמאַראַנטענע אויסגעבעטע שטולן —

אויב איר ווילט דאָס אַלץ זען, גייט אויף „דוד אין דער מדבר"...

אויב איר ווילט האָבן שטאַרקע איינדריקן, פּלאַצן פאַר לאַכן, ווען אביעזר קאָן נישט אַריינשטעקן די שפּיז אין שלעכטן דואגס ברוסט, און וויינען אויפן יידישן טעאַטער, מיט זיינע אויטאָרן, ליטעראַרישן רעדל־פירער און טאַנטפּולע אַקטיאָרן, פון וועלכע מען מאַכט קוימענקערערס — גייט אויף „דוד אין דער מדבר"...

און אפשר וועט אייך גאָר שמעקן דאָס ליד פון דער מכשפה, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אַרויסגערופן שמואל הנבא פון קבר און זינגט שוין אָן ציין אַ ליד פון שדכנים, יונגע ווייב־

לען, וואָס האָבן ליב צו נאַשן און דער עיקר — וועגן דער מטבע?

---

עס איז געווען אַ ויכּוח אין דער פּרעסע. מען האָט די פראַגע געשטעלט, ווער איז שולדיק, וואָס דאָס „יידישע טעאַטער", אויף וועלכן מען האָט אַזוי לאַנג געהאָפּט, ווי אויף משיחן געוואַרט, שפּילט „וועלוועלע עסט קאָמפּאָט" — „אשה רעה" און דערגלייכן — — —

צי זענען שולדיק די יידישע שרייבער, וואָס „מאַכן" נישט קיין דראַמען...

צי איז שולדיק דער ליטעראַרישער רעדל־פירער, וואָס האָט גוטע זאַכן און גיט „שונד" —

צי קומט אויפצוהענגען דעם אַנטרעפּענער, וואָס פאַרלאַנגט דורכויס שמוץ, צוליב קאַסע...

צי אפשר גאָר די יידישע אַקטיאָרן אַליין, וואָס ווילן בעסער פריילעך מאַכן דעם עולם?

גלויבט מיר — אַ נאַרישער ויכּוח געווען...

שולדיק איז דאָס „פּובליקום" דאָס וויסטע, פאַרשאָלטענע פּובליקום, וואָס האָט אויערן נאָר פאַר שאַרמאַנקע־מוזיק, אויגן — נאָר פאַר אויפרייסנדיקע זאַכן און אַ געשמאַק פון גראָבע, ווילדע מענטשן, פון אוממענטשן.

דאָס פּובליקום, וואָס האָט אויף „דוד אין דער וויסטע" דאָס טעאַטער פאַרפולט, בראַוואָ געפּאַטשט, און — אַרויסגערופן דעם אויטאָר...

1905

# פון יידישן טעאטער

(הער עפּעלבערג פּראָטעסטירט. „דאָס ווילנער בעל־הביתל״).

הער עפּעלבערג איז בייז אויף דער רעצענזיע איבער „דוד אין דער מדבר״.

עס איז נאָך אין אונזער ליטעראַטור קיין מאָדע נישט, מחברים זאָלן אַרויסטרעטן קעגן קריטיקער, הער עפּעלבערג פאַר זיכערט אָבער, אַז ער טוט עס נישט צוליב זיך, נאָר צוליב דעם פּובליקום, וואָס איך האָב באַליידיקט. גוט. און איך וועל ברענגען וואָרט ביי וואָרט די שטעלן פון פּראָטעסט, וואָס רירן אָן די זאַך (דאָס פּערזענלעכע לאָז איך פאַר מיר) און וויל אויף זיי ענטפערן, נישט צוליב מיר און געוויס נישט צוליב הערן עפּעלבערג, נאָר אויך צוליב אַנדערע: צוליב דעם פּובליקום, וואָס דאַרף און מוז באַקומען אַ בעסערן געשמאַק; צוליב דעם יידישן טעאַטער, וואָס עס איז שוין צייט, עס זאָל האָבן אָפּגעפּאָקט און אָפּגעמאָזלט מיט שונד־שטיק און אָנהויבן וואַקסן, און צוליב דעם יידישן שוישפּילער, — מען זאָל פון אים קיין פּורים־שפּילער נישט מאַכן...

און אויב הער עפּעלבערג פאַרזיכערט צום סוף פון זיין פּראָטעסט, אַז „אַלע אַקטיאָרן, וואָס האָבן געשפּילט אין זיין פּיעסע, זענען שטאָלץ אויף זייערע ראָלן״, מוז איך, צוליב דעם אמת, אויסזאָגן אַ סוד פון חדר: אין רעדאַקציע פון „וועג״ זענען

געקומען צוויי פון די בעסטע שוישפּילער און האָבן, אַלס דע־לעגאַטן פון דער טרופּע, פאַר דער רעצענזיע געדאַנקט...

וואו ליגט דער אמת? זאָלן די שוישפּילער דערקלערן. און אַצינד — צום פּראָטעסט:

הער עפּעלבערג שרייבט: אויב איר ווילט זען שמואל הנביא הינטער בית־לחם — נישט אין בית־לחם און נישט ביי קיין עמוד, נאָר שטיין ביי אַ מזבח מקריב זיין אַ קרבן, הינטער אים צוויי כהנים און דאָס פאָלק, צווישן זיי אויך ישי פון בית־לחם, קניען אַרום מזבח און מתפלל זיין צו גאָט. (שמואל א׳, ט״ז).

דאָס, וואָס אויף דער סצענע איז געשטאַנען אַ הילצער־נער עמוד, נישט קיין געמויערטער מזבח; די צוויי ליכט פאַרן עמוד, די שלאָף־מיצן אויף די כהנימס קעפּ, די שורה מוידן, רעכטס ביים „מזבח" — דאָס אַלץ פאַרשלינגט הער עפּעל־בערג, וואָס האָט אַליין דאָס שטיק רעזשיסירט, און גאָרנישט! ער פאַררופט זיך נאָך אויף שמואל א׳ ט״ז, וואו עס ווערט גערעדט פון קרבנות, אויבוואויל דער איינציקער קרבן ביי דער סצענע איז געווען נאָר דער שוישפּילער.

הער עפּעלבערג זשענירט זיך אָבער נישט און רופט ווי־טער: אויב איר ווילט הערן פון שמואל הנביאס מויל —

קלוגע ווערטער, ווי שיין ער ברענגט אַרויס גאָטס רייד: „ואני מאסתיו ממלוך על ישראל" — אַז שאולן האָט גאָט פאַרמאוסט פון צו זיין אַ מלך איבער ישראל — ווייל ער איז צו האַרט פאַרן פאָלק. און זאָגט דערביי — נישט ווי דער קריטיקער שרייבט פון אַ נאַגייקע — אַ וואָרט, וואָס געפינט זיך נישט אין דער גאַנצער פּיעסע — נאָר: „מע ציטערט פאַרן קאַנטשיק, מע פלאַטערט פאַר דער ריט, אָבער פאַר זיי אַכטונג האָבן, דאָס קיינמאָל נישט..." אַלזאָ — קאַנטשיק, נישט נאַגייקע!

שאול האָט פאַרלוירן די מלוכה, ווייל ער האָט נישט גע־האַט דאָס האַרץ אויסצוראָטן די עמלקים פאַר זייער פעטערס

זינד, און הערן עפּעלבערג איז ער דער פאָרשטייער פון דער נאַגייקע — פּאַרדאָן — פון קאַנטשיק!

די נביאים — ווייסט הער עפּעלבערג — וואָס שטעלט זיך נאָר אויף פּסוקים — „די נביאים האָבן ליב צו רעדן מיט משלים״, זאָגט טאַקע שמואל אַ משל —

> פון אַ לייב מיט אַ וואָלף, אַז שאול פון שבט בנימין, וואָס יעקב האָט אין זיינע לידער געגליכן צום וואָלף, דאַרף נישט קיין קעניג זיין, נאָר איינער פון שבט יהודה, וואָס יעקב האָט פאַרגליכנט צום לייב. און דערביי ערקלערט ער זיי דעם לייבס אייגנשאַפט: אַז ער וואַרפט זיך זעלטן אויף אַ מענטש, און ווען דער מענטש אַנטלויפט נישט פאַר אים, נאָר קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין, וואַרפט זיך נישט אויף אים דער לייב, ווי די נאַטורפאָרשער באַשרייבן דעם מלך פון די חיות.

גרויסאַרטיק איז דער „זעלטן״ — הער עפּעלבערג איז געניט, זעט איר, אַפילו אין נאַטור־געשיכטע... און פילייכט באַטייט דער „זעלטן״: שטענדיק, נאָר אויסער ווען דער לייב שלאָפט... אָדער, ווען ער איז טויט... און דער משל ווערט דערציילט —

> כדי צו דערקלערן, פאַרוואָס גאָט וויל נישט האָבן שאולן פאַר אַ מלך.

שאול, הייסט עס, האָט פאַרצוקט, כאָטש מען האָט אים נישט געקוקט אין די אויגן אַריין; ליידער האָט ה׳ עפּעלבערג אויף דעם קיין פּסוק נישט...

און אויבוואויל אָן אַ פּסוק, רופט ער ווייטער אין קרעמל אַריין:

> אויב איר ווילט הערן דוד בן ישי זינגען אַ קאַפּיטל פון זיין תהלים: „השמים מספרים כבוד אל״, מיט אַן אמת זיסן פּאַסטוך־ניגון און שיסט נישט פון אַ רעוואָלווער מיט פולווער, דען עס הערט זיך אַ שטומפּיקער קלאַפּ, ווי פון אַ בויגן.

און דאָס, וואָס דאָס געערטע פּובליקום, פאַר וועלכן הער עפּעלבערג נעמט זיך אַזוי אָן, הערט אַ חזנישע, נישט קיין שעפע־רישע זאַך, און ווערט פאַרציטערט פון אַ שאָס פון פּיסטויל נישט עפּעס אַנדערש... און דאָס, וואָס די פייל פון בויגן גיט נישט קיין שטומפּיקן קלאַפּ, נאָר אַ פּייף אין דער לופט — דאָס אַלץ מאַכט נישט אויס... שיין איז, מיינט הער עפּעלבערג, צו זען, ווי דוד לויפט צו מיט מוט און טויט אַ לייב, וואָס האָט זיך געוואָרפן אויף זיין הערדע, און הערן די שיינע פּראָזע:

„האָסט געוויזן דעם שטאָלצן טירישן קעניג, אַז צום זיג איז בלויז גבורה נאָך ווייניק".

און שפּעטער אויף מיכלס זאָגן:

„אַך ווי געפערלעך איז דאָס לעבן אין וואַלד!"

ענטפערט ער:

„נישט מער ווי אין שטאָט... גאָט איז איבעראַל, די צווייפיסיקע חיות אין מענטשן־געשטאַלט זענען געפער־לעכער ביי דעם בעסטן פאַל... מען קאָן זיך נאָר איינ־היטן פאַר די פיינט; אָבער גאָט העלף פון פאַרשטעלטע פריינט!"

עס איז אַפילו מיט גראַמען, אָדער, ווי הער עפּעלבערג זאָגט: שיינע פּראָזע... עס איז אַפילו נישט שיין זיך אַליין און בפרט אַזוי נאַריש לויבן, נאָר וואָס טוט עס נישט אַ מענטש צו־ליב דעם כבוד „פון פּובליקום"...

אויב איר ווילט זען אַן אמת־אידעאַלישע יידישע טאָכטער, מיכל בת שאול, וועלכע, כאָטש איר פאָטער האָט געהאַלטן מיט שטאָלץ דעם צעפּטער אין דער האַנט און נאָכגעגאַנגען די תאוות פון יענע צייטישע מלכים, האָט געהאַט אַ האַרעם מיט פרויען א. ד. גל. דאָך איז זי, מיכל, דערגעגן דעם פאָטערס פירונג צום פאָלק. און ווען שאול רופט אָן דאָס פאָלק מורדים, זאָגט זי:

„דאָס גאַנצע פאָלק! הייסן זיי מורדים ביי דיר? האָסטו פאַרגעסן ווער דו ביסט געווען פריער? פאָטער

האָסטו דיר די קרוין אַליין גענומען? האָסטו זי בירושה פון דיין טאַטן באַקומען? גאָט האָט זי דיר געגעבן, האָסט געהאַט די ווערט; אָבער זי פּאַסט נישט פאַר דעם, וואָס לעבט מיט דעם שווערט! די קרוין איז נישט מיין אייגנ־טום! פאַרלאַנגסט צופיל! זי געהער דעם פאָלק, ער קאָן זי לייגן אויף וועמענס קאָפּ ער וויל!״

און ווייטער דאָס זעלבע. ה׳ עפּעלבערג שטייט אויפן פּסוק און קען נישט דעם פּסוק — איבער דער שיינקייט פון זיין „פּראָזע״ נישט צו רעדן —

און זי וואָלט קאָנען קריגן אַ מלך אָדער וויניקסטנס אַ העלד פאַר אַ מאַן, אָבער זי וויל בעסער אַן ערלעכן פּאַסטוך, איינעם פון די דאַמאָלטיקע צוויי אַרבעטער־קלאַסן: ערד־אַרבייט און פיצוכט.

אויך דאַן, ווען זי ירשנט צוזאַמען מיט דודן דעם פאָטערס קרוין, האַלט זי אַ רעדע ביים טראָן ווען דער קרוין און זאָגט: „הערט אויס העלדן א. אז. וו.

„דער ערשטער מלך איז געווען צופיל פאַרפירט; ער האָט מיט זיין מלוכה קעגן פאָלק שטאָלצירט, ווי אַלע די, וואָס ווערן — גרויס פון קליין, פאַרגעסן, על פּי רוב, ווער זיי זענען געווען...״

דערנאָך זאָגט זי נאָך:

„מיכל בת שאול איז נישט די מלכּה פון די היידנישע קאַנטן; אַ יידישע מלכּה דאַרף קיין צירונג, קיין ברילי־אַנטן; דוד בן ישי דאַרף קיין האַרעמס נישט צו האָבן; זיינע תאוות האָט ער אין די וויסטע באַגראָבן. זיין האַרעם וועט דאָס ערשטע בית־המקדש זיין, און דער תהלים — זיין געזאַנג און זיין ווייַן...״

ווי געפעלט אייך מיכל בת שאולס ליבעראַליזם, די דאַ־מאָלטיקע צוויי אַרבעטער־קלאַסן? דער אויסוואַל: אַ מלך אָדער אַ העלד? דער יחוס אין שאולס צייטן? טאָמער ווייסט איר, ווען און מיט וואָס שאול האָט שטאָלצירט קעגן פאָלק, אין

תנ״ך אָדער, להבדיל, גאָר אין דער „פּיעסע״? ווי געפעלן אייך די „היידנישע קאַנטן״?... די געניטקייט און דאָס קלאָרע וויסן, אַז דוד בן ישי דאַרף נישט קיין האַרעם? אַז זיין האַרעם וועט זיין דער בית־המקדש, וואָס גאָט וועט דעם גוטן, האַרציקן דוד נישט לאָזן בויען, ווייל זיינע הענט זענען באַפלעקט מיט בלוט?

נאָר אמת איז, אַז דאָס תהלים דאַרף זיין דודס „ווייו״, נישט „ווייב״, ווי איך האָב, זעט אויס, שלעכט געהערט, פאַר־פירט פון „האַרעם״...

און ווייטער „אויב און אויב״ —

אויב איר ווילט זען דוד המלכס גוטסקייט, ווי דער פסוק שטעלט אים פאָר, ווען שאול מיט זיינע העלדן זענען געשלאָפן אין דער מדבר זיף און דוד איז צו צו שאולן און אוועקגענומען זיין שפּיז און קרוג, און ארויף אויפן באַרג זיי אויפוועקן פון דאָרט (ויבא דוד לילה והנה שאול שוכב ישן וכו׳ ואבנר והעם סביבותו וכו׳ ויקח דוד את החנות וכו׳ ויעמוד על ראש ההר ויקרא וכו׳ שמואל א׳ כ״ו).

נאָר אין פסוק זינגט מען נישט און אביעזר טרעט נישט איבער קעפּ און פּיס...

אויב איר ווילט הערן, ווי דוד רעדט צו אבנרן, ווען דער לעצטער טראָגט אים פאָר די יידישע קרוין, און ער, דוד, שטעלט אים אַ באַדינגונג, אַז ער מוז אים פריער ברענגען מיכל בת שאול (לא תראה את פני כי אם לפני הביאך את מיכל בת שאול, שמואל ב׳ ג) און זאָגט:

„מיין נישט, אַז די תאוה דיקטירט מיר אַזוי.

ניין! איך וויל עס לכבוד המת משיח אדוני״.

וואָרים, ווי קומט תאוה צו „דוד המלך״? אַי וואָס: פּלגשים — בת־שבע — גאָרנישט, דאָס איז אין דער פּיעסע נישט דאָ...

און עד כאן רעדט הער עפּעלבערג ערנסט, מכאן ואילך,

פאַרגעסט ער, אַז פאַרטיידיקן דאָס פובליקום דאַרף מען „בכּובד ראש” און הויבט זיך אָן צו וויצלען...

הער עפּעלבערג! צי ווייסט באמת נישט דוד המלך (אין אייער „פּיעסע”, נאַטירלעך), אַז ער איז געבליבן אָן אַ שווער, אָדער איר האָט שוין די שטעלע אַרויסגעוואָרפן פון שטיק? הער עפּעלבערג, אַ מכשפה מעג זיין אָן ציין, נאָר אַ שרייבער מוז האָבן טאַלאַנט... הער עפּעלבערג — אַ האַרעם האָט געהאַט דוד, נישט שאול, אין האַרעמס ווערט מיט מענער נ י ש ט געטאַנצט... נאָר געגנוג...

הער עפּעלבערג האָט אויך אַ סך פון מיינע טענות פאַר־שוויגן... און זיין פּראָטעסט מיט מיין ענטפער האָבן שוין צופּיל פּלאַץ פאַרנומען. מיר ווען איבערגיין צום ווילנער „בעל־הביתל”.

די טעמאַ איז צום באַאַרבעטן זייער אַ שווערע. דאָס ווילנער בעל־הביתל איז געוואָרן אויס פּאַקט און איז נאָך נישט קיין לעגענדע געוואָרן, און וועט פּילייכט דערצו נישט קומען. און — דער צ ו וי ש ן־מ אָ מ ע נ ט איז אַמשווערסטן צו באַהאַנד־לען. עס איז אַזוי נאָנט און דאָך אַזוי ווייט, אַז דו ווייסט נישט, וואו זיך צו שטעלן קעגן דער זאַך און ווי אַזוי צו מאָלן.

אויף דער סצענע זעען מיר דאָס ווילנער בעל־הביתל נאָך אין דער היים. שבת פאַרן אַוועקפאָרן מוזיק שטודירן קיין וואַרשע, אהין ציט דאָס „שטרעבן” צו העכערע וועלטן. אַהין רופט אים אויך אַ יוגנט־באַקאַנטע, אַ שטיקל גרעפין, דאַכט זיך, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקענט אין מאָגיושקאָס הויז, היג־טער ווילנע. דער פאָטער זיינער (דעם ווילנער בעל־הביתלס) — אַן אַלטער חזן, וואָס האָט אויך אַמאָל „געשטרעבט”, שרעקט זיך פאַר וואַרשע, דאָרט קאָן מען לייכט אַראָפּ פון וועג. דעם ווילנער בעל־הביתלס שוועסטער — אַ מין סימבאָליש־דעקאַדענטיש־קראַנקע פערזאָן און דערצו, צום גרעסטן עפעקט — אַ בלינדע, האָט אַ פאָרגעפיל, אַז זי הערט דעם ברודערס זינגען און שפּילן צום לעצטן מאָל — די שוויגער ציטערט אויף פאַרן וואַרשעווער

יצר־הרע, נאָר דאָס ווייב, דעם ווילנער בעל־הביתלס, אַ פּאַר־צויגענע, פוילע, עגאָיסטישע בת יחידה — פרייט זיך — ער וועט צוריקקומען און ברענגען מתנות, דער עיקר: אַ מאַנטל, אַזוי ווי דער, מיט וועלכן אַ געוויסע גבירה פּאַראַדירט אין דער ווייבע־רישער שול...

דאָס בילד טוישט זיך און מיר זעען שוין דאָס ווילנער בעל־הביתל נאָך אַ גליקלעכן קאָנצערט, אין דער גרעפינס סאַלאָן, אין וואַרשע. מיטן קאָנצערט האָט ער אָפּגענומען די וועלט, אַלץ זיך צו די פיס געוואָרפן און שכור פון כבוד (אין בעסערן זין) און פון דער ליבע צו דער גרעפין, איז ער גליקלעך — ער פאָרט מיט איר ווייטער שטרעבן — קיין איטאַליען.

פאָרן פאָרט ער דאָך נישט. דער פאָטער באַווייזט זיך, דער אַלטער חזן, וואָס איז געקומען נאָך אים, ער ווילן אהיים נעמען, ער דאַרף נישט זינגען פאַר פרעמדע, זיין געזאַנג גע־הערט צו זיין פאָלק, נאָר צו „כל ישראל" — און ער געהערט נישט צו דער גרעפין אין וואַרשע, נאָר צום ווייב מיט די קינ־דער אין ווילנע. אַ מלחמה אין ווילנער בעל־הביתלס האַרץ... גובר איז דאָס יידישקייט — ער פאָרט אַהיים. ער רייסט זיך אויס פון דער פרעמד.

ער רייסט אָבער אויס נאָר מיטן גוף; זיין נשמה איז געבליבן אין דער פרעמד, אַהיים פאָרט נאָר אַ גולם פון ווילנער בעל־הביתל... מיט דער נשמה צוזאַמען האָט ער דאָס גע־זאַנג פאַרלוירן (איינמאָל אין לעצטן אַקט וועט ער נאָך שפּילן, און צעברעכן דאָס פידעלע — דאָס וועט זיין פאַרן טויט!). ער האָט אַפילו די שפּראַך פאַרלוירן, דעם ווילן צו רעדן... נאָך וואָס?

מיר זעען אים שוין קראַנק אינמיטן וועג פון וואַרשע קיין ווילנע; אין אַ קליין שטעטל, אין א חסידישע קלויז, פאַר וועלכער די בויד האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט די פאַרשוינען. אין קלויז רעדט מען פון אים, נישט וויסנדיק ווער ער איז. פון דערווייטנס — אַ שטיק וועגס פון וואַרשע — ווערט ער שוין אַ שטיק לעגענדע... דער „רבי ר׳ מיכל" האָט פון אים נסים

ונפלאות דערציילט — צוזאַמענגעקנעטן די מלכּה שבא (די גרעפין) דוד המלכּס פידעלע, אשמדאי, שלמה־המלכּס סוף און אַ מעשה נורא געמאַכט! דאָס בעל־הביתל (דער פּאָטער איז אַרויסגעגאַנגען זוכן אַן אַפּטייק, צו קויפן אַביסל ווייַן פאַרן קראַנקן זון) שווייגט... נאָר אַז עמיץ זאָגט, אַז ער איז געשטראָפט געוואָרן פאַר אַ שרעקלעכער זינד: ווייל פריער, ווען ער איז נאָך חזן געוועזן, האָט ער נישט געזונגען פאַר גאָט און נישט פאַר כּל ישראל, נאָר פאַר זיין אייגענעם כּבוד וועגן, — שטעלט ער זיך אויף און בעט זיך: ניין, זאָגט נישט אַזוי... „פון וואַנען ווייסטו?" „איך בין עס!" — לאַכט מען, ווי דער ר' מיכל וויל, „אני שלמה", זאָגט ער...

דאָס בעל־הביתל פאַלט צוריק אין זיין אַפּאַטישן אומעט אַריין, און דערוואַכט ערשט, ווען בלאַזשיצקי (אַ שליח מיוחד פון דער גרעפין אויס וואַרשע, וואָס יאָגטן נאָך) קומט אַריין און וויל אים נעמען צוריק... ער שפּרינגט אויף, קריגט אַ נייע נשמה, ער לויפט, ער פאָרט...

נאָר אַזוי ווי ער איז נישט געבליבן אין וואַרשע, אַזוי פאָרט ער נישט צוריק... דער פאָטער האָט ווייטער, אַ פנים, אָפּ־געראַטעוועט.

און מיר זעען צולעצט דאָס ווילנער בעל־הביתל צוריק אין דער היים... ווייטער אַ גולם — אַ גוף אָן אַ נשמה, ער שפּילט צום לעצטן מאָל, צעבּרעכט דאָס פידעלע, די שוועסטער פאַלט און שטאַרבט... ער פאַלט און שטאַרבט...

— ברוך דיין אמת!

נאָר, ווי עס איז, איר זעט אַ פּראָבלעם, אַן עכטע דראַ־מאַטישע אויפגאַבע.

צי האָט ה' אַרנשטיין זי אויסגעפירט? דאָס איז די פראַגע.

ווילנע זעט מען נישט, גערעדט ווערט אין ווילנע, וואַרשע, אין מיט וועג אין אַ חסידישער קלויז — וואָלינעריש... איבער מו־זיק ווערט גערעדט אַזוי באַנאַל, אַזוי פּוסט, אַז מיכל בת שאול וואָלט עס געמעגט נעמען פאַר אַ טראַן־רעדע, מוזיק—געזאַנג—איי, איי, איי... עס פעלט נאָך: פּיש, פּיש, פּיש... אין דער דראַמע

שלאָגן זיך רעאַליזם (די קלויז), סימבאָליזם (דאָס פידל צעבראָ־כן), שטימונג (די בלומען הינטער דער בלינדער שוועסטערס פענסטער, אַ דערטרונקען הייזעריק שניידערל), און אַלערליי לי־טעראַרישע פאָרמען. געזונגען ווערט אין אַ יידיש־חזניש הויז, ווי אין דער וואַרשעווער דייטשער שול, עס פעלט נאָך אַן אָרגל...

מאַסנהאַפט ווילד פרעמדע מאָטיוון, שטרעבן, — נאַציאָנאַל־מאָטיוון (זינגען נישט פאַר פרעמדע — פאַר כל ישראל — זיי האָבן פיל, מיר — נאָר דיר איינעם) אַן אָנהויפעניש פון גאַנץ איבעריקע זאַכן און מאָמענטן א. ד. ג.

אָבער נאָך דעם אַלעם — אַ דראַמע.

גוט געשפּילט האָבן: קאַמינסקי (דאָס ווילנער בעל־הביתל), קאַמינסקאַ (זיין שוועסטער: לאה), נאָר אַביסל איבערטריבן, ווייל עס איז זיך זייער שווער צו האַלטן אין אַ ראָלע, וואָס איז רעאַליסטיש־סימבאָליסטיש־דעקאַדענטיש אין אַ יידיש־ליטוויש הויז פּאַרצייטן! ליבערט (לאהס פאָטער), פרוי יערמאָלין (מלכה, דעם בעל־הביתלס שוויגער), נאָך איבערטריבן גרימירט א. א. אַמבעסטן האָבן דאָך אויסגעפירט זייערע ראָלן: מאַדאַם סיע־ראָצקאַ (דבורה) און ווייסמאַן (אַלס בעל עגלה), ווייל דאָס זע־נען די איינציקע רעאַל באַהאַנדלטע און גאַנצע פּערזאָנען. מאַ־דאַם טרילינג האָט געהאַט אַ זייער אומפּאַסנדע ראָלע, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיט איר כאַראַקטער און נאָך מער מיט איר וואוקס און יאָרן, אַזוינס דאַרף נישט געשען, עס מוז זיין אַ פיין פאַר דער שוישפּילערן; עס פעלן יונגע קרעפטן אין דער טרופּע...

נאָר ווייטער דאָס זעלבע: דלות, דלות...

און „דוד אין דער וויסטע" גיט מער קאַסע, ווי „דאָס וויל־נער בעל־הביתל..."

1906

# אוי, דלות, דלות!

(טעאַטער־פעליעטאָן)

קענט איר די סוכּה, אין וועלכער מיר נעמען אויף אונ־זערע טייערסטע און הייליקסטע געסט — די אושפּיזין? קענט איר דעם פּלאַץ אויפן הויף, אויף וועלכן די סוכּה שטייט? דאָס מאַטעריאַל, פון וועלכן זי איז געשטעלט?

אויפן מיסט. צווישן ברעטער, טירן פון איבערגעבויטע הייזער רופן מיר מלאכים און אבות, און צדיקים צו גאַסט, און דאָס איז דער זכר פון דער אַמאָליקער פרייער סוכּה אויף פרייע וויינגערטנער און פעלדער!

---

קענט איר די הייזער, אין וועלכע מיר גיסן אויס אונזער האַרץ פאַר גאָט? וואו מיר וויינען פאַר און נאָך פּאָגראָמען? וואו מיר קומען, בלייכע און וואַקלדיקע, נאָך אַ תּענית, לייענען „ויחל"; און טאַנצנדיק, יום־טוב, זינגען „היום תּאמצנו?"

קענט איר די קויטיקע פּאָדלאָגע פון אַ גאַנץ יאָר און דעם בייסיקן שטויב פון אַלטן יום כּפּור? קענט איר די שוואַרצע ווענט, דאָס שפּינוועבס אין די ווינקלעך, די צעש־ניצטע, פאַרפלעקטע מיט חלב באַגאָסענע טיש און בענק? געדענקט איר די אויפשריפטן „משנכנס אדר מרבין בשמחה" אויס חלב און ריעס? געדענקט איר דאָס ציטעריק־פאַריתומטע מאיר־בעל־

הנס־ליכטל, אין ווינקעלע די פאַרראָסטעטע צדקה־פושקע, דעם פאַרשטויבטן ארון־קודש מיטן פעטן פרוכת?

---

קענט איר דאָס יידישע בית עלמין?

איך רעד נישט פון דער הויפּט־אַלייע אויפן וואַרשעווער בית־הקברות ווי איך האָב פריער נישט גערעדט פון דער דייטשער שול — דאָס יידישע בית־הקברות מיין איך — די פּאַשע פאַר ציגן און בהמות...

קענט איר די „הייליקע" מצבות? די איינגעגראָבענע, אויס־געבויגענע, מיט גראָז און אַלערליי קרייטעכצער באַוואָקסענע „תנצב"הס", די איינגעפאַלענע, האַלב־איינגעזונקענע „לזכר עולמס", דאָס האַלב־אויסגעפוילטע, האַלב־אויסגעשטויבטע „אייביקע געדע־כעניש?"

די לופט פרעסט, דער רעגן וואַשט, די ערד ציט אַריין אין זיך, און די נישט־איינגעמויערטע יידישע מצבה, מיט די צוויי הענט צום כהנים־דוכנען, מיטן צדקה־פושקעלע און אַריינפאַלנדי־קער מטבע, אָדער מיטן קליינעם ספרים־שענקל — די יידישע מצבה זינקט און זינקט —

---

און קענט איר דעם יידישן חדר?

דאָס נאַס־פינסטערע געפענגעניש, וואו מיר האַלטן אונ־זערע קינדער?

און קענט איר דאָס יידישע טעאַטער?

אויסשפּייען פלעגט אַן אַלטער משכיל פאַרן יידישן „מנין", פאַר דער סוכה, פאַרן חדר, פאַרן בית־עלמין...

— חזיר־שטעלכל, אָבער גלאַט אַ שטעלכל, זאָגט דער מאָדערנער קריטיקער אויפן יידישן טעאַטער...

און דאָך, שולדיק איז דער דלות...

---

דאָס יידישע טעאַטער קאָן קיין אויסנאַם נישט זיין.

דאָס טעאַטער דאַרף זיין אַן אַנשטאַלט צו ערציען דעם גרויסן, און עס קען נישט בעסער און שענער זיין פאַרן חדר, וואו עס ווערט ערצויגן דאָס קינד...

צוזאַמענגעשטעלט איז עס פון אַלטע ברעטער, ווי אונזער סוכה; אַזוי ריין, ווי אונזערע „שטיבלעך", עס שטייט אויך אַזוי זיכער און רעכט, ווי אונזערע מצבות...

זאָל נאָר אַ פּאָליציי־מאַן געבן אַ בלאָז, פאַלט עס איין.

---

ווער האַלט אונטער דאָס טעאַטער?

חסידים און בעלי־בתים נישט — רייכע און אַסימילאַטאָרן נישט — דער פּראָלעטאַריער ק ע ן עס נישט אויפהאַלטן. ער האַלט קוים זיך אַליין אויף! — אין טעאַטער אַריין קומען: בעלי־חובות, קרובים פון אַנטרעפּענער און אַקטיאָרן, נעכטיקע און מאָרגנדיקע סטאַטיסטן — רעצענזענטן, מיטאַרבעטער און זעצער פון צוויי דריי יידישע בלעטער און נאָך איינִיקע צ ו פ ע ל י ק ע געסט...

אויף וועמען צו שטיצן האָט זיך דאָס יידישע טעאַטער נ י ש ט. און אויב אַ טעאַטער האָט זיין פּובליקום נישט, מוז עס אַריינבאַרן פון גאַס, ווי אין אַ באַלאַגאַן אַריין, מוז עס זיין נחס תיבה מיט אַלע חיות, אַ כל־בו פון זינג־טאַנץ, שפּרונג, שרייענדיקע, וויינענדיקע סצענען...

די האָט אַ דראַמאַטישן טאַלענט און מוז זינגען. יענער קען גוט לאַכן און מוז, — ווען גאָרדין אָדער הורוויץ הייסט — וויינען. יענע איז אַ לעבעדיקער קוואַל פון הומאָר און האָט אַ זילבערנעם גלעקל אין האַלז, און מוז זינגען אַ האַרצרייסנדיקע ודוי. פאַראַן אַ הומאָריסט, גיט אים אַ קאָמעדיע, נישטאָ קיין ריינע קאָמעדיע, ווי עס איז נישטאָ קיין ריינער פאַרס — אַלץ מוז זיין אויסגעמישט און צעקנוידערט. אַ „פאַרשידנס", ווי אין פלייש־געוועלבל, אַ טאָפּ ביים פייער, און וואָס מען וואַרפט אין טאָפּ אַריין, קאָכט זיך; אייגנס, געגנבעטס, פרישס, אַלטס, אַפילו גאָר אָנגערירטס...

און אַ סובּרעטקע מיט אַ לאַכעדיקן קערפּער פון שפּיץ קאָפּ ביז צו די שפּיץ נעגל פון די פינגער; מיט פיס, וואָס קענען נישט איינשטיין און מוזן אונטערטאַנצן, מיט אויגן, וואָס שפּריצן זינדיק־געפּאַרבטע פונקען, ווי אַ שמידעריי, מוז זיך פּלוצלינג אַ שטעל־אַנידער טון און האַלטן אַן ערנסט־פייערדיקע רעדע וועגן מענטשהייט קעגן בּלוט־פאַרגיסן, קעגן יאָגן און פּלאָגן די כּנסת ישראל. „אַלע מענטשן — זאָגט זי — זענען מענטשן — אַוועק מיט דער אינקוויזיציע!"

---

און כּל־בּוס מוזן זיין די שטיק, יעדן אָוונט כּמעט קאָלע־רן זיך דורך, ווי אין קאַליעידאָסקאָפּ, גרויס־אינקוויזיטאָרן, לייבן אין שאָפּענע פעלצן, אַלטע קעניגן אונטערן אָרעם מיט יונגע סובּרעטן, אויגוסטן און בּר־כּוכבאס, און לצים, און קוימענ־קערערס, און וואָס איר ווילט!

און די קאָסטיומען, און די אויסשטעלונגען!

בּערלינער סאַלאָנען אָן ווענט, הורקנוס אויף אַ פּאָטשייאַ־ווער פּאָטער־שטול. מר זוטראַ וועט אַמאָל אַריינפּאָרן אויף אַ וועליסאָפּעד, — עלעקטרישע בּאַלייכטונג האָט ער שוין! און מי־רעלע אפרת, די פּראָווינציאָנעלע מיוחסת, שרה שיינדל, אַ פרומע רביצין, וואָס טאַנצט, דעם ליבן פּובּליקום צוליב, אַ ראָד מיט מענער, און אַ דייטשער מיטלאַלטישער הערצאָג, און אַ גרויס־אינקוויזיטאָר פון שפּאַניען, און אחשורוש, דער מלך פון הודו ביז כּוש, די אַלע זיצן פּאַר אַן אַלט סערוועטן־טישטוך... בּאַ, די־זעלבּע לייט, וואָס פירן אַלס דינער אין אַן אַקט אַ שפּיל, זעצן זיך אין אַ שפּעטערן אַקט אין די זעלבּע קאָסטיומען אין קעניג־לעכן פּאַלאַץ צום טיש אַלס סנהדרין...

און דאָס איז אויך נישט לייכט צו דערגרייכן... מערסטנ־טיילס ווערט געשפּילט ערגעץ אין דרויסן — שטייענדיק אויף די פיס!

— קומט, בּעלי־בּתּים, אין טעאַטער אַריין, וועלן מיר עס קאָנען אַנטוויקלען — זאָגט דער יידישער אַקטיאָר.

— מאַכט נישט אַ טעאַטער, ווען מיר קומען, — זאָגט דער יידישער בעל־הבית.

און דערווייל גייען טאַלאַנטן פאַרלוירן, אונזער געשמאַק ביים אָנגעלאָפענעם, צופעליקן פובליקום, פאַרדאַרבט זיך פון טאָג צו טאָג...

אוי, דלות, דלות!

און דלות מאַכט קאָנקורענץ.

מיר האָבן שוין אַ דריטע טרופע אויף מוראַנאָוו, עס וועלן זיין נייע פאַס־פאַרטוס...

1906

# גאָרקיס „אויפן לעצטן שטאפל"

געשפּילט אין וואַרשעווער יידישן טעאַטער.

ערשטנס — „אשר קרך בדרך" — טרעף איך אַ גוטן פריינד אויפן וועג — אַ „קאַפּעלוש־פריינד" — „אָוונט" — „אָוונט", ווי געוויינלעך; אַ צי ביי דער מיץ (עס איז דאָך ווינטער), אַ דריק ביי דער האַנט און אָפּגעשטעלט זיך: ער פאַרטרעט מיר דעם וועג אויפן שמאָלסטן טראָטואר אין עק כמיעלנא פון דער נייער וועלט. מיט איין וואָרט — אַ באַגעגעניש.

— אין טעאַטער אַריין, הע?

איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— אויפנעמען מאַטעריאַל אויף אַ פעליעטאָן?

איך שאָקל נאָכאמאָל מיטן קאָפּ אין דער לענג, און שווייג פאַר שרעק, עס זאָל זיך נישט מאַכן קיין „געשפּרעך אויף דער־ווייל", ווי ביי וייבער ביים געזעגענען זיך אין פעדער־הויז.

— הום... — מאַכט מיין שכן, נישט זייער צופרידן. — איך וויל מיך דערמיט באַנוצן, שטרעק אויס די האַנט, שטעל שוין אויס אַ פּוס; מיין „קאַפּעליוש־פריינד" נעמט אָבער אַרויס דעם גאָלדענעם זייגער פון וועסטן־טאַש און, זעענדיק, אַז, „עס איז ערשט דריי פערטל אַכט", עפנט ער אויפסניי דאָס מויל:

— נישט גלייך! — זאָגט ער.

מיין פּנים פאַרקרימט זיך אויף אַ פראַגע־צייכן —

— דאָס שרייבן פון טעאַטער!

און ער צעהיצט זיך פלוצלינג, פלאַמט אויף, ווי טרוקן שטרוי:

— היינטיקע צייטן... האָמעל... אַנאַרכיסטישע אָנפאַלן... בעלי־בתים באַקומען קיין דירה־געלט נישט... אָן קרעדיט... מען מאַכט אַפילו קיין „היפּאָטעקן" נישט... דלות... נישט זיכערקייט מיטן לעבן... רעפּרעסיען... געשיסעריי... פּחד פאַר נייע פּאָגראָ־מען — — —

איך מאַך אַן אומגעדולדיקע באַוועגונג: ער לאָזט מיך אָבער נישט קומען צום וואָרט —

— איך ווייס... איך ווייס: יידישע קולטור, יידישע קונסט, — יידישע נשמה... וויכטיק, זייער וויכטיק — אויסרייניקן די שטאַל — מען מוז אַרויסטרייבן די סוחרים פון בית־המקדש — דעם פּובליקום אַריינפּליסן געשמאַק — אָבער, מענטש! האָמעל און טעאַטער! אַ נאָך־נישט־פאַרלאָשן פייער און די סצענע, נאָך נישט פאַרטריקנט בלוט און די בינע!

— און דו, וואו אַהין גייסט? — האַק איך אים איבער מיט אַ שטימע פון אַ קאַלט־וואַסער־גוס אויף אַ צעהיצטן קאָפּ.

— איך? — פרעגט ער איבער, נאָכאַמאָל אַרויסכאַפּנדיק דעם זייגער — שוין אַכט — איך? איך גיי אין צירק אַריין...

---

ברוך שפּטרני; איך גיי ווייטער, און טראַכט: ווי אַזוי וועט אַרויס גאָרקיס „נאַ דניע" אויף דער יידישער סצענע?

אַזאַ פרעמד לעבן, אַזוי אייגנאַרטיק רוסיש, און פון סאַמע־ראָדנע קעסל־גרוב אין רוסישן וואַסער — צי וועט זיך דער יידישער אַקטיאָר קאָנען איינטראַכטן, איינפילן און איבערגעבן די זאַך? און ווי וועט זיך פאַרהאַלטן דאָס פּובליקום צו אַ דראַמע אָן אַ „מעשה נורא", אָן טענץ, (כאָטש גאָרקין איז זייער לייכט געווען אַריינצופירן אַ שאַרמאַנקע, און הייסן דעם עולם כאַפּן אַ טענצל...) אָן גרויסע געשעענישן? צי וועט עס פאַרשטיין דעם גרוי־געמאָלטן גיהנום, אָן דער אויפשריפט: „כל באיה לא ישובון"?

אין אַ ל ג ע מ י י ן זענען זיך די ספקות צערונען באַלד נאָכן

אויפגיין פון דער פאַרהאַנג: נאָך די ערשטע עטלעכע באַוועגונגען, נאָך די ערשטע עטלעכע ווערטער. איך זע שוין, אַז דער יידישער נע־ונדניק, מיט זיין גלות־פעיקייט צו לעבן אין אַלע סטרעפן, צו עסן ברויט פון אַלע אויוונס, בעסער געזאָגט: צו הונגערן אויף אַלע „ארבע כנפות הארץ" — וועט ביישטיין!

איך זאָג „אין אַלגעמיינעם", וואָרים די איינצלהייטן שעדיקן. די „איבערזעצונג", „געמאַכט פון אַן אַקטיאָר במשך פון צוויי וואָכן" (ווי מען האָט מיר מיט שטאָלץ דערציילט „פון אַ זיכערער קוועלע") — אַזאַ געשווינדע אַרבעט און נישט פון אַ פאַכמאַן, האָט געמוזט האָבן ערטער, ווי אַ ריב־אייזן, האָט געמוזט האָבן פעלער צום אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער... וואָרים מאַדאַם טרילינג — אַ קאָרפּולענטע, נישט־רירעוודיקע, עלטערע פרוי, די גרויסאַרטיקע מוטער אויף דער סצענע, האָט געמוזט אויסזען קאָמיש אין אַ ראָלע פון אַ יונג שיין, ראָמאַנטיש מיידל, וואָס דאַרף אין די ערשטע אַקטן מימיש, מיט באַוועגונג און בליק, אויסשפּילן איר ליבע און אייפערזוכט, און פייערדיק אויספּלאַצן ערשט אין לעצטן מאָמענט פאַרן טויט... וואָרים די רעזשיסעריע מיט איר צווייטן אַקט, די נייע לאַטעס אויף די אַלטע רעק, קאַמינסקיס באָרד פון אַ פּורים־רב, און אַנדערע קלייניקייטן, וואָס מען וואָלט געקאָנט ביי אַ גוטן ווילן זייער לייכט באַזייטיקן — דאָס אַלץ האָט געשאַדט, זייער געשאַדט דער זאַך... אָבער ווי געזאָגט, אין אַלגעמיינעם איז געראָטן. איך האָב פאַרגעסן, אַז דאָס שפּילן יידן, רעדן יידיש (אויסער איין „אָסקאַר", וואָס רעדט אומעטום און אויך דאָ „ריין דייטש", איין גאָט און ער ווייסט פאַרוואָס) און די נשמה איז אַראָפּ אין רוסישן גיהנום אַריין, וואו די קרבנות פון דער „געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג" מאַטערן זיך, צאַפּלען, ווי די פיש אין אַ נעץ און מוזן אָן רעטונג פאַרגיין...

— און דאָס שטיק — רוימט מיר איין איינער פון הינטער די קוליסן — דאָס שטיק ווערט געשפּילט אָן פּראָבן... די טרופּע האָט אָפּגעריסן אַלע פּראָבן... מאָרגן וועט זי אינגאַנצן שטרייקן... אַ סכסוך וועגן געלט...

איך ענפער נישט. מיך אינטערעסירט דאָס פּובּליקום. צי פאַרשטייט עס גאָרקין? צי איז עס מיט אים אַראָפּ אין קעלער אַריין, צי פילט עס די האַלבּ־שטומע טראַגעדיע אין גיהנום אָן פייער, וואו „געוויסן" איז וויניקער סחורה, אַלס אַן אַלטע טאַש קאָרטן; וואו עס דרייען זיך אַרום צו פאַרניכטונג פאַרמשפּטע שאָטנס פון געוועזענע מענטשן, וואָס דערמאָנען זיך אַמאָל „אַלטע" ווערטער, און ווייסן שוין נישט, וואו און ווען זיי צו באַנוצן; וואו געוועזענע באַראָנען דערמאָנען זיך, אַז זיי האָבּן אַמאָל אין בעט אין דערפרי קאַפע געטרונקען (אָסקאַר רעדט דייטש) און מיט „שמאַנד", און אַנדערע לאַכן און גלייבּן נישט... געוועזענע אַקטיאָרן, וואָס האָבּן אַמאָל קופּלעטן געזאָגט, „טייל צום לאַכן, טייל צום וויינען" און האָבּן פאַרשפּירט זייער זכרון... וואו מען אָטעמט פריי אָפּ, אַז אַ קראַנקער שטאַרבּט, און ווערט שוין נישט הוסטן ביינאַכט — וואו מענטשן כאַפּן זיך אויף אין דער פרי מיט אַ פראַגע אין דער וועלט אַריין: מען האָט מיך נעכטן געשלאָגן... ווער? פאַרוואָס?

— קום אַהיים, טאָלטשע! — דערהער איך פּלוצלינג, ווי מיין שכן, וואָס האָט זיך מיט אַן איינגאַנגס־בּילעט אַרויפגעכאַפּט ביז צו דער ערשטער רייע — געננוג, קום! און טאָלטשע, אַ דיקע פרוי, אַלאַ מאַדאַם טריילינג, הויבּט זיך אויף צום גיין.

— אַ שיין פאַרוויילונג! — מאַכט מיין שכן, געננוג הויך און שוין אינם גיין — שכּורים, קאַטאָרזשניקעס... און פאַר דעם צאָל געלט...

צווישן די אַקטן גיי איך אַרום צווישן עולם.

אין אַ רעדל רעדט מען:

— ווי געפעלט דיר „לוקאַ" — דער פרומער מגיד מיט די גלייכווערטלעך?

— איך זאָג דיר: מער גנבֿ, ווי אַלע... קיין „פּאַפּירן" האָט ער נישט; ווער ער איז, זאָגט ער נישט; וואָס זיין טון איז, ווייסט מען נישט (דאָס אייגנטלעך, איז שוין קאַמינסקי שולדיק) און אַז עס הויבּט זיך אָן צו מאַכן אַן עסק און ער דערפילט, אַז עס שמעקט מיט פּאָליציי — מאַכט ער פליטה...

אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט מען.
— עפּעס אַ ווילד־משונה לעבן — — —
דער רעדנער ענדיקט נישט, עס באַווייזט זיך זיין טאָלטשע, גיט אים אַ ציפּ ביי דער קלאַפּע פון שלוס־ראָק:
— קום בעסער אין אַ קאָנדיטאָריי... גענוג די „סחורה"...

---

טרויעריק גיי איך אַרויס פון טעאַטער...
אמת, עס איז נישט געקומען דאָס רעכטע פּובליקום פאַר גאַרקיס „נאַ דניע" – עס זענען געקומען די נעכטיקע און אייער־נעכטיקע געסט, וואָס זוכן „אָפּערעטקעס" מיט כשוף־מאַכערינס אין קורצע קליידלעך מיט פעטע לידעלעך... און יצר־הרע־פלאַ־מענדיקע אייגעלעך... געסט, וואָס ווילן איינזאַפּן מיט פאַרהונ־גערטע אויגן כאָטש עטלעכע הייס־לעבעדיק־זינדיקע פונקען, כאָטש פון דער סצענע אַראָפּ, ווייל אין לעבן איז פאַראַן אַ טאָלטשע! — מענטשן, וואָס קומען אין טעאַטער אַריין מיט דער זעלבער לוסט צו „פאַרברענגען" און כאָטש אַמאָל אויפצולאַכן, מיט וועלכער דער יידישער לעזער פלעגט מיט עטלעכע יאָר צוריק נעמען אַ יידיש בוך אין האַנט אַריין – מען זוכט דעם מאַרשעליק, דעם ב ד ח ן, דעם לייכטן, אויבערפלעכלעכן, אויסגע־לאַסענעם וויץ... מען רייסט אים פון מויל אַראָפּ, פון פידל אַראָפּ, פון טראָמפּייט אַרויס – דאָס לעבן איז אַזוי שווער, אַזוי גרוי... גאַרקיס פּובליקום וועט ערשט קומען... עס וועט געוואָר ווערן: היינט איז געווען די „פּייער־פּראָבע" פאַרן יידישן אַקטיאָר, ער איז זי באַשטאַנען, ער איז אַרויס מיט נצחון, און מאָרגן, אויב מען וועט נישט שטרייקן, וועלן קומען די בעסערע, די העכערע, די, וואָס...
די געדאַנקען האַקט מיר איבער אַ ניי באַגעגעניש.
איך דערקען אים: אַ טעאַטער־מאַן – אַן עכטער ליבהאָבער פון יידישן טעאַטער און מיין „שונא". ער האָט ליב דאָס יידישע טעאַטער, ווי אַ מ מע איר איינציק קינד, און זעט נ שט

און וויל נישט, און קאָן נישט זען זיינע פעלער; פיינט האָט זי די, וואָס ווילן איר די אויגן עפענען... עס איז איר איינציקע ליבשאַפט...

ער זאָל מיך קאָנען דערטרינקען אין אַ לעפל וואַרעם וואַסער פאַר מיינע קריטיקן, וואָלט ער עס געטאָן אָן אַ ישוב!

און ער זיצט לעבן מיר גאַנץ אָפּט אין טעאַטער מיט אָנגעשטעלטע אויגן, ווי די עגבער אויף מיין פּנים. מאַך איך אַ קרומע מינע, באַוויזט זיך דער לייכטסטער שמייכל אַרום מיינע ליפּן, ווערט זיין פּנים „אָנגערוקט", וואָלקנדיק און אין די אויגן זיינע פלאַמט אויף אַ שנאה... איינמאָל, נאָך אַ קריטישן פעליעטאָן, האָט ער עס נישט אויסגעהאַלטן און אַרויסגעפּלאַצט, מכלומרשט נישט צו מיר, נאָר איך זאָל הערן:

— קריטיזירן איז זייער לייכט — דאָס קאָן אַ שוסטער אויך!

און דאָס האָט ער עס מיך דעריאָגט און אָפּגעהאַלטן אין גאַס.

— נו, וואָס זאָגט איר אַצינד? איר האָט אויסגעפירט אַ ווילכטיק שטיק? אַ דראַמע איז עס? האַ? עס איז אַפילו קיין רעכטע ליבע נישטאָ! אַ גנב — אַ שכור — און ווייטער אַ גנב און ווייטער אַ שכור — —

— האָט איר — האַק איך אים איבער — נישט חשק עפּעס אין מויל אַריין צו נעמען?

דאַגעגען האָט ער גאָרנישט, און איך נעמען מיט אין „באַר" אַריין, דער איינציקער נאָך געבליבענער פּלאַץ, וואָס מען קאָן אַביסל לענגער זיצן בשעתן „קריגס-צושטאַנד".

און אָט זענען מיר אין „באַר", איינגעהילט אין רויך צום דערשטיקן, ציען אין זיך אַריין ריחות פון „קרויט מיט וואורשט" און אַלערליי אַנדערע אונטערגעוואַרעמטע מאכלים טובים — זיצן מיר ביי טאַסן שוואַרצן קאַפע, דאָס איינציקע „כשר" אינם „באַר". די געשביגלטע ווענט אַרום אונז וואַרפן אונז פילפאַכיק צוריק אונזערע בלאַסע, מידע און פאַרדראָסענע געזיכטער —

— זאָגט איר — הויב איך אָן מיט דער זיכערהייט, אַז

איך רעד צום בעסטן עקזעמפּלאַר פון היינטיקן יידישן טעאַטער־פּובליקום — זאָגט איר, עס איז קיין דראַמע נישט?

— די מענטשן אינטערעסירן מיך נישט — שכורים, גנבים...

איך פאַרהאַלט די פאַרפלייצונג פון „מאוסע" ווערטער —

— און קיין רחמנות, צום ביישפּיל, אויף „אַננאַ" האָט איר נישט?

— וואָס איז אַננאַ?

— אַננאַ איז אַן אַרבעטערס אַ ווייב. אָט ליגט זי קראַנק אין קעלער און איבערטראַכטנדיק איר גאַנץ לעבן, קאָן זי זיך נישט דערמאָנען, צי זי איז אַמאָל זאַט געווען... און האַלב־הונגעריק האָט זי שטענדיק געזאָגט: צי האָט זי נישט געכאַפּט אַן איבעריקן ביסן? צי וועט ער עמיצן נישט פעלן? און דער מאַן האָט זי געשלאָגן...

— אַ וואונדער! „פאָניע" אַ בעל־מלאכה!

— און זעט איר, זי טראַכט אַנדערש וועגן דעם... בעסער געזאָגט: זי טראַכט גאָרנישט וועגן דעם... שלאָגן איז דער דרך הטבע. זי וואָלט זיך געוואונדערט, ווען עס זאָל אַריבער־גיין אַ טאָג אָן קלעפּ. אין אַזאַ פאַרביטערט לעבן, שלאָגט מען! מוז מען שלאָגן! און אָן אַ גאַנץ גליד אין לייב, טויט־קראַנק, פאָכענדיק מיט דער נשמה — איז זי דאָך אויפן מאַן נישט בייז, און אַז מ׳לאָזט איר איבער אין קיך עפּעס וואַרעמס צו עסן, זאָגט • רעם מאַן:

— גיי דו און עס... איך דאַרף נישט... דו אַרבעטסט, גיי, עס!

— אַ נאַרישע יידענע!

— ניין, — אַ קלוגע, וויי־ניקסטנס אַ גוטע — זי ווייסט, אַז דער מאַן אירער וואָלט זי אַנדערש באַהאַנדלט, ווען דאָס לעבן זאָל אַנדערש זיין... אייגנטליך ווייסט זי נישט, נאָר זי פילט... אויך ווייסט זי, אַז דורך איר קרענק איז דער מאַן פאַרפאַלן געוואָרן אין דעם קעלער, פון וועלכן מען קומט זעלטן אַרויס. און אַז זי וועט שטאַרבן, וועט ער אפשר פאָרט אַרויס... ער איז אַ בעל־מלאכה! זי ווערט דעריבער נישט בייז, אַז דער מאַן

ע ט בישט זי טיר, ווען זי האָט קיין לופט נישט צו אָטעמען, אַז עס שטיקט זי. ער זיצט אויף דער ערד, נישט ווייט פון טיר, און איז פאַרקילט, פאַרקילט ער זיך מער, וועט שוין איר טויט אויך נישט העלפן — בלייבט ער שוין דאָ... איז ער אַ פאַר־פאַלענער...

און די אַננאַ וויל שטאַרבן, ווייל זי איז מיד, זי וויל זיך אָפּרוען... זי שרעקט זיך נאָר: טאָמער וועט דאָרט, אויף יענער וועלט, אויך קיין רו נישט זיין...

דער קעלנער הויבט אָן אויסלעשן די לאָמפּן... עס שלאָגט צוויי, מען טרייבט אונז אַרויס.

— די רעשט מאָרגן! — זאָג איך.

— איך וועל אייך באַגלייטן — ענטפערט ער

מיר קומען אַרויס. עטלעכע שלוק פרישן אָטעם און מיין שטאַטראָמאַן זאָגט:

— אויף מיר מאַכט עס אַ וואונדערלעכן איינדרוק.

— וואָס?

— גאָרקיס „שטיק", פאַראַן שטעט, וואו מען רייניקט נישט. קליינע שטעטלעך. דער ווינט קומט און קערט אויס; א רעגן פאַלט און שווענקט אָפּ; דערנאָך גייט אויף די זון און טריקנט אויס. מענטשן באַמיען זיך נישט דערמיט.

אין גרעסערע שטעט מוז זיין אָרדנונג. מען רייניקט... מען קערט, מען פירט אַרויס דאָס מיסט — —

— נו?

— און הינטער די שטעט וואַקסט אַ באַרג מיסט... און גאָרקי פירט אונז שפּאַצירן אויף אַזאַ באַרג מיסט... נאָך וואָס? פאַראַן נאָך גרעסערע שטעט, למשל, ווין, בערלין, פאַריז, וואו, לויט איך האָב געהערט, לאָזט מען קיין בערגער מיסט אַפילו הינטער דער שטאָט ניש איבער... מיסט ווערט פאַרברענט...

— ריכטיק — זאָג איך אים — אָבער לעבעדיק מיסט לאָזט זיך נישט ברענען! בפרט, אַז ווער ווייסט, צי איז „מיסט" מיסט

און „גאָלד" — גאָלד... גאָרקיס לוקאַ זאָגט, אַז עס זענען קיין שלעכטע מענטשן נישט פאַראַן... צי זענען די אַלע, דאָס גאַנצע לעבעדיקע מיסט,ווירקלעך שלעכטע, זינדיקע און דעריבער באַשטראָפטע? אָט דער ערגסטער פון אַלע, קאָסטילאָוו, דער איינציקער ווירקלעך שוואַרצער כאַראַקטער אין שטיק, איז גאָרנישט באַשטראָפט! אמת, דאָס ווייב זיינס „רייסט זיך גאַנץ אָפּט פון אים אָפּ" און גייט אירע וועגן — דערפון ווייסט ער אָבער נישט אויף זיכער. און אַזוי, וואָס פעלט אים? זיין הויז האָט ער, דירה־געלט באַקומט ער — עסט, טרינקט און לויבט גאָט... אין שטיק ווערט ער געטויט און מיר, וואָס זעען זיין טויט אויף דער סצענע, ווייגען נישט און באַשולדיקן זיין „מערדעריי" נישט, אַזוי ווי מיר באַשולדיקן נישט זייער שטאַרק זיין ווייב וואָס גצנאַרט אים ביים לעבן... דאָס איז אָבער נאָר אין טעאַטער, וואו דאָס לעבן ווערט אונז פאַרטייטשט פון גאָרקי... אינם געוויינלעכן לעבן, אָן גאָרקיס פירוש, ווערט זיין ווייב אַנדערש באַהאַנדלט. זיין מערדער — אויף קאַטאָרגע געשיקט! און דאַקעגן וועט קיינער נישט פּראָטעסטירן, וואָרים אינם געוויינלעכן לעבן, אינם נישט ריכטיק־באַלויכטענעם לעבן, איז קאָסטילאָוו אַן ערלעכער מאַן. אמת. ער קויפט גנבהשע זאַכן, נאָר קיינער וועט אים נישט אויפווייזן, אַז ער האָט געוואוסט דערפון... ער וויל אָפּלייקענען דעם חוב, וואָס ער איז שולדיק פאַרן געקויפטן גנבהשן זייגער, נאָר ווער וועט גלויבן דעם גנב, ווען ער וועט מאָנען? ער שינדט די הויט ביי זיינע אומגליקלעכע געסט, נאָר פאַרן איבעריקן האַלבן רובל וועט ער קויפן בוימאייל צום הייליקן בילד אָדער צום „נר־תמיד", ווי עס שטייט אין דער איבערזעצונג... קומט דער טאָג, פאָרט ער מיטן ווייב אויף דעם בית־עלמין אַרויס צו די הייליקע קברים... אַ פרומער מענטש איז פון מעשים טובים, לויבט דאָס גוטע האַרץ פונם זקט־אָר, וואָס קריגט רחמנות אויף דער קראַנקער אַננאַ און פירט זי אַ־ויס אָפּעטעמען אין הויז אַריין, און זאָגט צו עולם־הבא ערפאַר: אויף יענער וועלט — זאָגט ער — וועט מען דאָס דיר פאַרריכטן, מען וועט דיר באַצאָלן... אָבער אַז דער אַקטיאָר בעט: גיב מיר עפּעס

דערפאַר דאָ, אויף דער וועלט, שלאָג מיר עפּעס אָפּ דערפאַר פון חוב", פאַרשטייט קאָסטילאָוו זייער גוט, אַז יענע וועלט מיט דער וועלט האָבן קיין שייכות נישט. אַז „געלט" איז געלט, „חוב" — חוב און מען קאָן מיט מצוות און מעשים טובים קיין חוב נישט דעקן; און אַז אַננאַ וועט קומען צו אים אין קיך אַריין, וועט ער זי אַרויסוואַרפן... ער איז חושד דאָס ווייב אין אַ „פאַרהעלטעניש" מיטן גנב, ער קוקט זיי נאָך — נאָר רעדן וועט ער נישט — אַביסל האָט ער מורא פאַרן ווייב אַליין, מער — פאַרן יונגן, געזונטן גנב, אָבער דער עיקר — ער פאַרדינט ביי אים, קויפט אָפּ „סחורה" און פאַרלייקנט האַלב געלט!... און ער איז נישט קיין „מיסט". פאַרקערט: סמעטענע! ער זאָגט מוסר, ער זאָגט אַפילו לוקאַן מוסר... לוקא האָט קיין פּאַספּאָרט נישט, איז ער אַ שלעפּער.

ווער דען איז מיסט?

דער אומגליקלעכער אַקטיאָר, וואָס האָט זיך פאַרגיפט מיט אַלקאָהאָל און דעם זכרון פאַרלוירן?... נאָר היינט ווייסט מען שוין, אַז שכרות איז אַ קרענק. און ווען אַפילו אַ זינד, איז זי שוין הונדערט פאַך באַצאָלט מיט די ליידן, וואָס דער אומגליקלעכער שטייט אויס. וואָלט ער ווייניקסטנס אינגאַנצן פאַרגעסן! — עס וואַלגערן זיך אים אָבער נאָך אַרום אין קאָפּ אַלטע זכרונות: שעקספּירס אָפעליע... בראַוואָ... ביס... ער גיט זיך אַ שטעל פאַרן עולם מיט די הענט אויף דער ברוסט... וויל דעקלאַמירן! די זכרונות לאָזן אים נישט לעבן; און ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען!

און דער געוועזענער לעדער-פאַבריקאַנט?

געטרונקען האָט ער נאָך פריער, נאָר געשטויסן אין אָפּ-גרונט אַריין האָט אים דאָך נישט דאָס...

— דאָס ווייב, וואָס איז אומגעטריי געווען?

— דער עיקר דאָך גאָר עפּעס אַנדערש... גאָר עפּעס הויך מענטשלעכעס... צווישן אים און דעם ווייבס געליבטן פלעגן אַרויס-קומען געשלעגן, געשלעג ביי שכרות איז אַ געפערלעכע זאַך, עס

קאָן קומען צו אַ מערדעריי און — ער אַנטלויפט פאַר דער זינד ער וויל זיין נשמה מיט בלוט נישט באַפלעקן...

און אפשר וועלן מיר וואַרפן דעם שטיין אויפן טאָטער האַסאַנס קאָפּ?

אַן אַרבעטער געווען, די מאַשין האָט אים די האַנט צע־דריקט און ער איז אַראָפּגעפאַלן, און קיינער וועט אים נישט אויפהויבן... ער וועט שוין בלייבן דאָ, וואו ער פלעגט אַמאָל קומען אַ קערטל כאַפּן, ווייל דאָ איז דער איינציקער אָרט, וואו אַלע זענען גלייך, היימישע און פרעמדע...

און אַזוי אַנדערע — ווער ווירקלעך איז מיסט? דער „גנב", וואָס מען האָט אַזוי גערופן, נאָך איידער ער האָט עפּעס פרעמדס גענומען און דערמיט געשטויסן אים צו דער גנבה? דער געוועזענער טעלעגראַפיסט, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר זיין געליבטער שוועסטער און איז אַריין אין תפיסה און פון דאָרט שוין אַהער געקומען?... די „געפאַלענע", וואָס גאָט ווייסט ווער עס האָט זי פאַרפירט?... און אַזוי אַלע, אַלע...

---

פון הינטער די וואָלקן איז אַרויס אַ בלאַסע לבנה. ביי איר שיין זע איך, ווי מיין טעאַטראָמאַן איז גערירט פון מיינע רייד. דאָס בעסטע עקזעמפּלאַר פון יידישן טעאַטער־פּובליקום הערט מיך אויפמערקזאַם אויס און פילט. איך ווער שטאָלץ דערויף און רעדעוודיקער:

— די אַלטע ווילדע האָרדע, — זאָג איך, — וואָס איז באַ־שטאַנען פון נאַקעטע, פאַרהונגערטע מענטשן, האָט אויף אירע וואַנדער־וועגן געמוזט טויטן אַלטע און אָפּגעשוואַכטע, נישט גע־זונטע און גאַנץ געבוירענע קינדער, מיידלעך איבער דער צאָל און באַגראָבן אויפן אָרט — נישט געווען מיט וואָס צו פירן און מיט וואָס צו שפּייזן די, וואָס האָבן אַליין די קראַפט זיך צו דערנערן נישט געהאַט...

און מיר אינם וועג פון אונזער קולטור, מיר, די פאָר־שטייער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, טוען אויך דאָס זעלבע.

אונזער פאַמיליען־געפּיל איז שטאַרקער, אויף היימישע האָט מען רחמנות, פרעמדע, שוואַכע, קראַנקע לאָזט מען אויפן וועג...

מען טויט זיי נישט, די טובה טוט מען זיי נישט — מען פאַרשטופּט נאָר מיט זיי די תּפיסות אָדער די קעלערס — זאָלן זיי פוילן לעבעדיקערהייט: „ידינו לא שפכו את הדם!" אייגנ־הענטיק האָבן מיר דאָס בלוט נישט פאַרגאָסן; עס טריפט אַליין, זאָל עס טריפן... זיי פוילן, זאָל ווערן פון זיי לעבעדיקע מיסט...

נאָר לעבעדיקע מיסט קאָן מען נישט פאַרברענען, בפרט אַז דאָס איז זעלבע מענטשלעכע מאַטעריאַל, וואָס אומעטום, נאָר נשמות אָפּגעשטופּטע, פאַרוואָרלעסיקטע, געטראָטענע... די לאַסט פון אַלע זאַטע, פון אַלע „ערלעכע", פון אַלע „גוטע און פרומע" דריקט אויף זיי און וועט זיי דערשטיקן... דאָס לעבן שטריקט זיך אַרום זייער האַלז, ווי אַ שטריק און ווערגט, און קיין רעטונג איז נישטאָ!

אָט וויל זיך „ראַטעווען" דער גנב... נאַסטיאַ מיט איר ריינקייט, מיט איר גוטהאַרציקייט, מיט איר באַרמהאַרציקייט עפנט אים די אויגן אויף. זי קאָן זיין רעטונג זיין. ער וויל מיט איר אַוועק. אָנהויבן אַ ניי לעבן. איר צוליב איז ער גרייט אַפילו צום טויט: „נעם אָט אַ מעסער און שטעך מיר אַריין, אַבי פון דיינע הענט". נאָר ווען זיינע אויגן האָבן זיך צום ערשטן מאָל רעכט דערזען, האָט ער זיך שוין געבאָדן אין זומפּ... האָט ער שוין געלעבט מיט איר שוועסטער, מיט דער בעל־הביתטע פון „אורחים־הויז"... ער האָט נישט געקאָנט ליבן, ער איז אַ פריי־געביקער, מיטן אָפענעם האַרץ, מיט דער אָפענער האַנט, דער ערשטער צו הילף, און זי — אַ שלאַנג... אַ שלעכטע, אַ גייציקע, וואָס ציט אים אַריין טיפער אין זומפּ, ווייניקער אויס ליבע, אַלס מיטן פאַלשן מיין, ער זאָל זי פון מאַן באַפרייען... אַזוי ווייט האָט ער אָבער נישט געוואוסט. איר גאַנץ בידערטרעכטיקייט שווימט אים בולט פאַר די אויגן אַרויס ערשט, ווען ער באַמערקט נאַסטיאַן — עס איז אָבער צו שפּעט. נאַסטיאַ ווייסט פון אַלץ און קוקט אויף אים נישט, גלויבט

אים נישט, איז אים אין אַל־דאָס־בייז הושד, און אַז זי קומט שוין האַלב צום גלויבן, אַז זי דעצידירט זיך שוין, געריירט פון לוקאס רייד, זי זאָל אים גלויבן און מיט אים צוזאַמען אויסוואַנדערן, נעמט די שוועסטער און וואַרפט זי אַרויס פון פענסטער! דערפון מאַכט זיך אַ געשלעג, באַקומט דער אַלטער קאָסטילאָוו אַ טויט־קלאַפּ און נאַסטיאַ איז זיכער, אַז אין דעם אַלעם איז ער שולדיק, אַז ער מיט איר שוועסטער האָבן זיך אָפּגערעדט, פּטור צו ווערן פון ביידע מיטאַמאָל. און אַ רגע פאַרן טויט פאַרקלאָגט זי זיי ביידע פאַר דער פּאָליציי, און שטאַרבט אָן אַ טרייסט, מיטן שרעקלעכסטן חשד אין קאָפּ און ביטערסטן געפיל אין האַרץ...

קיין אויסגאַנג, קיין רעטונג פאַר די אַראָפּגעשטויסענע —

און נישט אין דעם אַליין שטעקט די טראַגעדיע. די טראַגעדיע שטעקט דערינען, וואָס דאָס מענטשלעכע אין זיי קאָן נישט אינגאַנצן אויסגעלאָשן ווערן, פון אונטערן אַש וועקן זיך פונקען... האָפענונגען... דער אַקטיאָר זוכט דאָס שפּיטאָל, וואו מען היילט פאַרגיפטעטע פון אַלקאָהאָל, נאָר איידער ער געפינט עס, כאַפּט ער זיך צוריק צום ביטערן טראָפּן און הענגט זיך... די געפאַלענע הערט נישט אויף צו חלומען פון ריינער, גליקלעכער ליבע, און דאָס געפיל, דער דורשט צו ריינער ליבע איז ביי איר אַזוי שטאַרק, אַז זי קומט צו וויזיאָנען: זי לעזט ראָמאַנען און עס דאַכט זיך איר, אַז זי איז די העלדין פון ראָמאַנען און דעקלאַמירט וועגן ליבע, און דערציילט פון אירע ליבעס־ליידן, פון איר אָפּפערן זיך... אַ סטודענט האָט זיך אין איר פאַרליבט — אַלע טאָג האָט ער אַן אַנדער נאָמען, לויטן ראָמאַן וואָס זי לעזט — נאָר זיינע עלטערן זענען דערויף נישט באַשטאַנען... זי ליבטן, נאָר זי וויל נישט אים מיט די עלטערן צעקריגן... ער וויל זיך טויטן — זי לאָזט נישט: „דו ביסט יונג, שטאַרק, האָסט אַ צוקונפט פאַר זיך"... און אַז מען גלויבט איר נישט, הויבט זי אָן ביטערלעך צו וויינען; שווערט זי, עס איז אמת! און לוקא זאָגט, אַז עס איז ווירקלעך אַזוי, ווייל אמת איז נאָר דאָס, אין וואָס אַ מענטש גלויבט...

און אפילו אַנגאַ, וואָס וויל אַזוי רוען, קאָן זיך דאָך פון לעבן נישט אָפּרייסן גאָר אינגאַנצן. אַמאָל רייסט זיך איר פון די האַלב־טויטע ליפּן אַראָפּ: און אפשר וועל איך דאָך געזונט ווערן?...

און אַזוי אַלע! — פונקען פון אונטערן אַש, און אויסגעלאָשן ווערן קאָן עס נישט, און אויפפלאַמען — אויך נישט...

אָט אַנגאַס מאַן...

דעם ווייבס קרענק האָט אַהער געבראַכט, ער איז, לויט זיין מיינונג, אַן איינציקער ערלעכער צווישן גנבים... זאָל נאָר דאָס ווייב געזונט ווערן... און שפּעטער: זאָל נאָר דאָס ווייב שטאַרבן, וועט ער זיך שוין אַרויסרייסן פון דאַנען... די הויט וועט ער פון זיך אָפּרייסן און איבערלאָזן, נאָר אַליין מוז ער אַרויס. ער, דער ערלעכער אַרבעטער — פון דער הייל פון גנבים, קאָרטן־שפּילער, פוילענצער...

ער וועט אָבער נישט אַרויס!

דעם ווייבס קרענק האָט שוין צו לאַנג געדויערט, אין אָנהויב האַלט ער זיך ווייט פון אַלע, ערהאַבן איבער אַלע — שפּעטער קוקט ער זיך נענטער צו, ער וויל זען, ווי דער עולם שפּילט, און צום סוף בלייבט ער — אַ פּאַרסמטער, אַ שילטנדיקער...

און אַזוי אַלע, אַלע...

# אין וואָס איז אייער הילף.

(אַ ביכעלע קעשענע־ביכל פאַר יעדן בעל־מלאכה און אַרבעטער)

## פון ח. י. דאָקטאָר

דאָס ווערקל איז פריער (1886) געגאַנגען אַלס אַרטיקלען אינם „יידישן פאָלקס־בלאַט" און שפּעטער איבערגעדרוקט געוואָרן מיט אַ „צור ווארינג (?): נאָכדרוק, אָדער איבערזעצן וכו' איז שטרענג פאַרבאָטן לויט געזעצע".

די בראָשורע האָט פינף און פערציק זייטן; אַ פאָררעדע, פינף פרקים און אַ שלוס. אין דער פאָררעדע דערציילט הער דאָקטאָר זיינע „טייערע ברידער, בעלי־מלאכות און אַרבעטער, אַלע, וואָס לעבן פון דער אַרבעט פון זייערע הענט," אַז „נישט לאַנג איז ער צוריקגעקומען פון אויסלאַנד (!), ער איז געוועזן אין דייטשלאַנד (!!) פראַנקרייך (!?!) און ענגלאַנד (!!!) און געזען דאָרט אַזוינע שיינע (?) זאַכן, וועלכע ער וועט נישט פאַרגעסן ביזן טויט אַריין", נאָר „מער פון אַלעמען האָבן אים איבערראַשט די מיטלען, מיט וועלכע די דאָרטיקע בעלי־מלאכות און אַרבעטער האָבן אַליין זיך אונטערגענומען (פאָרגענומען?) צו פאַרבעסערן זייער שלעכטע לאַגע און אַרויסצורייסן זיך פון דעם „אָרעמקייט"! די מיטלען זענען אַזוי וויכטיק און גרויסאַרטיק (!), אַז ער האַלט עס פאַר נויטיק זיי מיט זיי צו באַקענען, כדי זיי זאָלן וויסן וואָס זיי האָבן צו טאָן, דאָס הייסט, זיי זאָלן זיך באַציייטנס (?)

נעמען צום שכל (!) און אָנהויבן עפּעס צו טון (!). נישט זיצן פאַרלייגט די הענט און לאָזן דאָס אָרעמקייט זאָל זיי גאָר אינגאַנצן איינשלינגען".

אונז איז, למשל, אַלץ איינס צי האָט ה' דאָקטאָר אויסלאַנד געזען אָדער אין בוך געלעזן; צי האָט אים עפּעס אין דייטשלאַנד אָדער אין מיכאַילאָוו (למשל) איבערראַשט; מיר דאַרפן נאָר זען אויב די עצות, וואָס ה' דאָקטאָר גיט, זענען פּראַקטיש.

דאָס ווערקל האָט פינף פּרקים; אין זיי גיט דער הער דאָקטאָר פינף עצות.

פריער גיט ער צו פאַרשטיין, אַז דאָס גרעסטע אומגליק איז פאַר דער מלאכה די קאָנקורענץ, וואָס וואַרפט דעם פּרייז. די פּרייזן, זאָגט הער דאָקטאָר, הענגען נאָר אָפּ פון דער צאָל פון אַרבעטער. „און נישט נאָר ביי אַרבעטער, עס איז אַזוי אין יעדן פאַך". דאָס שטיקל איז זיכער אָריגינעל, נישט איבערזעצט. עס איז שווער צו גלויבן, אַז מיכאַילאָוו אָדער אַנדערע מחברים זאָלן נישט וויסן, אַז די קאָנקורענץ וואַרפט נאָר דעם פּרייז פון מינימום (לכל הפּחות) ביז מאַקסימום (לכל היותר). אָבער דער עיקר הענגט אָפּ דער אַרבעט־פּרייז פון דעם נוצן, וואָס די אַרבעט ברענגט.

אויך ווייסט מיכאַילאָוו און אַנדערע מחברים, אַז עס איז פאַראַנען צווייערליי קאָנקורענצן: איינער קאָנקורירט מיט בעסערע, איינער מיט ביליקערע אַרבעט, אַן אַנדערער ווייטער — מיט מער געשמאַק, אַרטיזם. הער דאָקטאָר נאָר וויל נישט וויסן, אַז אַן קאָנקורענץ וואָלט די מלאכה שטענדיק געשטאַנען אויף איין אָרט, קיינמאָל זיך נישט פאַרבעסערט, נישט פאַרפיינערט. ער האָט געהערט נאָר קלינגען אין אַ וואַלד און ווייסט נישט וואו. די קאָנקורענץ איז שעדלעך נישט ביי אַלע פאַכן, און איבערהויפּט נישט ביי בעלי־מלאכות; פאַרקערט, דאָרט איז זי ניצלעך און נויטיק. שעדלעך איז די קאָנקורענץ נאָר דאָרט, וואו עס איז דאָ איבעראַל מאַשינען, וואו עס אַרבעטן ביי זיי פּראָסטע אַרבעטער, וועלכע דאַרפן גאָרנישט קענען, נאָר דרייען אַ רעדל, אָדער טון עפּעס אַן אַנדער קלייניקייט; דאָרט, וואו עס איז

נישט פֿאַראַנען קיין אַרטיזם, געשמאַק, קענען און בעסער מאַכן; אין איין טאָג, אין איין שעה לערנט מען זיך אויס די קונץ. — ביי דער אַרבעט איז נישט מער פֿאַראַנען נאָר קאָנקורענץ אויפֿן פּרייז, ד. ה. וואָס מער העגט עס ווילן אַרבעטן, ווייניקער צאָלט מען פֿאַר דער אַרבעט. אויך גייט עס נאָר צו ביז צום מיני־מום, ווייל דער אַרבעטער מוז נעמען וויפֿיל אַ מענטש מוז האָבן, ער זאָל ווי עס איז אויסלעבן דעם טאָג. נאָר דאָ איז די קאָנקורענץ שעדלעך, ביי בעלי־מלאכות אָבער איז גאָר אַנדערש.

דער הער דאָקטאָר מוז נישט וויסן, אַז עס זענען אַמאָל צעכן (צונפֿטן) געוועזן, ד. ה. אַזוינע חברות פֿון בעלי־מלאכות. דאַמאָלט איז געוועזן גאָר אָן קאָנקורענץ. און מען האָט זיי מבטל געוועזן אין דער גאַנצער וועלט טאַקע נאָר דעריבער, ווייל אָן קאָנקורענץ האָט זיך די מלאכה נישט אַנטוויקלט, זי איז שטענ־דיק אויף איין אָרט געשטאַנען.

נאָר וואָס פֿאַר אַן עצה גיט הער דאָקטאָר קעגן דער קאָנ־קורענץ?

דער ערשטער פּרק הייסט: מאַכן שותּפֿות צווישן בעלי־מלאכות. עס בלייבט דאָך די שאלה: וואָס זאָלן טון אַרבעטער וועלכע די קאָנקורענץ עסט באמת אויף? זאָלן זיי אויך מאַכן שותּפֿות? און וואָס זאָלן זיי אַריינלייגן אין שותּפֿות אַריין? די שוואַרצע הענט, דעם ליידיקן מאָגן אָדער דאָס ביסל שכל, וואָס הער דאָקטאָר וועט זיי אויסלערנען?

אויך ווייסן מיר נישט וואָס פֿאַר אַ מין רפֿואה דאָס, שותּפֿות איז קעגן קאָנקורענץ. הער דאָקטאָר מיינט נישט, אַז אַלע שניידער פֿון דער גאַנצער וועלט זאָלן מאַכן שותּפֿות, צו דער גרויסער פֿאַנטאַזיע איז ער נאָך נישט געקומען.

זיין עצה איז, אַז עטלעכע שניידער (ער וויל 15 שניידער) זאָלן מאַכן שותּפֿות. ער באַרעכנט, אַז זיי וואָלטן דעריגען פֿאַר־דינט ממון קרח. לויט זיין רעכענונג, ווען פֿופֿצן שניידער זאָלן מאַכן שותּפֿות, וואָלטן זיי פֿאַרדינט אַ סך געלט. אַזוי דאַרפֿן זיי: פֿופֿצן דירות מיט טירן אין גאַס אַריין (ד. ה. אין אָדעס, וואו הער דאָקטאָר וואוינט), טעגלעך אַ פֿוד קוילן, דרייסיק שערן

דרייסיק פּרעסן, פּופּצן מאָסן, פּופּצן נײ־מאַשינען, פּופּצן שטי־בער אויפּצונעמען קליענטן (!!!), דאָס שותפות אָבער דאַרף: נאָר איין טיר אויף דער גאַס אַרויס, קליינע איינציקע דירות מיט איין שותפות־וואַרשטאַט און די העלפּט כּלים. ער באַרעכנט אַ חלוק אויף דריי טויזנט זיבן הונדערט און פיר רובל אַ יאָר. די סומע וואָלטן זיי נאַטירלעך נויטיק געדאַרפט.

די רעכענונג אַליין איז פאַלש. הער דאָקטאָר האָט, למשל, פאַרגעסן, אַז צייט איז געלט: אַז די פּופּצן שניידער וועלן מוזן האָבן דעם זעכצעטן, ער זאָל זיין זייער קאַסירער, אַ זיבעצעטן אַלס בוכהאַלטער; אַן אַכצעטן, אַלס געשעפטס־פירער; — אָדער יעדערער פון די פּופּצן שניידער וועט מוזן דאַרויף אָפּטיילן אַביסל פון זיין צייט, אויב ער איז נאָר פעיק דאַרויף; אַז אַ בוכהאַלטער, אַ קאַסירער, און אַ געשעפטס־פירער קאָסטן באַלד מער ווי דער פאַרדינסט; אַז די רעכענונג איז נאָר נוהג ביי גאַנץ גרויסע שניידער אין גאַנץ גרויסע שטעט. נאָר אויסער דעם, איז די רפואה אַזוי פיל ווערט, וויפיל אָפּשפּרעכן אַ מכּה. עס זאָלן זיך מאַכן פּופּצן שניידער אַ שותפות און שוין, ביי דעם שותפות זאָל עס בלייבן, מער קיין שותפותן זאָלן זיך נישט מאַכן, וואָלטן די פּופּצן, (ווען די רעכענונג זאָל ריכטיק זיין) ווירקלעך גוט געשטאַנען, דאָס הייסט, אַז זיי וואָלטן בעסער קאָנקורירט מיטן רעשט שניידער, וואָס אַרבעטן יעדערער באַזונדער! נאָר אויב דאָס איז דער צוועק, איז נאָך נישט כּדאי געווען צו שרייבן און דרוקן אַפילו די קלענסטע בראָשורע. מען רופט צוזאַמען פּופּצן שניידער און מען מאַכט אַ שותפות! נאָר הער דאָקטאָר מיינט, אַז אַלע שניידער זאָלן זיך בינדן צו פּופּ־צן, עס זאָלן ווערן אַרטעלן, און פאַרגעסט, אַז דאַמאָלט וועלן די אַרטעלן צווישן זיך פּונקט אַזוי קאָנקורירן, ווי היינט איינ־ציקע שניידער. עס וואָלט דערפון אפשר געווען אַ טובה, נאָר נישט דעם בעל־מלאכה; דער קונה וואָלט אַ טובה געהאַט, ווייל נישט די קאָנקורענץ וואָלט קלענער, גרעסער וואָלט זי געוואָרן און די אַרבעט — — ביליקער!

דער הער דאָקטאָר ברענגט אַ משל פון אַ שותפות פון

פופצן בלעכער אין פּאַריז. עס איז אַ וואונדער, וואָס הער דאָקטאָר, וואָס איז אַליין אַ שניידער, וואָס האָט געמאַכט אַ חשבון פאַר אָדעסער שניידער, ברענגט אַ משל פונקט פון פּאַריזער בלעכערן! אין פּאַריז זענען דאָ פאַרשידענע שותּפותן פון שניידער אויך, און הער דאָקטאָר, אויב ער איז אין פּאַריז געווען און פראַנצויזיש פאַרשטאַנען, וואָלט ער בעסער געטאָן, ער זאָל דאָס שניידער־שותּפות שטודירן. און אויב עס זענען אים שוין די בלעכער אויף די פּאַריזער דעכער געפאַלן אין די אויגן, האָט ער ווייטער געברויכט, צוריקקומענדיק אין אָדעס, צו מאַכן דעם חשבון אויך פאַר די בלעכער. למשל, פופצן בלעכער דאַרפן דאָס, און דאָס, אַלע צוזאַמען — ווייניקער כּלים, ווייניקער דירות... יאָ?

נאָר אַפילו אויב מיר האָבן אַ טעות, אין פּאַריז איז שניידער־חברות נישטא, זענען דאָ מאַנכע אין בערלין, אין לאָנדאָן, די צוויי שטעט האָט דער הער דאָקטאָר געמוזט אַפנים באַהאַלטן אויף שפּעטער!... ער מוז פון יעדער שטאָט אַן אַנדער משל ברענגען, כּדי מען זאָל וויסן, וואו אַלץ איז געווען. דער פּרק ענדיקט זיך מיט דעם, אַז אין רוסלאַנד זענען אויך דאָ אַזעלכע שותּפותן. אַזוי אויך ענדיקט זיך יעדער פּרק. נאָר פאַרוואָס אייגנטלעך שרייבט אונז ה׳ דאָקטאָר פון דעם, וואָס עס טוט זיך אין אויסלאַנד, נישט אין רוסלאַנד? ער איז טאַקע געווען, למשל, אין פּאַריז, לאָנדאָן און בערלין, ער וואוינט דאָך אין רוסלאַנד, פאַרוואָס האָט ער זיינס נישט שטודירט? ממה נפשך, זענען די שותּפותן אין רוסלאַנד אַזוי גוט, ווי די אויסלענדישע, וואָס דאַרפן מיר יענע? זענען זיי ערגער, איז פיל אינטערעסאַנטער צו וויסן מיט וואָס? מיט וואָס זענען ערגער די רוסישע אַרטעלן פון דער בלעכער־געזעלשאַפט אין פּאַריז, אונזערע באַנקן — פון די דייטשע (פּרק ב), די „פּאָטרעביטעלנאָיע אָבשטשעסטוואָ", וועלכע ער דערמאָנט נאָר — פון די געוועלבער אין אויסלאַנד! וכדומה?

---

מיר זאָלן וועלן נאָכגיין טריט ביי טריט דעם הער דאָק־

טאָר און כאַפּן אים ביי אַלע זיינע גרייזן, וואָלטן מיר געפּרויכט אַ גרעסערע בראָשורע שרייבן, אַלס זיינע; מיר וועלן זיך מיט אים אָפּפּאַרטיקן בקיצור. ער וויל איינפירן אַרטעלן און שרייבט פון פּאַריז, לאָנדאָן און בערלין; ער וויל מאַכן „פּאָטרעביטעלניא אָבשטשעסטוואַ" און באַשרייבט אויסלאַנד, קיין איינציקע געזעלשאַפט אין רוסלאַנד; און דער עיקר וויל ער איינפירן שולן צום לערנען מלאכות און באשרייבט, אַז די שול, וואָס די בעלי־מלאכות האָבן זיך געמאַכט אין בערלין, איז „דאָס שענסטע הויז אין שטאָט, דאָס (הויז) ווערט (!) באַלייכט מיט גאַז. אין דעם (הויז) געפינט זיך אַ גרויסער זאַל, וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט אַ גאַלעריע און באַלקאָנעס מיט שיינע געשניצטע פון האָלץ שטראָכעטן (רעשאָטקעס). דער זאַל איז פול (!) מיט שיינע בענק און טישן (!!!) אויף דעם עק פון אים (פון טיש?) געפינט זיך אַ בימה, אויף וועלכער יעדערער, וואָס וויל נאָר (!!), האָט דאָס רעכט (אודאי!) צו האַלטן אַ רעדע, אָדער עפּעס פאָרטראָגן פאַר דעם עולם, אַ חוץ דעם איז נאָך דאָ אַ קעסטל, אין וועלכן יעדער האָט דאָס רעכט (!) אַריינצוּוואַרפן אַ פּאַפּירל, אויף וועלכן ער מעג אָנשרייבן דאָס, פון וועלכן ער וויל מען זאָל שמועסן, נעבן דער בימה שטייט אַ פּאָרטעפּיאַן צוליב דעם (!!!) ווייל די בעלי־מלאכות און אַרבעטער קומען זיך דאָ צונויף, שפּילן זיי און זינגען. נעבן דעם זאַל איז דאָ אַ ביבליאָטעק, אַ זאַל אויף (!) צו לייענען און עטלעכע גרויסע צימערן אויף (!) צו לערנען. דורך עטלעכע גלעזערנע טירן גייט מען אַריין אין אַ גרויסאַרטיקן גאָרטן, אין וועלכן די בעלי־מלאכות אַרבעטער קומען זיך זומער צונויף!" אי שיין באַשריבן, אי באַשריבן, וואָס מען דאַרף, דעם גאַנצן תּוך, און אַקוראַט פאַר וועמען מען דאַרף, וואָרים, באמת, וואָס פעלט אונזער שניידער מער אַלס אַ פּאָרטעפּיאַן מיט שטראָכעטן, אַ בימה מיט קוויטלעך, מיט שיינע בענק און טישן? איז אַ גרויסע זאַך אַזוינס איינצופירן, למשל, אין קאָמאָראָוו אָדער בראָטקעוו! וואָס מען לערנט אין שולן, נאָך וואָס מען דאַרף לערנען און פון נאָך אַזוינע קלייניקייטן איז נישט כדאַי צו רעדן; דער עיקר די שטראָכעטן!

מיר מיינען, אַז עס איז גענוג — מיר מיינען, אַז עס יואָלט גלייכער געווען אונזערע מחברים זאָלן וויניקער רעדן פון אויסלאַנד (געווען אָדער געלעזן). בעסער באַטראַכטן, וואָס אין דער היים טוט זיך. אויב זיי ווילן שרייבן איבער דער אַרבעטער־פראַגע, זאָלן זיי פריער די פראַגע שטודירן. די ליטעראַטור, און דער עיקר דאָס לעבן! נישט צו פאַרשרייבן וויין, פלייש און פיש דעם קראַנקן פאַר דחקות, נישט רעדן פון „שטראָכעטן", ווען מען האָט נאָך אַפילו קיין באַגריף, וואָס מען מיינט בילדן זיך.

דער הער דאָקטאָר האָט דאָך צוויי גרויסע מעלות: 1) ער איז (דאַכט זיך) דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן שרייבן (אָדער איבערזעצן שטיקלעך) פאַר בעלי־מלאכות און 2) ער האָט גאָר אַ קורץ ווערקל געשריבן.

.1890

# די פרויען-פראגע

לויט דעם תלמוד און דערצו אויך א רעכטן באגריף פונם תלמוד בכלל
אין צוויי טייל

## פון י. י. ווייסבערג

די מענטשהייט שפּאַלט זיך אויף צוויי טייל, אויף זכרים און נקבות. די נאַטור אַליין האָט זיי געטיילט דערמיט, וואָס זי האָט דער פרוי געגעבן דריי מצוות: טראָגן, האָבן און זויגן. אמת, עס זענען דאָ פלאַנצן און בעלי־חיים, וואָס זענען דו פּרצופים: זכרים און נקבות צוזאמען. זיי מערן זיך דורך אַ חלוקה אָדער קנאָספּן, דאָס הייסט, אָדער דאָס קעמערל שפּאַלט זיך, עס ווערט דערפון צוויי, פון צוויי — פיר, און אַזוי ווייטער, אָדער אויף דעם אָרט פון דעם צמח אָדער בעל־חי מאַכט זיך אַ מין קנעפּל, אַ בראָדאַווקע, וואָס ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער, ביז עס וואַקסט אויף און הויבט אָן צו לעבן אויף אייגענער רעכנונג, אויף דעם זעלבן אָרט, אָדער גייט גאָר אַוועק און לעבט זיך ערגעץ באַזונדער. פּראַוודע, ביי מאַנספּערזאָנען איז עפּעס נאָך דאָ אַ מין זכר פון נקבות — בראָדאַווקעס אויף די בריסטן... מען דערציילט אַפילו, אַז עס האָט זיך געטראָפן שוין, אַז אַ קינד האָט ביי אַ מאנספּאַרשוין אזוי לאַנג געצויגן ביי דער ברוסט, ביז עס האָט אָנגעהויבן מילך צו גיין... נאָר בכלל איז היינט ביי די העכערע חיות און מענטשן די דריי דינים נאָר נוהג ביי נקבות.

עד היום איז אַ תקיף אַ גרויסע זאַך... מיר זענען שוין מכלומרשט געבילדעט, האָבן פּראַוועס, רעדן פון יושר, פון אמת... און דאָך איז ביסמאַרק און פּרייסן... די בעסטע עדות, וואָס היינט נאָך פאַר אַ ווערט עס האָט כּח... און עס איז נאָך געווען אַמאָל אַ צייט ביי מענטשן, ווען עס איז נישט מער נאָר כּח געווען, נאָר: „כּל דאַלים גבר!״ (ווער עס איז שטאַרקער, דער האָט רעכט!)

פאַרשטייט זיך אַליין, אַז אין יענער צייט, ווען נאָר די פויסט האָט רעגירט, האָט דער זכר געמוזט אונטערדריקן די נקבה, ווייל (עפּ״פּ אין אַ געוויסער צייט) ער איז שטאַרקער געווען פאַר איר.

פון דאַמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די פרויען־קנעכטשאַפט, וואָס געדויערט נאָך עד היום. נאַטירלעך נישט אומעטום, און נישט ביי יעדן פאָלק גלייך. דער אונטערשיד צווישן מענער און פרויען הויבט זיך אָן דאַמאָלט, ווען די פויסט אַליין רעגירט, און ענדיקן וועט זי זיך דאַמאָלט, ווען נאָר יושר, נאָר אמת וועלן רעגירן. דעריבער איז דער פרויען־שטאַנד פאַרשידן ביי יעדן פאָלק אין פאַרשידענע צייטן, און אויך אין איין צייט ביי פאַרשידענע פעלקער, ווייל די מענטשהייט גייט נישט איר אַנטוויקלונגס־וועג גלייך, ווי אַ ראָטע, נאָר צעוואָרפן, טייל פריער און טייל שפּעטער, וואָס אויף אַ נידעריקערן שטאַפּל פון דער בילדונג אַ פאָלק שטייט, נידעריקער שטייען ביי אים די פרויען.

מיר האָבן נאָך היינט ווילדע שטאַמען, וואו פרויען ווערן ביי די עלטערן אָפּגעקויפט, אַלס אַ זאַך; יונגערע דינען, אַלס ווייבער און דינסטן; עלטערע — ווערן געטויט, געבראָטן און געפרעסן; פעלקער, ביי וועלכע קדושין הייסט: צופירן צו אַ בוים און אויסהאַקן מיט אַ קליין צוויי פעדערשטע ציין.

עס זענען דאָ שטאַמען, וואו עס פעלן ווייבער. ווערן זיי געגנבעט, געכאַפּט, גערויבט ביי שכנים. מען לויערט (טשאַטעוועט) אויף אַ נקבה, ווי אַ ווילדע חיה אויף רויב. קוים ווייזט

זי זיך, פֿאַלט מען זי אָן, מען גיט איר אייניקע קלעפּ מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ, זי זאָל דעם שכל פֿאַרלירן, און מען שלעפּט זי צו זיך אַהיים אויף אַ שטריק.

עס זענען דאָ שטאַמען, וואו די מענער רייטן, און די פֿרויען גייען נאָך צו פֿוס, טראָגן אויף די פּלייצעס אַ צוויי־דריי קינדער און אין די הענט אַלע כּלים, אַ חוץ דעם מאַנס כּלי־זין. דערביי ווערט זי אונטערגעשמיסן, זי זאָל געשווינד לויפֿן.

עס זענען דאָ ווילדע, וואו אַז אַ מאַן שלאָגט נישט זיין ווייב, איז עס אַ סימן, אַז ער קאָן שוין אויף איר פּרצוף נישט קוקן, און זי לויפֿט אַהיים וויינען פֿאַר די עלטערן אויף איר פֿינסטער מזל.

עס זענען אויך דאָ פֿעלקער, וואו אַז איינער שטאַרבט, גיט מען אים מיט אין גרוב צאַל־דאָס־גוטס, עס זאָל אים אויף יענער וועלט נישט פֿעלן. מען פֿאַרברענט דעריבער זיינע כּלים, זיינע רייט־פֿערד, זיינע שקלאַפֿן (דינער) און — פֿאַרשטייט זיך — זיינע ווייבער אויך! נאָך אַ גרויסן מאַן, בפֿרט נאָך אַ פֿירסט, ווערן פֿאַרברענט מיטאַמאָל אַ פֿופֿציק־זעכציק פֿרויען...

נאָר דאָס זענען אַלץ ווילדע מענטשן; לאָזן מיר באַטראַכטן אַביסל די געבילדעטערע. אַ מאַן האָט צו שאַפֿן איבערן ווייב מיט די קינדער, זי מוז נאָכגיין, וואוהין ער וויל. שלאָגט ער זי, האָט זי קיין רעכט אים צו פֿאַרקלאָגן, אויסער ווען ער מאַכט זי פֿאַר אַ קאַליקע.

זי פֿאַרלירט איר נאָמען. אַפֿילו, אַז זי גט זיך מיטן מאַן הייסט זי נאָך אים כּל זמן זי האָט מיט קיין אַנדערן נישט חתונה. אַ מאַנספּאַרשוין קאָן ווערן וואָס ער וויל, אַ פֿרויענצימער קאָן נאָר ווערן — אָדער זיין דינסט, אָדער זיין ליבהאָבערין! דער אייגענער חטא, וואָס ביי אַ מאַנספּאַרשון איז קיי־און־שפּיי, איז ביי אַ פֿרויענצימער סכּנות־נפֿשות. אין טייל לענדער נעמען פֿרויען גאָרנישט, אין טייל — נאָר אַ קליינעם חלק ירושה.

אויסער אייניקע שטאַטן אין אַמעריקע, זענען איבעראַל די פֿרויען באַגרענעצט, פֿאַלן אַלע אונטער דעם מאַנס ווילן,

און מערסטנטייל ווערן זיי גאָרנישט ערצויגן אַלס מענטשן, נאָר אַלס שפּילצייג פון מענטשן ווענן. אַ ליאַלקע וואָס קאָן רעדן שיין, פּלאַפּלען אַביסל פראַנצויזיש, שפּילן פּיאַנע, כדי, אַז דער מאַן וועט קומען אַהיים נאָך דער אַרבעט, זאָל זי אים אָנגענעם מאַכן דאָס לעבן, אָדער אַלס ווירטין, זאָל זי קאָנען אים גוט קאָכן, באַקן און איינשפּאָרן.

דאַמאָלס, ווען דער מאַנספּאַרשוין ווערט וואָס עלטער — קליגער, אַנטוויקלטער, באַלעזענער, שטאַרקער, און באַקומט מער כבוד און דרך ארץ, איז ביי פרויען פּאַרקערט. וואָס עלטער זי ווערט, ווערט זי נאַרישער, זאַבאָבאָנישער, שוואַכער און אומערטרעגלעכער... עס טרעפן זיך מענטשן, וואָס האָבן ליב די ווייבער, נאָר איינער צווישן טויזנט קאָן ליידן זיין שוויגערס דוך.

ביי אונז יידן שטייען אויך די פרויען נידעריקער, אַלס מענער. צי קאָן זיך, למשל, אַ ייד פּאָרשטעלן אַ יידענע אַלס ראש הקהל, שמש ביים רב וכדומה? געוויס נישט! צי קאָן זיך עמיץ ביי אונז פּאָרשטעלן אַ שטר „חצי נקבה”? אַ נקבה זאָל דאַוונען פּאַרן עמוד? צי וויל אַ פרומע יידענע מער, ווי זיין אין גן־עדן איר מאַנס פיסנבענקעלע?

מענטשן זענען בטבע קאָנסערוואַטיוו! נישט נאָר די, וואָס האָבן צו שאַפן, ווילן באַהאַלטן שטענדיק זייער ממשלה, נאָר אַפילו די אונטערדריקטע, וואָס זענען שוין אין קייטן געבוירן, ווילן אין זיי שטאַרבן; זיי קאָנען זיך קיין אַנדער לעבן נישט פּאָרשטעלן. איידער מען האָט אין אַמעריקע אָפּגעשאַפט די שקלאַפעריי, זענען די שקלאַפן אַליין געווען דאַקעגן, און אַז עס האָט אויסגעבראָכן דער־יבער אַ קריג, האָבן די שקלאַפן געטריי זייער בלוט פאַרגאָסן פאַר זייערע צוואַנג־הערן.

אַזוי איז אויך ביי דער פרויען־פראַגע. נישט נאָר דער מאַנספּאַרשוין אַליין סטאַרעט זיך, אַז די פרוי זאָל בלייבן אונטערדריקט, זי זאָל וויניקער קאָנען אַרבעטן, אַלס ער, זי זאָל זיין נאָר זיין שפּילצייג, נאָר אַפילו די פרויען אַליין האַלטן זיך דערינען שטאָל און אייזן. זייער גאַנץ לעבן איז — זיך אָנצוהענגען עמיצן אויף די פּלייצעס; זי איז גליקלעך, אַז מען

האַלט זי פאַר אַ „מלאך" און נישט פאַר אַ מענטש, אַז מען שטייט פאַר איר אויף, מען לויפט איר אויפהויבן דאָס אַראָפּגע־לאָזטע נאָזטיכל...

דער קאָנסערוואַטיזם קלערט נאָך אויס פאַרשידענע תירו־צים און טעאָריעס; דאָס ווייב איז באַשאַפן געוואָרן פון מאַנס ריפּ, איז פון דאַנען געדרונגען, אַז זי דאַרף קיין גאַנצער מענטש נישט זיין! אַז די פרוי האָט בטבע מער געפיל, אַלס שכל, מער גע־שמאַק, אַלס כוח, וכדומה. מען מאַכט זיך פאַרגעסן, אַז דאָס קומט אַרויס פון דער טויזנט־יאָריקער ערציונג, פון דער דומער דאַ־מען־טראַכט, און נאָך און נאָך אַנדערע זאַכן.

די פרויען־פראַגע, זעט איר, קאָן פאַר אונז יידן אויך זיין זייער אינטערעסאַנט. די פרויען־לאַגע שטייט נישט אויף איין אָרט, זי ענדערט זיך מיט דער צייט. אין אַנדערע ליטעראַטורן קאָן מען פון דער פראַגע זאַמלען גאַנצע ביבליאָטעקן — ביי אונז האָבן מיר יעצט דאָס ערשטע ווערקל פון ה' י. י. ווייס־בערג. כל התחלות קשות.

דאָס ווערקל רעדט נישט פון דער פרויען־לאַגע יעצט, עס שטודירט נישט די פרויען־פראַגע איבער דער גאַנצער צייט. ער שטעלט זיך אַפּנים פאָר, אַז די גמרא איז „איינס", און לויט דער גמרא איז פאַראַנען איין „פרויען־פראַגע": ער האָט אַריינ־געשלעפּט מיט געוואַלט „אַ ריכטיקן (!) באַגריף איבערן תלמוד", ער פאַרגעסט די צייטן און די ערטער פון דער גמרא; ער באַמערקט נישט, ווען און וואו עפּעס איז געזאָגט געוואָרן; די מאמרים גייען אָן אַ סדר; זיינע אויסלייגונגען זענען מערסטנטיילס „ויש ליישב בדוחק", פּשטלמעסיק — נאָר דאָך איז דאָס ווערקל נוציק, און מיר עמפּעלן עס דעם פּובליקום.

און מיר עמפּעלן עס, נישט דעריבער, דאָס ווערקל זאָל האָבן עפּעס געווירקט, עפּעס דערקלערט — דאָס נישט. דער מחבר באַמיט זיך אַפילו טיילמאָל צו פאַרענטפערן אַפילו אַ בעל־התלמוד, וואָס האָט זיך האַרט אויסגעדריקט איבער פרויען... נאָר פון דעם האָבן מיר קיין נוצן נישט. נישט תנאים ואמוראים דאָס לעבן דריקט זיך האַרט אויס און אונטערדריקט...

נאָר ווי עס איז, פון דעם ווערקל ווערט מען געוואָר, על כּל פּנים, אַז עס איז דאָ אַ פרויען־פראַגע, אַז עס זענען דאָ מענטשן, וואָס קלערן, אַז אַלע מענטשן דאַרפן זיין אין אַלעם גלייך...

1890

# האָריז

## ספר לכל נפש, ולכל בית ישראל

(דאָס לאַנד, אַ בוך פאַר אַלע יידן, וועלכע פאַרשטייען לשון־קודש,
און פאַר יעדן הויז, וואו עס ליגט נאָך אַמאָל אַ תנכל)

גייט אַרויס אין ירושלים דורך ה. זאב (וואָלף) יעבץ

(עס זענען אַרויס פיר בענדלעך)

עס זעט אויס, אַז די וועלט וועט נאָך אַמאָל די זכיה האָבן צו זען אַן אילוסטראַציע צו גאָרדינס געדיכט: „בנערינו ובזקנינו נלך"; דער אייביקער ייד „וועט נאָך אַמאָל נעמען דעם שטעקן אין דער האַנט אַריין, די (ליידיקע) טאָרבע אויף די פלייצעס און עס וועט זיך אָנהויבן דאָס קאַפּיטל „ויסעו — ויחנו".

נאָר, וואו וועט זיין דער לעצטער ויחנו פון דעם לאַנגן וועג? אָט דאָס איז די פראַגע! אונזערע שונאים האָבן אויף איין נוסח, כאָטש אין פאַרשידענע לשונות, פאַר אונזער רוחניות אַ מצבה געקריצט און קדיש געזאָגט, נאָר לעת־עתה שטייט נאָך דער גרוב ליידיק... און דעריבער, בשעת ווען „אַרגענטינע" ציט מיט קערפערלעכע, זיידענע שנירן און גאָלדענע קייטן... ציט אונז ארץ־ישראל מיט אַזעלכע פעדים, וואָס די גראָבע האַנט קאָן נישט אָנטאַפּן, דאָס שוואַכע אויג — זען, נאָר וועלכע עס האָבן טויזנטער יאָרן נישט אָפּגעשוואַכט, פייער — נישט איבער־

געבערענט, וואַסער — נישט צעפלאָכטן, קיין שטן — פאַרפלאָנטערט און די צרות־דערגנער פון אַלערליי פרעמדע פלויטן נישט איבער־געריסן, און מיט וועלכע אונזער יידיש האַרץ איז אַרומגע־וועבט...

נאָר אין פראַגן, פון וועלכע עס הענגט אָפּ די גאַנצע צו־קונפט (עתיד) פון אַ פאָלק, טאָר מען דעם האַרץ אַליין קיין דעה נישט געבן, און מען מוז דעם קאַלטן קלוגן שופט, דעם מוח, אויך פרעגן אַן עצה. ער איז אָן אַ נטויה, אָן רחמנות, נאָר — ער האָט שכל.

מיר קאָנען פונם שכל נישט פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל אי־בערוועגן די מעלות און חסרונות פון ביידע צדדים (אַרגענטינע, פּאַלעסטינע), ווייל „מרת יפת" (אַזוי רופט יעבין די אייראָפּעישע ציוויליזאַציע) האָט נאָך נישט ערפינדן קיין וואָג, מען זאָל וועגן „עולם־הזה־סחורה" מיט רוחניות צוזאַמען, און ווען אַפילו ר' לייב שרהס (אַזוי וויל איך רופן די קווינט־עסענץ פון אונזער גלות־נאַציאָנאַל־ציוויליזאַציע) זאָל אַראָפּברענגען פון הימל די וואָגשאָל (מזל מאזנים), וואָלט זי אונז אויך נישט געהאָלפן (בפרט, אַז זי שטייט שוין אַזוי לאַנג ליידיק, האָט זיך אַוודאי שוין מזל בתולה פון זיי צי־קנעפּ צום סטאַניק געמאַכט).

מיר פאַרלאַנגען נאָר פון שכל, עס זאָל איבעררעכענען די עולם־הזה־סחורה; פון הארץ — ער זאָל נאָכטראַכטן וועגן דער וויג, וואו אונזער פרייהייט איז געבוירן, וועגן דעם קבר — וואו זי איז באַגראָבן געוואָרן, און — פון תחית־המתים, נאָר — בבחינת: יעקב אבינו לא מת! דאָס האַרץ און דער מוח וועלן ביידע טאָן זייערס, נאָר ווייל ביידע ווירקן און באַוועגן איין אָרגאַניזם (בעל־אברים), וועט ער אַוודאי גיין זיין רעכטן וועג, לויט דעם „פּאַראַלעליזם", וועלכן „מרת יפת" האָט ערפונדן.

נאָר כדי די ביידע מאָטאָרן זאָלן קאָנען אַרבעטן בשלי־מות, מוזן זיי האָבן קראַפט. ליידער אָבער האָט דער מוח ווייניק ידיעות פון פּאַלעסטינע. בשעת ווען דאָס האַרץ טשעפּאָ־טשעט זיך אויף אַלע קברים, אויף כותל מערבי, אויף יעדן שטיינדל, אויף יעדן שטויב ערד, וועלכע זענען דורכגעזעצט מיט

אונזער העלדן־בלוט, ווייסט נאָר דער שכל, אַז אַמאָל האָט דאָרט גערונען מילך און האָניג, און היינט איז אַ וויסטער מדבר, ער קאָן זיך משער זיין, אַז דעם מדבר האָבן מיר דעם טערקישן פאַטאַליזם *) צו פאַרדאַנקען, נאָר אויף קיין השערות קאָן מען קיין הויז נישט שטעלן!

אַלס ריכטיקע פּראָבן קאָנען נאָר דינען די נייע קאָלאָניעס. נאָר ווער קען זיי? ביז אַהער האָבן פון זיי גערעדט אָדער „מרגלים", אָדער הייס־פאַרברענטע בטלנים, וואָס וואָלטן געוואָלט מיטן גאַנצן פאָלק דעם ירדן פאַרשיטן, אַבי איינער אַ שריד־ופליט, זאָל דערנאָך טרוקן איבערגיין און אָנצינדן אַ ליכטל אויף מאיר־בעל־נס... אָדער נאָך אַזוינע, וואָס זענען שרייבנדיק נישט געשטאַנען איבערגעדרייט מיטן פנים אַ היין, נאָר אַ הער, געקוקט די לעזער אין די אויגן אַריין, און געזאָגט, וואָס די אויגן האָבן געוואָלט, צו וואָס זיי האָבן געגלוסט!...

און דעריבער איז אונז אָנגענעם עדות צו זאָגן, אַז ה' יעבץ מיט זיין גאַנצן פאַנאַטיזם (לעז זיין לייטענדן אַרטיקל) גיט אונז דאָך אַ ריכטיקן באַגריף איבער דעם שטאַנד פון די קאָלאָניעס; אויף זיינע ידיעות ליגט דער חותם פון ערלעכקייט און אמת. און דעריבער איז ווירקלעך זיין ספר „הארץ" „אַ בוך פאַר אַלע (וואָס לעזן העברעיש) און פאַר יעדן יידישן הויז."

איבערהויפּט קומט אים צו דאַנקען פאַר יחיאל מיכל פינעסעס בריוו איבער דעם עקאָנאָמישן שטאַנד פון דער געגנט; פאַרן צעשפּרייטן די ריכטיקע מיינונג, אַז אויף „נדבות" קאָן מען קיין קאָלאָניעס נישט שטעלן, און פאַר נאָך אַנדערע וויכטיקע אידעען — און כאָטש מיר סאָלידאַריזירן זיך נישט מיט

---

*) מחמד, דער טערקישער נביא, הייסט גלויבן, אַז אַלץ אין דער וועלט איז באַשערט פון דער השגחה, אַז דער מענטש מיט זיין חכמה און רצון קאָן זיך גאָרנישט העלפן און קיין עצה געבן. דעריבער זענען זיי פויל צו דער אַרבעט.

הער יעבץ וועגן דער שנאה צו „מרת יפת״ און בנוגע צום בענקען למצות התלויות בארץ, (בפרט אויב צווישן זיי וועט זיין קרבנות), גיבן מיר די פון אונזערע לעזער, וועלכע פארשטייען העברעיש, די הערצלעכסטע עצה טובה, זיי זאלן דעם „הארץ״ באשטעלן.

1891

# דער ווארשעווער יידישער קאלענדאר

דריטעס יאָר — תרנ״ד

אויסער די חלקים, וואָס געהערן צו אַ לוח בטבע, האָט דער „וואַרשעווער יידישער קאַלענדאַר" אין זיך אַ שפּאָר חלק ליטעראַטור. ערשטנס, (ווייל די יידישע כראָנאָלאָגיע איז גאַנץ קאַלענדאַר־מעסיק און דער טיטל „די וועלט־געשיכטע" פּאַסט איר אַזויפיל, ווי דער „המאור־הגדול" דעם שטאַרקן רוב פון אונזערע רבנים —) ערשטנס, שמירט אונז אויס ה׳ פרישמאַן דאָס מויל מיט „מילך און האָניג". ער האָט אַ גרויסע פּרעטענסיע צום רבונו של עולם, וואָס האָט צוגעזאָגט צו געבן האָניג און מילך, עס זאָל רינען איבערן מויל —

רבונו של עולם, צו וואָס זיך דען נאַרן;
נישטאָ מער די גאָלדענע יאָרן!
נישטאָ מער קיין מילך שוין, נישטאָ מער קיין האָניג
אין לאַנד פון דעם כרמל, פון שרון!

פון די אַלע הבטחות —

איז אונז נאָר געבליבן אויף אונזערע צרות
בהמות און בינען אַלם סימן —
דאָך (?) האָבן מיר לאנג גאָר אין מילך און אין האָני־
אויפגעהערט טרעטן (?) און שווימען —

און דעריבער איז ער מתפלל:

אוי, גאָטעניו! זעסטו, איך בין דיר שוין מוחל
דיין מילך און דיין האָניג; איך רעכן
צו בעטן דיך: נעם שוין אויך צו די בהמות
און בינען, וואָס שטעכן, וואָס שטעכן!

דער צווייי מאָל „וואָס שטעכן", איז מחזק צו זיין „דעם ענין פון שטעכן" — נאָר ווער זענען די בינען? אויף בהמות קאָנען אַלע אָנווייזן מיט די פינגער, נאָר ווער זענען די שטעכער? צי האָט ה' פרישמאַנען דער „האָבער געשטאָכן"? —

נאָר נישט דער האָבער און נישט בינען שטעכן אונז אינם געלערטן אַרטיקל „די וואונדערבאַרע נאַטור־קראַפט עלעקטריציטעט"; דאָ איז יעדעס וואָרט אַ פּראָסטער דאָרן, וואָס לעכערט אויערן און האַרץ. שוין דער טיטל אַליין איז דער בעסטער סימן ווי נישט פעיק דער מחבר (זאָסניץ) איז צו פּאָפּולאַריזירן (פאַרן פּראָסטן עולם פאַרשטענדיק צו מאַכן) אַ וויסנשאַפט (חכמה). נאָר דער טיטל איז נאָך גאָלד! דאָס אַרטיקל צו פאַרשטיין איז ווייניק צו קענען לעזן און האָבן אַ שכל הישר, מען מוז פריער קענען די עלעקטריציטעט, ווי עס דאַרף צו זיין, און דערצו נאָך געוואוינט זיין מיט זאָסניצעס ספּעציאַלנע לשון, כדי מען זאָל קאָנען דורכלעזן — אַ פּאָר זייטלעך.

זאָסניץ קאָן זיין פאַר זיך אַ געלערטער מענטש, נאָר דער „מכל מלמדי השכלתי" גייט אויף זיינע תלמידים נישט; ער איז אפשר דער איינציקער פּרט, וואָס דאַרף מחזק זיין דעם כלל. איך שטעל אַייך אַנידער עטלעכע פלוימען־קערן, ווער עס האָט גוטע ציין, זאָל זיך פּרוּוון און אויפקנאַקן:

„מינעראָלאָג (פאַרשטייט גוט אויף איידלשטיינער)"

„איין געוויסן שטיין ליקריאָן (אָבער היינט ווייסט מען נישט וועלכן שטיין...)"

„אַז די זאַכן ציען בעסער אָן (?) ביי (!) אַ טרוקענעם (!) לופט".

„און ביי אים איז די ערשטע באַמערקונג וועגן דער קראַפט געוועזן, ווי אויבן".

„אַז מען רייבט שטאַרק אין אַ גרויס שטיק ברושטין־
„אַז מען האַלט די האַנט נעבן אַ גוט געריבע־
נעם גלאָז, פילט מען, ווי די האַנט זאָל זיין עפּעס
אין אַ שפּינוועבס".

דערביי איז צו באַמערקן, אַז בורשטין הייסט ברושטין אינם גאַנצן אַרטיקל, און זאָסניץ שרייבט שלעכט דייטש במקום גוט יידיש, נישט דוקא איבער עלעקטריציטעט, נאָר אַפילו ווען ער מאַכט זיך אַ הלצהלע דעם געמוטמעטן לעזער אַביסל פרייער צו מאַכן. די הלצה אייגנטלעך כאַראַקטעריזירט בעסער זאָסניצעס שכל הישר, אַלס די בלומען, וואָס מיר האָבן אָפּגעריסן באַלד אויפן ערשטן און צווייטן זייטל פונם געלערטען אַרטיקל.— נאַט אַייך און „טרעט אין האָניג, שווימט אין מילך":

„איך בין אַלע מאָל אַ בעלן צו זיין ביי אַ וועטע, וואָרים איך לייג דערביי קיין מאָל נישט צו (!!!*) נאָך אַ זאַך בין איך געוואוינט צו זאָגן (הוא היה אומר!): אַז איך פאַרלאַנג נישט, פון אַ חכם ער זאָל זיין אַ גרויסער בעל מדות טובות (גוטן כאַראַקטער), און פון אַ בעל מדות טובות פאַרלאַנג איך נישט קיין חכמה; ווייל איך לערנען אַריכטיקן גלויבן צו האָבן (!) גיי איך צו אַ יידישן חכם, ווייל איך לערנען גוטע מדות, גיי איך צו אַן אַלט־וועלטיקן (!) מענטשן; ווייל איך לער־נען דרך־ארץ, (איך מיין, ווען איך ווייל אַ פיינעם ליגנט זאָגנו אָדער אַ גוטן און אַ טיפן שטעכוואָרט און (!) יענער זאָל זיך דאָך נישט געפינען באַליידיקט), גיי איך צו אַ דיפּלאָמאַטן, ווייל איך לערנען חכמה אַליין (!) גיי איך צו א שטודירטן (!!) און נאָך בעסער איז צו לערנען פון זייערע (!) ביכער, איבער צוויי טעמים: ערשטנס, לערן איך ווען מיר גלוסט, צווייטנס, וועל איך אַלס שילער קיין פּאַטש נישט באַקומען (אַזוי ווי אַ אַ פאַרפאַסער גיט פּעטש דעם עולם אונטער די אויגן!!!) נאַ־טירלעך עס גיבט אויך אויסנאַמען, אַז (!) מען קען לערנען חכמה

*) אַ „סוחר" האָט אַמאָל אַזאַ אַרט צוואה זיין זון געלאָזט: אַז דו זעסט עמיצן געלט ציילן, שטעל זיך אָפּ, צולייגן וועסטו זיכער נישט.

אפילו (!) בײַ אַ קלויזניק, און כאַראַקטער אפילו (!) בײַ אַ חכם"...

און דאָס אַלץ האָט מען געדאַרפט, כדי אויסצופירן, אַז דער געלערנטער דיא־פאַס פון פּאַריז האָט זיך מקנא געווען אין גרייס ערפינדונגען און —

„ער האָט װירקלעך אַנטדעקט אַ גרויסע וויכטיקע נײַעס (!)" אָדער אפשר צו באַווײַזן, אַז עס איז דאָך בעסער צו לערנען חכמה, אפילו עלעקטריציטעט בײַ אַ שטודירטן...

---

אין זאָסניצעס „שלעכט דייטש, איידער גוט יידיש", דערמאָנט אונז אַ „געוויסער" כהן־צדק. אים רינגט אויך נישט האָניג און מילך פון מויל, כאָטש ער האָט נאָר אַ קליין שטיקל געטע איבערגעזעצט. אַ קליין שטיקל, נאָר עס איז דאָך גוט פאַר אַ מטראַשידלע אין „אונזער ווײַנגאָרטן" אַרײַנצושטעלן, אפשר וועט עס אָפּשרעקן די יונגע נאַרישע פייגל, זיי זאָלן על־כל־פנים אַביסל שטילער זינגען. הערט —

רעגעלן אים לעבן:

וױלסטו דיר אַ היפּש לעבן צימערן,
מוזטו דו אומס פאַרגאַנגענע דיך ניט בעקימערן;
דאָס ווייניגסטע מוז דיך פאַרדריסן,
מוזט שטעטס די געגנוואַרט געניסן;
בעזונדערס קיינע מענטשן האַסן,
און די צוקונפט גאָט איבערלאַסן...

אין שענק יעדן אײַנציקן אומזיסט אַלע „כהן־צדקס־שירים" (ווען זיי וועלן אַרויסגיין), ווער עס וועט טרעפן:

1) וויפיל דייטשע זעמל מען דאַרף אויפעסן, מען זאָל שרײַבן אַזאַ לשון, און ווי זויער זיי דאַרפן זיין.

2) וויפיל עס ווערט געצאָלט פאַר אַזוינע זאַכן, זיי זאָלן געדרוקט ווערן נישט פּראָסט צווישן די מודעות מיט אַן אײַנפאַך לשון: „רבותים, זוכט מיר אויס אַ כלה..." און —

3) וועלכע פֿאָר עס איז זיך ענלעכער: נעטע מיט זיין איבערזעצער, אָדער הימל צו ערד? איך גיב צייט: אַ יובל! וכל הקודם זכה!

דער רעדאַקטאָר אַליין רעדט שוין פֿאַר דאָס פּראָסטע יידיש, און זיין „ארץ־ישראל־ייד" איז נישט שלעכט. די מעשה דערפֿון איז אַ פּראָסטע —

„דער בלינדער ארץ־ישראל־ייד" הייסט אַזוי דעריבער, ווייל ער איז אויף דער עלטער בלינד געוואָרן! און האַלט שטאָל און אייזן פֿון ארץ־ישראל. די סצענע קומט־פֿאָר אויף אַ הויף אין א וואַרשעווער הויז, און זי קומט פֿאָר דעריבער אויפֿן הויף — ווייל עס איז שוין נאָכן אַכטן. ער האָט קיין דירה־געלט נישט באַצאָלט, האָט אים דער בעל־הבית אַרויסגעוואָרפֿן. איר וועט פֿרעגן: אַזוי געשווינד? וועל איך אייך ענטפֿערן פֿאַרן מחבר (אַן אַנדערס מאָל זאָל ער אַליין געדענקען), אַז דער ארץ־ישראל־ייד האָט שוין דאָס מעסער — אַ וויראָק — אויפֿן האַלז נאָך פֿון יענעם קוואַרטל. זיין ווייב מיטן אייניקל זענען געלאָפֿן אין הייזער אַריין „זוכן געלט". (מען ווייסט נישט אויף קלאָר, וואָס מען מיינט: אָפּנעמען, באָרגן, — בעטלען?), עס פֿאַלט צו די נאַכט און ער ליגט אויפֿן ברודיקן הויף צווישן בעטגעוואַנט און אָרעמע כלים, מאַנכער לאָקאַטאָר בעט אים אויף אַ ווײַלע אַריין צו זיך, נאָר ער וויל נישט, ער וועט וואַרטן אויף דער אַלטער, זי מוז דערווייל קומען!

אַ פּראָווינץ־ייד וועט אפשר פֿרעגן: און דער בעל־הבית? איז ער קיין מענטש נישט? ווי האָט מען קיין רחמנות נישט? עס פֿאַלט צו די נאַכט, עס ווערט פֿינסטער און פֿינסטערער, ווי לאָזט מען נישט אַן אַלטן בלינדן ייד צוריק אין דירה אַריין איבער־נעכטיקן? נאָר מיט פּראָווינץ־יידן לאָז איך מיך אין קיין שמועס נישט אַריין, עס איז דאָ אַ סך זאַכן, וואָס זיי פֿאַרשטייען נישט...

דערווייל נעמט זיך דער אלטער אָפּצוריכטן חצות... דער הויף איז שוין ליידיק, לאַנג געשלאָסן דער טויער, ביי יעדן קלינג, קלאַפּט אים דאָס האַרץ: די אַלטע, דאָס אייניקל גייט, נאָר עס נאַרט אים אָפּ... ער רוקט זיך אַרויס פֿון די איבער־

בעטן אויף דער בלויזער נאַסלעכער ערד, גראַבלט צוזאַמען אַביסל בלאָטע אויפן אָרט פון אַש, באַשיט דעם קאָפּ און ריכט אָפּ חצות...

„שלוחי מצוה אינן נזוקין", *) דאָך האָט זיך דער אַלטער איבערגעפירט און די אַלטע מיטן אייניקל האָבן אים געפונען אַ גוסס...

מיר ערלויבן זיך נאָך דעם הערן עפּעלבערג צו געבן צוויי עצות: 1) ערשטנס, זאָל ער נישט מיינען, אַז אַ פאַקט פון לעבן איז אַ לונג־און־לעבער, און מען דאַרף זי צעבלאָזן עד סוף כל הדורות. די גאַנצע געשיכטע, אַז דער בלינדער האָט אַמאָל געזען, און דער אָרעמאַן איז אַן עושר געווען, דער גאַנצער וכוח וועגן ארץ־ישראל וכדומה אַנדערע זאַכן, בפרט דער „סרח העודף", דער סוף פון דער מעשה, די טהרה, לויה און באַמערקונגען, מאַכן נאָר שוואַך די פּעולה, וואָס די נאָוועלע וואָלט געקאָנט מאַכן. און

2) אויב ער מוז שוין שרייבן, זאָל ער כאָטש שרייבן פּראָזע. וואָס דאַרף ער ריימען?

ער וואָלט גאַנץ שיין יוצא געווען מיט דער נאָוועלע און געמעגט נישט מזכּה זיין את הרבים מיט „דעם גוף און די נשמה", מיטן נאַריש־בטלנישן־אַלט־פילאָזאָפישן איבערזעצטן שיר „דער שרעקלעכער חלום" (בפרט מיט דער קלוגער הערה!), איך וואָלט אים אַפילו מוחל געווען די „טויבן מיט די האביכטן"; אַפילו זאָסניץ וועט נישט שרייבן:

נאָר ווי זאָל דעם האַביכט אָט דאָס נישט פאַרדריסן
ווי זאָל אים נישט ברענען זיין האַרץ פון קנאה
ער איז דאָך אַ מערדער (!!) און בלוט צו פאַרגיסן
דאָס איז דאָך זיין טבע און דאָס איז די שנאה!
און אָנגעזאָגט האָט זי (די טויב) יעדן (קינד) באַזונדער
זיי זאָלן נישט שטיפן (!) נישט פליען צו הויך

*) דאָ פּאַסט דער וויץ, אין דער נאָוועלע איז עס אַ סקריפּ פון אַ טיר.

זי — נאַרוגג — פֿליט זוכן (!!!) ברענגען די קינדער (!!!)
זיי זענען נאָך יונגע, זיי זענען אָן כּח.
און אַרויס זענען זיי, ווען זי איז נאָר וועק
און האָבן — אין שטיפֿן און קולות פֿאַרבראַכט (?)
און באַלד האָט אַ האביכט עורייכט דאָרט (!) זיין צוועק
און האָט אויף דער שטעלע (!) צורעכט זיי געמאַכט!

ווי נאַריש די דריי סטראָפֿן זענען אינם משל, זענען זיי נאָך נאַרישער אינם נמשל. די טויב איז (פֿאַרשטייט זיך!) די כּנסת ישראל, דער האביכט — שונאי ציון. עס גייט אין דעם, אַז די קינדער פֿרעגן די טויב פֿאַרוואָס דער האַביכט (דער יאַסטשאָנב) פֿרעסט זיי אויף? וואָלט ער כאָטש געגעסן אונזער פֿלייש! ניין ער צאַפּט נאָר אַרויס דאָס ביסל בלוט, און וואַרפֿט די נבלה אַוועק. די טויב ענטפֿערט — אַז די טויבן האָבן דריי מעלות; ערשטנס עסען זיי כּשר (!) צווייטנס, אַז ווען זיי האָבן נישט קיין אַרבעס, שלינגען זיי און זענען יוצא מיט שטיינדלעך (!) און דריטנס — אַ טייבל קוים קריכט עס אַרויס פֿון איי, פֿליט עס הויך — על כּן שטעקט די שנאה דערינען! און דער היוצא לנו מדברינו — איז אַ מוסר: נישט שטיפֿן, נישט פֿליען, נישט מאַכן קולות...

אַחוץ די צוויי עצות וואָלט אַ יושר געווען, אַז ה. עפּעל־בערג זאָל מגלה זיין דעם סוד, וואָס פֿאַר אַ רעכט ער האָט געהאַט איבערצודרוקן שטיקלעך פֿון אַלטע יידישע צייטונגען? צי האָט ער מודיע געווען זיינע קונים, אַז ער וועט עס טון? צי האָט ער עמיצן באַצאָלט דערפֿאַר? דאָס וואָלט שוין אַפֿילו די „קאַרגע דינהלע" אין דער נאָוועלע פֿון שלמה גראָסגליק נישט געטאָן! זי מאַכט נאָר פֿון „שניי גאָמולקעס", „קליידער בחצי חנם"; פֿאַר אַ ליאַדע פֿאָר הונדערט רובל האָט זי אַ קליידל אויף אַ חתונה צו גיין, און איר מאַן מרדכי (פֿאַרוואָס רבי?) אויב ער וועט נישט קלוגער ווערן, וועט ער אויפֿן יאָר אַפֿילו קיין וואַרשעווער קאַלענדאַר נישט בכח זיין צו קויפֿן... אָבער — אַלטע סחורה?

1891

# וועגן ישוב ארץ ישראל

ארויסגעגעבן פון בערטאַ פלעקסער אין ישראל גאַראָדנינסקי

עס איז לייכט צו פאַרשטיין דעם צוועק פון אַזאַ ווערק. עס דאַרף אויסווייזן:

1) אַז עס איז אונז שלעכט אין איירָאָפּע, און אַז אויף בעסער איז נישט צו האָפן;

2) אַז די איינציקע הילף איז עמיגראַציע, געשווינד, אויף אייביק אַוועק, און דער עיקר —

3) אַז די עמיגראַציע דאַרף זיין קיין ארץ-ישראל, נישט ערגעץ אַנדערש.

צי איז דער ציל דערגרייכט? דאָס ווילן מיר זען.

---

**1) צי איז יידן שלעכט אין איירָאָפּע?**

אויף דער פראַגע גיט ה. זאַמאָשטשין מיט זיין געדיכט „דער שטיין און די כוואַליעס" (פאַליעס) אַ תשובה, וועלכע פּאַסט גאָרנישט צו דער טענדענץ פונם „הייליקן לאַנד". אונטער אַ מאָטאָ: „למה רגשו גוים ולאומים יהגו ריק", בעט זיך זאַמאָשטשין:

„קוקט נאָר צו, אויב איר ווילט עפּעס זען (און אַז ניט?)
סאַמע (!)ביים ים, ווי אַ ריז אויפגעשטעלט (!)
פעסט (,) פון גראַניט שטייט דאָרט אַ שטיין (!)
ער איז שוין אַ זקן (!) גאַנץ לאַנג אויף דער וועלט...

עס איז לייכט צום פאַרשטיין, אַז דער „שטיין“ איז אַ פּעלזן, און — אַז דער פעלזן איז ישראליק.

„עס רוישן, עס קאָכן, עס לויפן, עס יאָגן
די כוואַליעס ביים ברעג אין כּעס סכּנות (!)
עס שפּריצט זיי (!) די פּינע (פּיענע), זיי קלאַפּן, זיי שלאָגן
דעם אַלטן שטורמאַק גאָר אָן רחמנות —

נאָר, וואָס פרעגט ער נאָך זיי? וואָס הערט ער זיי? ווי לאַנג איז דען גאָר, אַז גאָלדנפאַדן האָט אין „טריאַטער“ געזונגען „ישראליק שטעקט זיי פייגן אַרויס“, און — דוקא פון אוטאָדאַפע?!

„צום הימל דעם קאָפּ, שטום אָן אַ וואָרט
פאַרשפּריצט, פאַרנעצט די פיס און דאָס פּנים (!)
גיט זיך דער העלד קיין ריר פון זיין אָרט
מאכט חוזק און לאַכט פון די נאַראָנים (!)“

און פאַרוואָס זאָל ער נישט לאַכן? זאָלן זיי צולייגן די גאַל! עס איז אַ פאַרגעניגן צו זען, ווי: —

עס בראָט זיי, עס שטעכט זיי, די שונאים אין ים“
און די איינציקע סבה פון זייער שנאה איז:
„דאָס שטאָלץ פון דעם ריז, וואָס שטייט
אויסגעצויגן (!)“

און אפשר מיינט איר, ער שאַדט זיי עפּעס? זיי האָבן צום אויסגעצויגענעם ריז טאַקע נאָר אַ שנאת־חנם.
„ער מאַכט זיי ניט ענג, געבוג איז זיי גראָם —“
נאָר דער גרויסער אויסגעצויגענער ריז, די גרויסע סקאַלע, דער פעלזן, דער אומגעהייער —
„שטעכט ווי אַ דאָרן זיי אין די אויגן!“
נאַטירלעך ווערן די אויגן ביי די רוצחישע פּאַליעס נאָך מער רויט, זיי ווערן נאָך מער אין כּעס און —

„פיל מער שוין מיט כח, שוין מלא רציחה,
שמייסן די כוואַליעס, פּאַטשן דעם שטיין,
זיי נעצן אים אונטער דעם מקום מנוחה,
ווילן אויספירן, נאָר ער זאָל גיין!"

מן־הסתם פירן זיי אויס פונקט ווי דער כעלעמער משוגע־נער, וואָס פּאַטשט דעם ביהמ"ד־אויוון, ער זאָל פּאַר אים דרך־ארץ האָבן, און אָפּרוקן זיך פאַר אים! — „דער שטאָט־זייגער — זאָגט ער — איז העכער פאַר דיר און גייט, און דו, בולוואַן, („שטורמאַק" איז נאָך אין כעלעם נישט נהג) שטייסט אויף איין אָרט"; נאָר אים ווערט די האַנט געשוואָלן, און דער אויוון שטייט ווי ער איז געשטאַנען, אַזוי אויך שטייט אויף איין אָרט ישראליק (נע־ונד איז אַן אַנדערער, נישט ער) און די כוואַליעס —

אַ בלאָטיקע ליים, זייער שמוציק און מאוס,
אַ זאַמדל, אַ שטיינדל, וואָס ליגן ביים עק,
אַ ווילד (!) שטיקל גראָז, וואָס וואַקסט ביי די פיס —
דאָס שלעפּן די כוואַליעס מיט נצחון אַוועק!

רבונו של־עולם, און נאָך וואָס האָבן זיך בערטא פלעקסער און ישראל נאראָדניצקי מטריח געווען? מה רעש? וואַרט אַביסל! בפרט אַז —

„דער גבור, דער ריז מאַכט זיך גאָרניט דערפון,
ער נעמט אין זיך אַריין די נעץ און די קעלט
ער וואַרעמט זיך אויס באַלד קעגן דער זון.
שטייט ווייטער קאַלטבלוטיק. קוקט אויף דער וועלט!"

וואָס־זשע זענען מיר אַזוי אומגעדולדיק? נאָר אַפנים, אַז די רעדאַקטאָרן פסקענען: „מיטב השיר כזבו", און דאָס „בלאָזן" זיך איז נאָר פאַר שיינקייט וועגן: זיי אַפנים ווייסן, אַז דאָס גאַנצע זאַמד, וואָס איז צעשפּרייט און צעזייט אויף אונזער ערד, אויף וועלכער עס וואַקסן אַלערליי בלומען, תבואות, און וועלדער,

אַז דאָס גאַנצע געקרייזלטע זאַמד, מיט וועלכן עס זענען אויס־געבעט אַלע טייכן, אַלע וואַסערן, זענען נישט מער און נישט ווייניקער נאָר צעריבענע גלידער פון דעם ריז, פון דער גרויסער סקאַלע, פון וועלכער די פאַליעס רייסן פון אייביק אָן, אָן אַן אויפהערונג: נאָר אַ „משורר" זעט עס נישט: פרעגט איינעם, וואָס לעזט קליינע אותיות, וזעט ער אייך זאָגן...

און דעריבער, אויב מיר ווילן האָבן אַ תשובה אויף דער שאלה: צי איז יידן שלעכט, אָדער צו דערליידן אין אייראָפּע, מוזן מיר זיך אָפּווענדן פון פּאָעט, וואָס זעט אויגן ביי די פאַליעס, און זעט נישט די באָקעס, וואָס פאַלן אונטער־געוואַשן און ים אַריין, און ווערן אויף קאשע צעריבן, און בעטן דעם ה' ראוויניצקי, וועלכער זאָגט אונז צו אַ „רפואה שלמה־ער זאָל אונז פריער שטעלן אַ ריכטיקן דיאַגנאָז. —

געגן אַזוינע נחמות, וואָס ה' פלטיאל זאַמאָשטשין גיט אונז געגן דעם נחת, אַז „מיר לעבן פאָרט, שונאים אויף צעפּענקעניש און אַלע אנטיסעמיטישע שלאַנגען אויף צעזעצעניש" זאָגט ער אַז:

„אודאי איז עס נישט קיין קליינע טרייסט, אַז מען
דערמאָנט זיך וויפיל דער אומגליקלעכער ישראל האָט שוין
איבערגעטראָגן צרות אויף זיינע אויסגעמוטשעטע פּלייצעס;
אָבער... וואָס ווערט דערפון?

לעבן אַליין — זאָגט ער — איז ווייניק. עס זענען דאָ אַ סך מענטשן, וואָס לעבן און פאַרשעלטן זיך די יאָר; מיט אַ פאָלק קען אויך זיין דאָס אייגענע —

„פון דעם הוילן פאַקט, אַז ער לעבט, איז נאָך גאַנץ קאַרג צו רעכענען אים פאַר אַ גליקלעכן... אַז מען דאַרף אים שטאַרק מקנא זיין... נאָך דער גרויסער נחמה בלייבט די צרה פאָרט אַ גרויסע צרה און דאָס לעבן איז פאָרט פינסטער און ביטער".

„דאָס יידישע פאָלק האָט אַלץ איבערגעלעבט! אמת גאַנץ פיין... עס לעבט היינט אויך... נאָר מישטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ לעבן! עס לעבט, און האָט אין זיך נישט איין

גאַנצן, איין געזונטן אבר; עס לעבט און קריכט קוים אויף אַלע פיר, קוים וואָס מען הערט עס זיפּען; עס לעבט און מוטשעט זיך ערגער ווי אויפן טויט; באַטראַכט נאָר דעם זעלטענעם, היסטאָרישן גבור, דעם גרויסן ריז, ווי ער ליגט צונויפגעקייקלט אין צענען אויף ערד, באַדעקט מיט וואונדן און מכות, קליינע און גרויסע פון אויבן ביז אַראָפּ, פאַרזונקען אין בלאָטע און אַלערליי אומריינקייטן ביז איבערן קאָפּ! זעט נאָר, ווי די ליכטיקע אויגן זיינע זענען אויסגעלאָשן און שרעקלעך טיף אַריינגעזונקט אינם קאָפּ, דאָס פּנים אויסגעדאַרט, טויט ווי ביי אַ מת, און דער גאַנצער קערפּער איז הוילע הויט אוןביינער ווי אַ סקעלעט; קוקט אייך נאָר צו, ווי פאַרשמאַכט ער איז, ווי די כוחות לאָזן זיך אים אויס, און ער, אָך און וויי! נעמט צונויף דאָס לעצטע ביסל קרעפטן כּדי (זיך צו צעריטשען) און קושן און לעקן די פיס פון די מלאכי־חבלה, וואָס טאַנצן אויף אים דעם גיהנום־טאַנץ!"

אפילו א י י ב י ק ל ע ב ן, נאָר שטענדיק אַ ר י י נ צ י ע נ ד י ק אין זיך די נעץ און די קעלט, אייביק עקזיסטירן אויף להכעיס, אויף צעזעצעניש און צעפּענקעניש, אייביק שרייען: למה רגשו גוים, אייביק זינגען:

„וואָס רוישן די כוואַליעס, טאַנצן און יאָגן
זייער נצחון א נ א (!) לאָמיר אויך זען..."

געפעלט אויך נישט ראווניצקין, און געוויס קיין שום מענטש מיט געפיל. אַזאַ אייביק לעבן הייסט —

„לאַנג נאָך לאַנג אַ ז ו י מוטשען זיך, און ליידן לעבעדיקערהייט חבוט הקבר! וואָס פאַר אַ חמה איז דאָס, אַז דער „אייוויקער יודע" וועט אייביק גוססן, אָן אַ סוף און אָן אַן עק? — און די גסיסה איז נישט קיין אָנגעבלאָזענע פראַזע קיין פּוסטע אויסגעפּוצטע מליצה, נאָר דער טרוקענער ריינער ביטערער אמת..."

אַזאַ לעבן ווי מיר פירן איז —

„מער נישט ווי געגוסעט, געצאַנקט ווי אַ ליכט״;

ער הייסט אונז באַטראַכטן אונזער לעבן אין אייראָפּע: —

„אויף יעדן (פּרנסה) צווייגעלע, גרויס ווי אַ שפּילקע־קעפּל, הענגען טויזנטער יידישע נפשות, אזיף יעדער פּרי, וואָס האָט אַזוי פיל זאַפט אין זיך ווי אין גרוגרת דרבי צדוק, איז דאָ (הונדערטער) בעלנים — קאָנקורענטן, וואָס ווילן כאַפּן, בייסן, צופּן...״

עס קומט דערצו, אז איינער שלינגט איין דעם צווייטן. ער הייסט אונז זען פון —

„וואָס פּאַר אַ שמוציקע בלאָטיקע קוואַלן מיר מוזן שטילן אונזער דורשט... וואָס פּאַר אַ מאוסע מיטלען און שענדלעכע קונצן מיר מוזן באַנוצן צו פאַרשטופּן די מיילער פון אומשולדיקע הונגעריקע פּיצלעך קינדער... אַזוי ווערן אונזערע נשמות אַלעמאָל מער באַפלעקט, מאָראַליש פאַר־אָרבן, און דער צלם־אלהים — פאַרניכטעט.״

„און מיר ווערן מאָראַליש און פיזיש פאַרדאָרבן...״

וואו איר קוקט אייך אום זעט איר נאָר —

„פאַרגליווערטע שטיקער אייז אָן מענטשן־געפיל״.

נאָך אַ גליק, וואָס מיר פילן פיזיש אונזערע וואונדן; מאָראַליש פילן מיר שוין לאַנג נישט. די נשמה איז דאָך נישט אינגאַנצן אַוועק כל־זמן דער גוף פילט נאָך, אַז עס טוט וויי, נאָר —

„אונזערע בריידער אַרט נישט, וואָס דער סם־המות צע־גייט זיך אַלע מאָל מער אין בלוט, אין אלע רמ״ח אברים; זיי אַרט נישט, זיי פילן נישט דעם גייסטיקן שמערץ...״

---

טיפער אַביסל שטעקט די זאַנדע אין דער ראַנע אַריין ה' מאיר דיזענהאָף (יידישע בריוו). ער באַמערקט גאַנץ ריכטיק דעם דואַליזם (דאָס טאָפּלקייט) אינם יידישן לעבן.

מיר זענען געוויינט צו זאָגן „ישראל ואוריתא חד” (יידן און די תורה איז איינס); ליידער איז נישט אַזוי, דאָס לעבן שטענדיק אין דער פרעמד, דאָס קיינמאָל קיין דעה נישט האָבן אינם לעבן, דאָס אויפקלויבן נאָר די פוילע פּירות, וואָס פאַלן שוין אַראָפּ פונם בוים, האָט שטאַרק פאַרענגדערט דעם ייד אין גאַס, בשעת, ווען אין ביהמ”ד איז ער נאָך גאָר אַן אַנדער מענטש. אַלס קינדער — שרייבט „בן־ציון” (אין דורך דיזענהאָפס אויפגעגעבענע בריוו) —

„האָבן מיר געלערנט (לשמה), נישט דאָקטוירים, נישט אַדוואָקאַטן, נישט רבנים צו ווערן, נישט מיט דער תורה געלט צו פאַרדינען”.

כל־זמן דאָס יינגל, אָדער דער יונגערמאַן זיצן אין בית־המדרש איז נאָך „געלט” קיין אָפּגאָט נישט, „פרנסה” נאָגט נישט ווי א וואָרעם! עס איז דאָ אַ בית־המדרש מיט ספרים, לערנען איז אַ פאַרגעניגן. שוין אַרויס פון חדר, אויס רבי, אויס קאַנטשיק, אַצינד לערנט זיך אַליין. די תורה קאָן מען נישט דערגרונטעווען, נאָר שווימען אין דעם ים איז דאָס גרעסטע, אפשר דאָס איינציקע נחת פאַר דער נשמה; קיינער שטעלט נישט קיין באַלן, קיינער קנייפּט נישט, קיינער זעצט נישט אין קאַרצער אַריין, קיינער זאָגט נישט צו קיין מתנות, נאָר דאָס האַרץ טרייבט צום וויסן, מען וויל דערגיין, מען פילט, אַז עס דאַרף ליכטיק זיין אין מוח; און — ווי שטאָלץ פילט מען זיך דאַמאָלט! דער „אמת” ווערט אַרויסגעשריגן און אַרויסגעזונגען צווישן פיר ווענט, אַלס פּראַווע פאַר אַלע בעסערע איידעלערע מענטשן, אַלס פּראַווע, וואָס סוף־כל־סוף וועט מוזן גובר זיין אַלע שקרים! פאַר דעם אמת איז מען גרייט אַוועק צוגעבן לעבן און געזונט, כאָטש שטעל שוין אויף איין אויטאָדאַפע! —

נאָר קוים גייט מען אַרויס אין גאַס אַריין — ווערט פון די גבורים קריכענדיקע ווערים; עס

„יאָווען זיך סוחרים, קרעמער, מעקלער, פּראָצענטניקעס
זיי זענען גאָר נישט ענלעך צו דעם, וואָס זיצט אין בהמ״ד
(אַנדערע מענטשן;) איינער דעם אַנדערן ראַבעוועט; דער
נאַרט, דער מסרט; דעמאָראַליזירטע (פֿאַרדאָרבענע) מענטשן;
אָן ערע, אָן שטאָלץ! ווי פּראָסט, ווי קליין די מענטשן
זענען!״

עס פרעגט זיך, צי זענען דאָס טאַקע די מאַקאַבעערס אייניקלעך! צי זענען זייערע עלטערן באמת פרייע מענטשן געווען?

„יעדער באַשטייט פון צוויי מענטשן: אַ האַלבער צו
גאָט, א האַלבער (איך מיין, מער ווי העלפט) צו געלט!״

איינער איז אַ שטאָלצער אַתּה בחרתנו, אַ פּראָדוקט פון אַ זעלטענער העלדנגעשיכטע, און: —

„דער אַנדערער איז געפאַלן, נידעריק, שוואַך, אָן ערע,
אָן ווירדיקייט...״

עס איז אפשר אַביסל איבערטריבן, און אפשר נישט? מיר יידן זענען אַנדערש אין יעדער גובערניע, אין יעדער שטאָט; אפשר איז דאָ נאָך ערגערס דאָרט, וואו עס איז נאָך ענגער. און אפשר שטעקט דערינען אַביסל פון דעם, וואָס דעם ציל איז: אַן אידעע צו באַווייזן! וואָרים די אַרטיקלען אין „היילקן לאַנד״ זענען נישט ווענן, אויף וועלכע מען קאָן בלאָנדזשען, נאָר איין וועג, וואָס מוז פירן צום — היילקן לאַנד.

און אויך, ווען מיר באַטראַכטן דאָס לעבן פון אַנדערע, פון שטאַרקערע פעלקער, און פאַרגלייכן זייער טאָן און האַנדלען מיט זייערע אידעאַלן, וואָלטן מיר געפונען נאָך אַ גרעסערן

תהום צווישן האַרץ און הענט, און אַ מדבר פון זאָגן ביז — טראָגן !...

און אפשר איז דאָס גאָר אַן אייביק לעבנס־געזעץ, אַז דער גייסט, דאָס געפיל און דער הונגער, אָדער: מוח, האַרץ און מאָגן, קענען קיינמאָל נישט שטיין אויף איין מדרגה? אפשר וואָלט גאָרנישט גוט געווען עס זאָל דער מענטש אייניק זיין מיט זיין לעבן, אַז דאָס לעבן זאָל אים אינגאַנצן צופרידן שטעלן; ווייל דעמאָלט וואָלט שוין אַלץ אויפגעהערט, מען וואָלט זיך שוין אַ שריט ווייטער נישט גערוקט... דער מוח גייט פאָר־ויס, דאָס האַרץ שלעפט זיך נאָך, עס פילט זיך נאָך לויטן נעכטיקן טאָג, דער מאָגן גייט נאָך גאָר פון הינטן, און אויס־גלייכן זיך וואָלט געהייסן: דער מוח זאָל בלייבן שטיין, און דאָס האַרץ זאָל מיט אים גלייך אָפּוואַרטן דעם מאָגן...

אַז די אידעאַלן פון מיטלאַלטער ווירקן היינט, און די היינטיקע אידעאַלן וועלן ווירקן ערשט אין הונדערטער יאָרן אַרום, איז טרויעריק, נאָר טרויעריקער וואָלט געווען, ווען די אי־דעאַלן זאָלן אויפהערן אינגאַנצן! די אידעאַלן הויבן זיך שטענ־דיק העכער איבערן לעבן, און ציען דאָס לעבן צו זיך! קוים דערגרייכט דאָס לעבן צו זייער מדרגה ווערן די אידעאַלן לעבנס־מנהגים, און אַנדערע, העכערע הויבן אָן גאָך העכער צו ציען! אַזוי וועט זיין, און אפשר דאַרף זיין — אייביק, און דע־ריבער וועלן טייל זאָגן, אַז „ישראל ואוריתא חד” איז אוממעג־לעך, אַז נאָר ווייניקע אין אַ דור זענען אינגאַנצן בבחינת מח און האַרץ, ווי אויך ווייניקע זענען בבחינת מאָגן אַליין. און דעריבער מוז פון פרנסה ביז תורה, פון לעבן ביז אידעאַלן זיין אַזוי ווייט, ווי פון הימל ביז צו דער ערד! נאָר — מיר מעגן דאָך מאַכן אַ שהחיינו איבער אונזער ליטעראַטור; זי האָט שוין געענדיקט דאָס פאַרן דאַוונען, שוין נאָך „קרבנות”, נאָך „קטרת”, שוין אָפּגעזאָגט אפילו „פסוקי דזמרא”. עס גייט שוין דאָס געדיכטע, מען הויבט אָן זען און זאָגן דעם אמת!

---

הכלל: עס איז אונז שלעכט, שלעכט דעם גוף, שלעכט דער נשמה... נאָר צי איז די מכּה אַן אייביקע? צי וועלן אייביק פאַרפינסטערן אונז די יאָרן דער „אונזער און פרעמד?"

— „אום גאָטעס ווילן — ענטפערט דערויף די רעדאַקציע פון „הייליקן לאַנד" — ביז ווי לאַנג נאָך וועלן אייך די אייראָפּעישע מאַניערן און צערעמאָניען פאַרבלענדן די אויגן? ביז ווי לאַנג וועט זיך אייך חלומען די פאַלשע חלומות פון בירגער־רעכט און... קאָסמאָפּאָליטיזם? דאַכט זיך אייראָפּע האָט אייך פיל גענוג געגעבן אָבצוהערן, ווי אַזוי זי רעכנט אייך פאַר בירגער, און ווי שטאַרק זי האַלט פון קאָסמאָפּאָליטיזם".

עס וועלן זיך אַפילו געוויס געפינען חולקים, און וועלן זאָגן, אַז אייראָפּע איז נישט אַזוי שלעכט ווי מען מיינט, אַז דער ריקצוג, וואָס די אַלטיטשקע מאַכט היינט, איז נישט אויף אייביק, אַז דעם פרומען קאָנסערוואַטיזמס נצחון וועט נישט לאַנג דויערן, אַז עס וועלן נאָך אַמאָל צוריק קומען די אַלטע טעג, מען וועט אין מענטשן ווידער שאַצן דעם מענטשן, און נישט פרעגן אויף זיין אמונה און זיין משפּחה — נאָר: ערשטנס ווער נויט אונז אַזוי לאַנג צו וואַרטן? און צווייטנס ווען אפילו מען זאָל אונז מאָרגן צוריק געבן אַלע פראַוועס, זענען מיר פאַרלוירן; אונזער עקאָנאָמישער שטאַנד איז געפערלעך, ראַווניצקי זאָגט —

„אַז מען באַטראַכט די יידישע לאַגע אַרום און אַרום מיט אָפענע אויגן, איז נישט שווער צו זען, אַז זי איז איבערהויבט פינסטער און ביטער דערפאַר, וואָס דאָס גאַנצע יידישע לעבן (אַלס פאָלק) איז נישט נאָרמאַל, שלא כדרך הטבע. אין דער גאַנצער נאַטור זעען מיר, אַז נאָר די פלאַנצן (דער צומח) קאָן האָבן אַ קיום, קאָן וואַקסן און בליען, וואָס איז איינגעוואָרצלט טיף אין דער ערד. האָט איר שוין באַגעגנט אין דער אמת, נישט אין חלום, אַ בוימל צי אַ בלום, וואָס

זאָל אַרומשוועבן אין דער לופט, אָדער אַזוי ליגן וואו אין ווינקעלע פאַרשטופּט אויף דער ערד, און דערביי נאָך אַ שיין פּנים האָבן און בליען? אַקעגן דער נאַטור איז נישטאָ קיין מיוחסים, קיין אויסנאַמען! און אונזער פאָלק (אויסער שלעפּער־ציגיינער) איז דאָך אַן אויסנאַם; עס הענגט אין דער לופט, עס בלאָנקעט זיך אַרום ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע; קוים וואָס עס בעט זיך איין ערגעץ דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן, נאָר איינוואָרצלען לאָזט מען עס בשום אופן אין דער פרעמד! אָט דאָס איז דער עיקר קוואַל פון אונזער אומגליק, פון דעם נעמען זיך אַלע צרות און שלעג, ווייל מיר שטייען שטענדיק ווי די מ׳ און ס׳ אין די לוחות, און די ערד שאָקלט זיך תמיד און עס רוקערן זיך וואָלקנס אונטער אונזערע פיס...״

דאָס אייגנטלעך איז נישט באַוויזן. עס האָט נאָך קיינער נישט ערנסט געקאָנט באַהויפּטן, אַז אויב אַ פאָלק איז אַן אָרגאַניזם, מוז עס דוקא זיין אַ געוויקס, נישט אַ בעל־חי; אויך זענען דאָ געוויקסן, וואָס וואַקסן נישט אַרויס פון דער ערד. נאָר פאַר דאָס באַמערקט ער ריכטיק, אַז אָן ערד, קענען מיר קיינמאָל נישט עקאָנאָמיש און מאָראַליש גוט שטיין, אויב נישט דאָס יידנטום, די פּרנסה דאַרף וואָרצלען אין דער ערד.

אויסער ערד־קויפן איז קיין אַנדער מיטל נישטאָ אונזער עקאָנאָמיש־מאָראַלישע לאַגע צו פאַרבעסערן; אַחוץ דעם, וואָס עס וועלן זיך שטענדיק געפונען אויף אונז מקטריגים, וועלן זיך אונזערע פּרנסות קיינמאָל נישט אויסרייניקן פון שענקערייַ, פּאַקטאָריי, ליכווע און אַנדערע גוטע זאַכן — כל זמן דער רוב עולם וועט לעבן פון לופט און ווינט. מען קאָן זיין גאַנץ מאָראַליש און דאָך נישט וועלן שטאַרבן מיט ווייב און קינדער פאַר הונגער! אויסצוהאַלטן אַזאַ נסיון דאַרף מען זיין מלאָכים, נישט געוויינלעכע מענטשן; אפשר האָבן מיר געהאַט אַזוינע און זיי זענען אויסגעשטאָרבן; אפשר האָבן מיר נאָך היינט אַזוינע און זיי שטאַרבן, בשעת ווען אונזער פעדער סקריפּעט אויפן פּאַפּיר...

און אַזוי ווי דער רוב פון אַ פאָלק איז קיין מלאָכים און ווילן דוקא עסן, מוזן מיר האָבן ערד, דאַרף מען מאַכן קאָלאָניעס; נאָר — וואו?

2) ישראל דוב ריזבערג פרעגט אַן עצה די שטערן, די לבנה שפּאַצירט אין הימל, אַרום איר מיליאָנען שטערן, דאַמאָלט בלאָזט אַ ווינטל אויף זיין לירע.

און די זיסע טענער אירע
קלאָגן יאָמערלעך און ווייט...

און זיי וועקן אויף געדאַנקען
אין מיין האַרץ גאָר אָן אַ צאָל;
נייע ווינטן, ליידן, שמערצן,
צרות אַלטע... פון אַמאָל!

און ער בעט זיך:

שטערן גרויסע! וועלטן שיינע!
ענטפערט ווער פון אייך אַ וואָרט?
פאַר אַן ערלעך פאָלק אַ קליינע
האָט איר נישט פיללייכט אַן אָרט?

אָרט פאר זיינע קראַנקע ביינער
(אַך, ער וואַנדערט נעכט און טעג!)

נאָר אומעטום יאָגט מען אים מיט פאַרשידענע טענות

גיי שוין גיי, דו ביזט פאַרווילדעט!
גיי — ביזט אָרעם! גיי — ביזט רייך!
גיי — דו ביזט צו שטאַרק געבילדעט!
גיי — דו ווילסט מיט אונז זיין גלייך?!

— — — — — — — — — — — —

שטערן גרויסע, וועלטן שיינע,
ענטפערט ווער פון אייך אַ וואָרט?

פאַר אַן ערלעך פאָלק אַ קליינע
האָט איר ניט פילייכט קיין אָרט?

נאָר די שטערן ווילן נישט ענטפערן! כאָטש זיי זענען אַוודאי גלייך מיט מיר מוחל ריזבערגן די „קליינע פאָלק", ווייל אַזוינע גרייזן זענען לייכט צו פאַרריכטן און אַזאַ לירזיק איז שווער (על כל פנים ביי אונז נאָך) צו געפינען: זיי ענטפערן נישט, ווייל פון אייביק אויף איז ביי זיי דער מנהג אַזוי...

פרוג זינגט:

ווי וואָלקן אין שטורעמווינט, לויפן און פליען
אָן אָנפאַנג אָן אויפהער די שטונדן און טעג;
די אַלטע אַלמנה, די טאָכטער פון ציון,
זיצט טרויעריק איינזאַם ביים וועג...

פיל רייזנדער פאָרן פאַרביי איר און גייען,
זי ווענדט זיך צו זי מיט אַ ביטער געוויין:
— אַ, זאָגט מיר, צי האָט איר מיין קינד נישט געזען,
מיין עלענדן יתום? „ניין, אַלטיטשקע, ניין!"

זיי גייען און רייטן
פון אַלע זייטן
צום אַלטן מזבח אין הייליקן לאַנד...
די טאָכטער פון ציון
טוט וויינען און קניען
אין שטויב צו פאַרבאָרגן איר וויטאָג, איר שאַנד...

עס גייען און גייען אַ טאָג נאָך אַ טאָג;
עס פליען די וואָלקן, עס יאָמערט דער ווינט;
און טרויעריק גיסט זיך אַ ביטערע קלאָג:
וואו ביזטו, וואו ביזטו מיין קינד?!...

נאָר אויב פרוג שטייט פון איין זייט האָבן מיר פון צווייטן צד — אליקום צונזער! ער זיצט אויך — אין אַמעריקע און שלעפט צו זיך — קיין ארץ ישראל מיט ווערטלעך, וועלכע

ווירקן אויף די שמעקעדיקע בלומען, וואָס פרוגס טוי־טרערן ווערן אויף אין אונזער האַרץ, ווי — די פעסט. צונזערן פּאַסט נישט אַנדערש נאָר אַ ציאנאדע (אַפילו נישט ציונאַדע).

שטיי אויף פון שלאָף,
פון צרות אַ סוף,
נעם דיין פעקל אין האַנט!

אַהער צו מיר!
אויף מ י י ן קוואַרטיר!
אויף ד י י ן פאָטערלאַנד!

די ערד פון ארץ ישראל
איז נישט ערגער ווי אַמאָל;
גוטע הענט און פלייסיק טון
ווערט אייביק זיין אַ זול!

זעקס הונדערט קוואַדראַטנע מיילן
האָט זי ליידיק פלאַץ;
אספאלט, זאַלץ, מאַגנעזע, אייזן,
מינעראַלן אָן אַ שאַץ.

אויף קאָמערציע איז דאָרט אַ פּאָרט,
דער בעסטער האַנדלס־אָרט,
איר געפינט גאָרנישט איר גלייכן אין דער וועלט
דער מיטלמער איז פריי,
דער זועץ איז דערביי,
איר קאָנט דאָרטן פאַרדינען אוצרות געלט!

פערסיען, סיריען האָט איר ביים האַנט,
ע.יפטן, אינדיע, גריכנלאַנד
ירדן און פרת אַרום דיר פליסט...
און דו ביזט אַנטוויקלט, אַ וועלט־קאָמערציסט?...

מאַדמאַזעל פלעקסער! הער נאַראָדניצקי! אַז דער טאַטע

ווײל צוריק די מאַמע, דאַרף מען קײן קלעזמער און קײן בדחנים נישט!...

מיט אַזױנע רײמען איז מען משמח חתן כּלה אויף ברו־דיקע חתונות, מיט אַזױנע רײמען לויבט מען סחורות אין גאַס, גאָרקיכן אין די „לײכטע בלעטער", אַ הויך פון אַזאַ פּאָעזיע מאַכט ברודיק דעם פײנסטן שפּיגל, שמוציק די רײנסטע אידעע!

אויב צווישן פּרוג און — — — אליקום בדחן רינט אַ סמבטיון, ליגט אַ תהום, אַ מדבר, איז אונזער „װעלטבאַרימטער" גאָלדנפאַדן אַזאַ מין קונצנמאַכער, װאָס שטײט מיט אײן פוס אויף דער זײט און מיטן אַנדערן אויף דער צװײטער זײט, און כאָטש דער „שװער פּונקט" פאַלט מער צו אליקומען, האָט ער דאָך צװישן פּופּצן סטראָפן פון „אוי בענק איך אַהײם" אַזױנע אויך:

איך װאָלט געװאָלט זען װי פאַרטשאַדעט פון רויך,
פאַרטאָג, װען דער נעבל איז נאָך בלאָװ (בלוי)
הרימלט דער אַלטער לבנון אין דער הויך,
און רעדט עפּעס צו זיך פון שלאָף!

װאָס חלומט דעם זײדן, װאָס טראַכט ער און קלערט?
צי דאַװנט ער דענסמאָל, צי נײן?
צי װידערהאָלט ער דעם תהלים, װאָס ער האָט געהערט?
פון דודן זינגען אַלײן?

צי קלאָגט ער, װאָס זײנע נעסטן זענען לער.
און די פײגעלעך זענען פאַרטריבן,
דערפאַר קרעכצט ער פון שלאָף אַזױ שװער,
װאָס ער איז אַזױ עלנט געבליבן?

— — — — — — — — — — — — —

נאָר דאָס איז פּאָעזיע... און מכּח פּראַקסע?

צי האָבן מיר כּח צו קאָלאָניזירן אַ לאַנד? צי איז ארץ־ישׂראל פעיק קאָלאָניזירט צו װערן? און — װאָס װעט זאָגן דער טערק?

די רעדאַקציע פירט באַלד פון אָנהויב אַ ויכּוח מיט „שונאי

ציון". „ברידער, זאָגט זי, קול המון כקול שדי, אַ שטימע פון אַ פאָלק איז גאָטס שטימע! אַ אידעע, וואָס אַ גאַנץ פאָלק כאַפּט זיך אין איר אָן, איז הייליק, געטלעך. אצבע אלהים הוא, דאָס איז אַ וואונק פון גאָט!"

נאָר דאָס איז פובליציסטיק, און דאָ, וואו עס גייט וועגן לעבנס־פראַגן פון אַ גאַנצער אומה, מיז מען ברענגען מערער און בעסערע ראיות... וויפיל פעלקער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן פאַלשע אידעען, און האָבן זיי אַזויערנאָך באַוויזן! קאַניבאַליזם (מענטשן־פלייש־פרעסן) איז אויך אַ געוויסע צייט אויף דעם אייגענעם אופן הייליק געוואָרן, „וויצלי־פוצלי" איז אויף דער זאַסאַדע אין אַמעריקע (איידער עס איז געפונען געוואָרן) הונדערטער יאָרן גאָט געוועזן, און דער אַנטיסעמיטיזם קען אַזויערנאָך אויך הייליק ווערן, אויך זיין אַ וואונק פון דער השגחה פרטית. נאָר די רעדאַקציע גיט דאָס נאָר אַלס „פאַר־שמאַק". דאָס געדיכטע גייט שפּעטער: די רעדאַקציע לאָזט זיך אַריין אין ויכוח מיט אַלע, וואָס האָבן עפּעס דאַקעגן.

זי וויל אויסווייזן די פרומע, אַז קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע הייסט נישט „דוחק זיין את הקץ", אַז מען מיינט נאָרנישט דערמיט מיט געוואַלט אַראָפּצוברענגען משיחן... עס איז אָבער אַן עבירה די רייד. אונזערע פרומע ווילן נישט די קאָלאָניזאַציע, ווייל — זי דאַרף „קאָסטן", אונזערע פרומע זענען שטענדיק יוצא מיט פרומקייט. מעג עס זיך האַנדלען וועגן ארץ־ישראל, אָדער וועגן קלענערע צדקות, ווי אַ שפּיטאָל, אַ גמילות־חסדים־קאַסע, אַפילו וועגן חדרים... „רחמנה לבא בעי", זאָגט ער. פון גאָטס וועגן האָט ער נאָר אַ ב ר י י ט האַרץ, טרערן אין די אויגן, באַדאַקיס תשעה־באב, קרויט מיט ראָזשינקעס שמחת־תורה. יין־קדוש־והבדלה שבת און שבת צו־נאַכטס; אַ סוכה, אַן אתרוג, אַ לולב — קליינע הוצאות — מהיכי־תיתי... אָבער די אמתע קעשענע — לאו! גאָט זאָל וועלן, קאָן ער זיך אַליין אויפבויען ציון, און דווקא מיט אַ פייעריקער מויער!

די אריסטאָקראַטן (!) הערן אויך אַביסל מוסר, מיט די אַסימילאַטאָרן(!) וויל מען שוין אַפילו נישט רעדן — נאָר

„יעצט קומט אַהער אַלע געגנער פון ארץ־ישראל... ערבאַרמט
אייך אויף אייער גלויבן, אַז איר ווילט, ער זאָל נישט אונ־
טערגיין" —

נאָר נישט דאָס האָבן מיר געמיינט... מיר האָבן פאַרן אַלטן גלויבן גאָר קיין מורא נישט. מיר ווייסן גאַנץ באַשטימט, אַז אין אַ געוויסער הינזיכט ווערן אונזערע לייט אַלע מאָל פרו־מער, וואָס מער שפלות, וואָס מער צרות, — גרעסער ווערט און הייליקער אַלץ, נישט נאָר וואָס גאָט האָט אַליין געבאָטן אָדער דורך משהן געזאָגט, נאָר אַפילו כל מה שעתיד תלמיד ותיק לחדש. דער רמ"א איז שוין אַ קדמון געוואָרן, איר האָט קיין איינציקן רב אָדער שוחט, וואָס האָט נישט עפּעס אַ חומרהלע אויף זיין געוויסן. אַפילו דער קרן פון יידנטום, די איינהייט גאָטס (אחדות־הבורא) איז אויך פאַרפעסטיקט און געשטאַרקט געוואָרן אין גלות —

„פרום איז דאָס שפּעלע, עס לויבט דיין נאָמען
שטענדיק, סיי ווינטער, סיי זומער;
וואָס מער מען ציפּט עס, וואָס מער מען רייסט עס,
ווערט עס אַלץ הייליקער, פרומער —

און העכער דערהויבט זיך איר הייליקער „מע!"
וואָס טיפער און לענגער די נויט;
רבונו של עולם — מע! מע! מע!
נאָך נישט דערקוילעט אויף טויט!" —

און בכלל איז אַ יושר, אַז שטיוול זאָלן מאַכן שוסטער און ברויט זאָלן בעקער באַקן. לאָזט איבער פרומקייט און אמונה־זאַכן די רבנים, אָן „פּראַוועס" וועלן זיי זיך אויף זייער שטעטל באַשטיין; איר שריפטשטעלער פאַרזאָרגט אייערס, גיט אַהער עצות, ווייזט דעם רעכטן וועג אויף ד ע ר וועלט, נישט אויף יענער, פאַרזאָרגט אונז דאָ — האַלט מען פון ארץ־ישראל, רעדט צו דער זאַך!

וועגן אונזערע כוחות צו קאָלאָניזירן ארץ־ישראל רעדט קישיניעווסקי אין זיין אַרטיקל „אונזער קראַפט", ער זאָגט, אַז —

„דער ביטערער גלות האָט אונז ניט אַזויפיל געשאַדט בגשמיות, ווי ער האָט אונז ברוחניות אַראָפּגעוואָרפן אין אונזערע אייגענע אויגן, „וואָס איז ווערט אַ ייד? — זאָגן געוויינלעך אונזערע ברידער, גאָר־ נישט, אַ שטרויי! „דאָס יידל איז נעבעך קליין און שוואַך".

**ער קאָן נאָר מלחמה האַלטן מיטן מויל, שרייען, וויינען און בעטן זיך. אַז עס קומט אויף אונז אַ צרה שלא תבוא — איז דאָס ערשטע און לעצטע: תהלים זאָגן, פאַסטן... און די איינציקע האָפנונג, אַז גאָט ב"ה זאָל שיקן זיינע שלוחים —**

„א פּאָר גבירים, וואָס וועלן געבן געלט"...

„קיין פאַרזיכערונג אויף א י י ג ע נ ע ר  ק ר א פ ט, קיין האָפ־ נונג אויף זיך אַליין."

נאָר צי איז דאָס אמת?

„לאָמיר זען, צי זענען מיר טאקע אַזוי שוואַך און אַזוי דע־ מאָראַליזירט, אַז מיר אליין קאָנען גאָר מאַר זיך נישט טאָן, און נאָר גבירים קאָנען אונז רעטן? עס זענען דאָ קלענערע פעלקער, וועלכע האָבן נישט די העלפט (מענטשן) פון אונז און שפּילן דאָך אַ ראָלע אויף דער וועלט און זיי האָבן זייער פאָטערלאַנד..."

„נאָך פון „האָבן" ביז „קריגן", קלערט איר איז ווייט? מיר זענען דאָך צוועלף (?) מיליאָן מענטשן... מיר זענען קיין נערנים (!!!) עס האָט קיין שונא ישראל נישט די העזה געהאַט צו זאָגן, אַז יידן זענען נערנים; מען באשולדיקט נאָר אונז, אַז מיר זע־ען צו קלוג, און מיר זענען טאַקע אַן עם חכם ונבון..."

„מיר זענען נישט פויל, מיר זענען פול מיט ענערגיע, טעטי־ קייט און קראפט, מיר זענען פּראַקטיש און אין דער זעלבער צייט (!) אידעאַליש. מיר קאָנען האָפן, ליידן און אַרבעטן, מיר זענען עלטער פאַר דער גאנצער וועלט און פול מיט יוגנט...

„מיר זענען קיין שכורים, קיין רוצחים וכו'.

„מען האָט אַפילו נישט לאַנג געשריבן אין אַ פראַנצויזישע צייט־ טונג" —

נאָר גענוג! נישט דאָס דאַרפן מיר! נישט קיין עדות פון פראַנצויזישע צייטונגען, נישט די הודאה פון שונאי ציון, און נישט אונזער אייגענער אַטעסטאַט אַ־לאַ־קישינעוו האָבן דאָ עפּעס אַ ווערט. אַ חשבון דאַרף מען, אַ חשבון! מען דאַרף צייט, געלט און אַרבעט, און פון דער אַנדערער זייט — צי האָבן מיר דאָס אַלץ אין דער מאָס, ווי מען דאַרף. —

אפשר וועלן זיך טרעפן טייל, וואָס וועלן יוצא זיין מיטן אַרטיקל „דער מסחר, דער אַקערבוי, די אינדוסטריע פאַלעסטינעס" פון י. בוכבינדער? איך האָב עס נישט געלעזן... בוכבינדער וואוינט אין אַדעס, שרייבט איבער פאַלעסטינע און ווייזט נישט אויף די קוועלן, פון וואַנען ער האָט זיינע ידיעות געשעפּט... עס קאָן זיין נאָך בעסער געשריבן, ווי צונזערס ציאָנאַדע, נאָר אויף דער וואָגשאָל וועלן זיי וועגן גלייך.

עס בלייבט אונז נאָר צו ווינטשן אונזערע חובבי ציון זיי זאָלן ערנסטער באַטראַכטן זייער פליכט, מעג זיין אַביסל ווייניקער פייער נאָר מער חשבון.

נאָר אויב די פובליציסטיק פון דעם „הייליקן לאַנד" שטעלט זיך דאָך גאַנץ ערנסט פאָר, שטייט פאַר דאָס די בעלעטריסטיק גאָר אויף אַ נידעריקע מדרגה. די בעלעטריסטיק באַשטייט פון צוויי קורצע נאָוועלן: „דער פרומער קאָלאָניסט" און „ישראליק דער פראָצענטניק, אָדער יענקעניו". דער פרומער קאָלאָניסט וואָלט געמעגט זיין אַביסל בעסער דערציילט און די כלה האָט נישט געדאַרפט, מיר נישט דיר נישט, חלשן אין וואַלד, בשעת ווען זי האָט דערזען דעם חתן. נאָר די צווייטע נאָוועלע איז נישט צו ראַטעווען. די שרייבערן האָט זיך נישט געקאָנט „די דעה געניגן", עס האָט זי גערירט געוויס אַ פאַקט פון לעבן, אַז „אַן אָרנטלעך שטיל קינד, וואָס האָט געלערנט זיך גוט, ליב געהאַט די עלטערן און דערנאָך ערשט די ביכער, מער ווי די גאַנצע וועלט", און געענדיקט דאָס גימנאַזיום גוט, איז נישט אָנגענומען געוואָרן אין אוניווערזיטעט אַריין; איז איר איינגעפאַלן, אַז אַזאַ יונגערמאַן, ווען ער שיסט זיך, אָדער ווערט משוגע, וואָלט ער געקאָנט זיין אַ העלד אין אַ נאָוועלע,

נאָר וואָס קלייבט מען אויס: משוגע ווערן אָדער שיסן? ביידע זענען גוט, ביידע שטאַרק! האָט זי געהאַט אַ גליקלעכן ישוב און יוצא געווען לכל הדעות, דעם סטודענט הייסט זי זיך שיסן, און דעם פאָטער — משוגע ווערן! און האָט עס אַזוי גליקלעך פארטיילט, אַז די נאָוועלע הויבט זיך אָן מיטן שגעון, דערנאָך קריכט מען צוריק און מען שלעפט זיך ביז צום שיסן און מען קריכט באמת און מען שלעפט זיך, ווי אין אַ זאמד; קיין וואָרט כאַראַקטעריסטיק, קיין איינציק וואָרט, וואָס זאָל קאָנען אַן איינדרוק מאַכן; עס דאַכט זיך, עס זיצט פאַר אונז אַן אַלטע יידענע, קראַצט זיך מיטן שפּיזל הינטערן אויער און דערציילט אַ מעשה, אָן לעבן, אָן לשון, און משׂשת ימי בראשית; עס הויבט זיך אָן פון יענקעלעס זיידע. ביי דער גאַנצער צייט טריקנט איר נישט אויס די טרער פון אויג, און דער רבונו של עולם גייט איר נישט אַראָפּ פון דער צונג. די איינציקע מאָס איז: „ווייט" אָדער „ווייט—ווייט", דאָס איינציקע וואָרט צום שילדערן איז „שיין", אַלץ איז צאַצאַ: אַ שיינער ברית, אַ שיינע חתונה, שיין דרשה־געשאַנק, שיין לערנען און אַזוי ווייטער; קיין זכר פון פּסיכאָלאָגיע, קיין ריח פון באַמערקן. דער גאַנצער ישׂראל, וואָס דאַרף אונז נעמען, איז אַ גאָרנישט, זיין אידעאַל איז צו זיין גרויס. נאָך אין חדר האָט ער געוואוּסט נאָר מיט יענעם צו שאַפן, נאָר יענעם, ביים שפּילן אין פערדלעך, איינצושפּאַנען. נישט אומזיסט האָט אים דער שניידער, דער פאָטער זיינער, „געזען (צו פינף יאָר) פליען אין אַן עקיפּאַזש צווישן וואָלקן מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד"...

און אַז די נאָוועלע איז שוין געענדיקט, הויבט זיך ערשט אָן אַ פראַגע, וואָס פאַר אַ נאָמען גיט מען איר? מילא „יענקעני" האָט זי אַ נאָמען געגעבן נישט נאָכן זיידן, נאָר גלייך ער וואָלט אַ גר געווען, נאָך יעקב אבינו, אבי נאָך איינעם פון די אבות. נאָר די נאָוועלע נאָך ווער זאָל הייסן? איז טאַקע געבליבן ביידע נעמען, אי „ישׂראליק דער פּראָצענטניק", אי „יענקעני". נאָר וואָס טוט מען: אונטערשרייבן אָדער ניין? אויף דעם איז אויך דאָ אַן עצה, מען שרייבט אונטער „בת

מלכה", נאָר מען לייגט דעם ספור אַלס „אַ קליין קרענצל אויפן טייערן קבר פון איר געליבטער מוטער מלכה זלאַטע קאָטעק", און אַזויערנאָך אי אַ מאַסקע, אי לייכט צו דערגיין... ער דערמאָנט אינם אַפירשמייכלען פון אונטער ברעמען אָדער אַ פּעכער און דערגלייכן ווייבערישע סודות! נאָר פאַרוואָס קומט מלכה זלאַטע קאָטעק אַן אויפשריפט נישט אויף פּראָסט יידיש? — אויף דער שאלה קאָן איך נאָך ענטפערן די אייגענע תשובה, ווי אויף אַן אַנדער שאלה: נאָך וואָס האָט מען דאָס געדרוקט?

— איך ווייס נישט. —

1891

# עריִנערונגעז אויס מײַנער יוגענד

## פון א. פ. ראַדין

ווען איך עפן אויף דאָס ספר גראָד אויפֿן פינפטן זייטל און לעז:

> עס איז צוואַר שווער די עריִנערונגען ד ע ס י ו ג ע נ ד ס טריִיאָ
> אָנצוגעבען און צוואַר אויס דיזע גרינדע מאַן פערגעססע אים לויפע
> דער צייט... איבערהויפט אָבער פערגלייך דער יעצט־צייט, יעצט נאַ־
> טירליך וואָלטע איינער זיינע ביאָגראַפיה אויפנאָטירען, קאַנטע עס זאָ
> שווער ניכט פאַללען אים פערגלייך דער פערגאַנגענע דרייסיג יאַהרען
> צוריק, דאַמאָלס וואַר קוים איינער אונטער הונדערט אים שרייבע־
> קונסט אייגעאיבט, אונ מוסטע איינער... זיינע גאַנצע עריִנערונגס־
> קראַפט צ ו ז אַ מ מ ע נ נ ע מ ע ן...

אָדער אויפֿן זיבעטן, וואו די אויטאָביאָגראַפיע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

> איך בין געבאָרן אַם טאַגע דעס א י ד י ש ע ן פאַסטאַגס אָב
> דער גאַנצליכע שטורץ דער ד אַ ו י ד י ש ע דינאַסטיע ביים צערשטע־
> רונג דעס ערשטען טעמפעלס...

אָדער אויף וועלכן איר ווילט פון די הונדערט און פערציק זייטן פון ראַדינס עריִנערונגען, וואָלט עס מיך באַלד נאָר דער־מאָנט אין כהן־צדקס דייטשע זעמל, מר חיים שלום סליוקינס

לאָגיק און — דאָס ווערק וואָלט תּוך כּדי דבור זיין אָרט געפונען בײַ דער דינסט אין פלייש־קויבער; צום אומגליק אָבער איז צום ערשטן געפאַלן מיר אין די אויגן אַריין די הסכּמה וואָס אַ יידישער מחבר האָט א. פ. ראַדינען געגעבען: „מיט פער־גניגען — שרייבט ער נאָך ראַדינס דייטש—:

מיט פערגניגען האבע איך איהרע ערינערונגען געלעזען, דאָס (!) איזט איין גוטער (!) שפיגעל צו זעהען ווי אונזערע ברידער האָבען אַמאָל געלעבט.

אויף איהרער פראגע: אויב איהר זאָלט עס דרוקען לאַססען, מוס (!) איך אייך, נאָך מיינער מיינונג זאַגען: דאָס איהר ווערק קען נוצען ברענגען ניכט וועניגער, ווי די היינטיגע אַלע זארגאַנישע ביכער, דאָס הויפט (!) איהר דרוקט עס דאַנקען גאָטט מטוב לב, איז דאָס (?) געוויס זעהר שען, מי יתן, ווער וואָלט געגעבען, דאָס אַללע יידען זאָללען שרייבען, דרוקקען, און נישט ברויכען דערפון צו לעבען.

איך ווינש אייך גליק אין אייער אונטער נעהמען, איהר זאָלט פיעל נוצען ברינגען מיט אייער שרייבען, און פיעלע לעזער זאָללען דערפון הנאה האָבען, אייערע ספרים זאָללען חן געפונגען אינ אַלעמעס אויגען און די לעזער זאָללען אייך ווינשען אַללע גוטעס...

ווי שרעקלעך קלינגט די געוויס קאָסטבאַרע הסכּמה! ווי ווערמיק — די פשרה צווישן לעצטן ביסל ערלעכ־קייט פון איין צד און — לכל הפּחות דער תּאווה צו זיין בבחינת „היה רוכב על גבי...” מחבר, יענעם אַן הסכּמה צו געבן — פון צווייטן צד, נישט האָבן קיין יעדות ראַדינס ווערק צו גלויבן, נאָר געװוג געוויסן די גאַנצע פאָלקס־ליטעראַטור אין מיסט־קאַסטן צו וואַרפן, אַבי ראַדין מיט זיין „ספר” זאָל בלייבן אין דער חברה! ווי עקלהאַפט איז די ברכה, אַז אַ ספר זאָל ברענגען נוצן און פאַרגעניגן, גלייך איין און דאָס זעלבע ספר קאָן ברענגען נוצן און שעדלעך זיין; פאַרגעניגן שאַפן און ווירקן אַלס ברעך־מיטל, ווי די הסכּמה אַליין! און עס ווענדט זיך נאָר אין מזל,

אויף וועלכן אַ ברכה פֿון אַ יידישן מחבר קאָן האָבן אַ פּעולה!—
נאָר אויב דעם, וואָס גיט א הסכמה, מוז עפּעס פעלן אין דער געגנט פון ערלעכקייט, מוז דער, וואָס נעמט און דרוקט אַזאַ הסכמה, אַ דעפעקט האָבן אין מוח, אַ שטאַרקן ריץ אין די געהירן. דער פסיכיאַטרישער קעגנשטאַנד אינטערעסירט מיך. און כדי אָפּצוזוכן דעם ריץ, דעם דעפעקט האָב איך שוין דורכגעלעזן דאָס גאַנצע ווערקל, (און גלויבט מיר, אַז איך האָב שטאַרק געליטן דערביי), נאָר ליידער האָב איך די קרענק נאָך נישט דערטאַפּט; ווייל — כאָטש אויפן שער ווערט זי פאַרשוויגן — איז דאָך דאָס ספר נישט געענדיקט, דער סוף וועט זיין שפּעטער, און איך מוז מיט מיין דיאַגנאָז וואַרטן.
דערווייל טייל איך מיך מיט אייך מיט דעם, וואָס איך בין געוואָר געוואָרן: ראַדין איז געבוירן תשעה־באב; ער איז זייער שטאָלץ דערויף, וואָס זיין פאָטער, אַ סוחר, האָט נישט געמאַכט קיין פאַלשע חשבונות; צו פינף יאָר האָט עד אָנגעהויבן א״ב; זיין מלמד האָט געהאַט אַ הייזעריקע בערנשטימע און אַ בעלפער; איבערן זומער האָט ער זיך אויסגעלערנט אלף־בית; אָנגעהויבן טראַף אזן דערנאָך — חומש, און דאַמאָלט (זאָגט ער) האָט ער געהאַט אַ שטאַרקע תפיסה און אַ גוטן זכרון; צו אַכט יאָר האָט ער געקענט דקדוק, צום צענטן — אָנגעהויבן גמרא און געלערנט מסכת ביצה, וועלכע האַנדלט נאָר וועגן אַ „מיסגעבורט", אַן איי, וואָס איז געבוירן אום יום־טוב! ערב פסח האָט מען אים אַמאָל געשיקט צום רב פאַרקויפן דאָס חמץ; נאָך פסח איז דאַמאָלט אויך פונקט, ווי היינט, געגאַנגען שבועות, סוכות, עשרת ימי תשובה, כפרה־שלאָגן, יום־כפור, שמחת־תורה... חנוכה האָט ער נאָך ביינאַכט געשפּילט אין קוויטלעך: בייטאָג האָט ער „ליידער" געמוזט לערנען; צו בר־מצוה האָט ער אַן „אויסגעשטאָפּטע" דרשה געזאָגט. חשק געקריגן צו „השכלה" און אָנגעהויבן זיך צו לערנען שרייבן דייטשע סוחרישע בריוו! צו אַכצן יאָר האָט ער חתונה געהאַט קיין מאַזורן; נאָך דער חתונה האָט ער גאַנצע טעג געשפּילט אין דערדע מיט אַלע משכילים פון שטעטל: נאָכן אוקאַז האָט ער זיך אָנגעטון

רייטש; דערנאָך האָט ער זיין פאַרמעגן פאַרלוירן און אַרויסגעגעבן זיין קליינע געאָגראַפיע (?); ער האָט נאָך געוואָלט אַרויסגעבן אַ מין קונקאָרדאַנציע מיט אַ פירוש אויף דייטש און לשון קודש, און אַפילו שוין אַנאָנסן געמאַכט, נאָר אַ געטויפטער ייד האָט ביי אים אויסגעכאַפט דעם מסחר, און אַזויערנאָך איז ער, ראַדין, אומגעלעזי ראַרווין, געוואָר געוואָרן, אַז מענטשן קומען באמת אַרויס פון חיות, דערנאָך האָט ער מיט אַ גוטן שותף אַ פאַכט געהאַלטן פיר יאָר און — „פאָרטזועצונג פאָלגט..."

דעריבער מוז איך אויך וואַרטן, און זאָגן אייך: „פאָרטזעצונג פאָלגט".

1891

# מ. מ. דאליצקי

## „מבית ומחוץ"

(תרנ"א)

דורך אַ סבה, וואָס וועגדט זיך נישט אין אונז, זענען מיר נישט בכּח איבערצוגעבן אונזערע לעזער אַ קורצן אינהאַלט פון ווערק, און דעריבער זענען מיר געצוויטיקט צו בעטן אַביסעלע קרעדיט, און גלויבן, אַז דאָס ווערק איז פערל און בריליאַנטן (יידישע צרות און טרערן) אין אַ גאָלד (זעלטענע שפּראַך) געפּאַסט. דער דערציילונג אינגאַנצן קאָנען מיר אַסך פאַרוואַרפן, ווייל עס איז פעליעטאָניש באַארבעט. און נאָכן איבערלעזן בלייבן אין מח נאָר די איינצלנע סצענען, יעדע באַזונדער, אָן דעם אומנאַטירלעכן צוזאַמענהאַנג, וואָס דער מחבר האָט זיי געגעבן. נאָר — די איינצלנע סצענען זענען מייסטערהאַפט! עס ציטערט אין זיי דאָס טרויעריקע, אומגליקלעכע, פינסטערע, יידישע לעבן — כ ה ו י ה! — ווער עס האָט נאָך נישט־אויסגעוויינטע טרערן, נישט־אויסגעטריקנטע נערוון, נישט אינגאַנצן אַ פאַר־שטיינערט האַרץ און פאַרשטייט לשון־קודש — זאָל לעזן מ ב י ת ו מ ח ו ץ! ווער עס מיינט, אַז אַלע „חובבי ציון" ראָמאַנסירן מיט דער בריסקער רביצין, שמייכלען מיט חסד צו דער „חלוקה" און לעקן די קנעכל ביי אונזערע פרומע גבירים, זאָל לעזן „מבית ומחוץ"! אויך איז עס מחויב צו לעזן דער, וואָס האָט נאָך אַ קישן הינטערן קאָפּ און אַ שטיקל ברויט אין מויל אַריין, ער זאָל פילן, אַז ער איז אַ י ח י ד דערמיט... און... דערווייל —

1891

# אנעקדאטן־בוך

בווי הונדערט און פערציק שיינע וויצן, זייער סאַטיריש צום לאכן.

אַרויסגעגעבן פון מ. קיקלשטיין

ווער האָט צייט אויסצוהערן אַן אידעע און לאָזן זי זיך באַווייזן? און ווער האָט נישט קיין צייט אויסצוהערן אַ קורצן וויץ? דער וואָס קאָן בטבע נישט האַלטן אין זיך, מוז זיינע אידעען און געדאַנקען אויפשרייבן און לאָזן דרוקן, טאָמער וועט עמיץ האָבן אַמאָל אַ האַלבע שעה צייט צו לעזן, אָבער מיט אַ וויץ קאָנסטו אַרויסגיין אין גאַס אַריין און דעם ערשטן בעסטן מכבד זיין. דאָס לעבן האָט אויסגעלערנט צו זיין באַהיטזאַם מיטן אמת, וואָס שאַדט געווינלעך מער דעם זאָגער, אַלס עס קאָן דעם צוהערער העלפן; נאָר זעלטן עמיץ זאָל קאָנען איינהאַלטן ביי זיך אַ גלייכווערטל. עס קייקלט זיך אַראָפּ פון דער צונג. אידעען קלעפּן זיך נישט צו צו דער מאַסע, וויצן ווערן אויפגעכאַפּט כהרף עין און גייען פון מויל צו אויער און צוריק, שנעל, ווי דער בליץ, צו וועלכן זיי זענען ענלעך. בשעת ווען די אידעען ווערן אַרויסגעלאָזט מיט אַ פירמע פון מחבר, אויסגעאַרבעט, מיט אַ חתימה, מיט אַ פּרייז, פליען די וויצן פריי אין דער לופט, ווי הפקר־פייגל; ווער עס וויל קלייבט צוזאַמען און — פאַרקויפט. נישט דער מחבר, נאָר דער אַרויסגעבער איז בעל־הבית; נישט דער שכל, נאָר די מי ווערט באַלוינט. צו אַ מחבר גייען מיר צו שטרענג; מיר פאַרלאַנגען פון אים ערשטנס זיין אייגענע סחורה און גוטע, מיר פאַרלאַנגען אויסער דעם אַ געוויסע ליטעראַרישע מאָראַ־

ליטעט; צו אַ וויצן־קלייבער גייען מיר צו „בקלות ראש", מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן; מיר קוקן אויף זיין „שלעפּן" פון אַלע זייטן, ווי די אַלטע גריכן אויף אַ געשיקטן „קעשענע־ציער", זיין רימען זיך באַלד אויפן שער („שיינע וויצן זייער סאַטיריש צום לאַכן") איז גאַנץ פּאַסנד. נאָר—קלוג דאַרף מען זיין; אַרויסשלעפּן — יאָ, גנבענען — אַפילו האָבער ביי דער גאַנז, נאָר אויפקלייבן דאָס, וואָס קאָזעס (ציגן) פאַרלירן, איז לייטן געלעכטער... דעם וויץ בכלל זענען מיר מוחל, אַפילו ווען ער הויבט אויף דעם ראָק און טאַנצט באָרוועס... קיין בעל־הבית, קיין איש מכובד, קיין „אב אויף דער חתונה" איז ער נישט, ווי דער שטייגער — אַ בדחן!

דער צוזאַמענקלייבער גיט נישט קיין ברילִיאַנט, מיר זאָלן זען אויב ער איז גוט געשליפן; גוטע וויצן זענען פּערל; נאָר ער — גיט נאָר דאָס שטריקל, דעם פאָדעם, דאָס שנירל, אויף וועלכע זיי ווערן אויפגעצויגן, נאָר דאָס שטריקל דאַרף אויך נישט זיין צופיל ברודיק.

מיר פאַרלאַנגען:

1) פרישע סחורה, על כל פנים נישט זייער פאַרלעגערטע, נישט דאָס, פון וואָס קינדער רעדן אין די וויגן:

2) שאַרפע, בליצנדיקע, קורץ־געפאַסטע וויצן, און —

3) אויב עס מוז שוין זיין אַביסל עזות — זאָל זיין כאָטש מיט אַ מאָס.

די וויצן, וועלכע ליגן פאַר אונז — זענען אַלע שלעכט אויפגעשריבן, נישט לאָגיש, אויסגעפּראַלט; אויפן אָרט פון אַ נאָדל־שפּיץ קריגט מען אַ גלעט מיט אַ בערן־לאַפּע. דריי פערטל זענען פאַרלעגערט אַלט, פון פערטן פערטל איז אַ צוואַנציק פּראָצענט פרעמד דעם יידישן לעבן, פון דער רעשט, מען זאָל זיי אָפּשיילן, ווי פוילע קאַרטאָפל פון פראַלעריי, וואָלט געקאָנט בלייבן אַ שעור אַרויסצורופן אַ שמייכל ביי אַ מסתפּק במועט, וואָס זוכט נישט קיין סדר, קיין לשון — נאָר אַבי אַ רגע צו לאַכן.

# דער יידישער האַנדלס־קאַלענדאַר

אויף פינף יאָהר (תרנ״ב — תרנ״ו)

פון י. בערנאַס

דער הער בערנאַס רופט זיין קאַלענדאַר „איין היסטאָריש־ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכעס בוך״, כאָטש אויסער לוח־כראָנאָלאָגיע און זיין אייגן־צוזאַמענגעשלעפטן אָדער איבערגעזעצטן שוואַכן אַרטיקל איבער „היפּנאָטיזם און מאַגנעטיזם״, איז קיין וואָרט וויסנשאַפט און היסטאָריע נישט דאָ. עס איז אויך שווער צו גלויבן, אַז זשאַרגאָן־קאַלענדאַרן זאָלן האָבן אַזוינע לעזער, וואָס עס זאָל זיי מער נישט פעלן, ווי זאָסניצעס עלעקטריציטעט און בערנאַסעס היפּנאָטיזם. נאָר ליטעראַטור האָט דער האַנדלס־קאַלענדאַר געענוג. מיט „דרך־ארץ״ פאַרן רעדאַקטאָר פון דער יידישער ביבליאָטעק און זיין שטילן שותף הער דינעסאָן, גייען מיר שטיל אַריבער איבער „חנינא בן דוסא״, „עלנד״ און „אָרעמקייט איז קיין שאַנד״, כאָטש עס רייסן זיך אונז פון מויל אַרויס די שאלות: 1) ווי אַזוי איז חנינא בן דוסאס ווייב אי „שטיל, ווי אַ טויב״, אי „אַ רייטערקע אָבער אַ גרויסע״? 2) וואָס איז „עלנד״, אַ נאָוועלע אָדער אַ פעליעטאָן, אָדער גאָר אַ מרכּב פון ביידע? און 3) צי איז „ויהי ערב ויהי בקר״ די ערשטע מצוה, וואָס „אָרעמקייט איז קיין שאַנד״ הויבט זיך נישט אָן אין דער פרי, און מען לאָזט אַ גאַנצע נאַכט דאָס ווייבל אומזיסט נישט שלאָפן? די שאלות לאָזן מיר אַלס תיקוס. מיר גייען

ווייטער, און פאַלן אַרויף אויף אַ מין „צהר". זיין לשון איז פון פ אַ ר ן מבול, איז צהר על כן נישט פון דער תיבה! אויסער דעם איז די תיבה נישט קיין יידישער קאַלענדאַר, און אַזוינע חיות וואָלט זיכער נח נישט אַריינגעלאָזט. ד ע ר „צהר" איז נישט קיין פענסטער, נישט קיין בריליאַנט, ווייל דאָס געדיכט „דעם קאָלאָניסטס פאַרמעגן" איז קוים ביי ה׳ יוסף מינצער אויף לשון הקודש אַ ר ו ב י נ ד ל געוועזן, און דער צדיק, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטערן „צהר", האָט דערפון געמאַכט קוים דאָס, וואָס דער קאָלאָניסט דאַרף צום פעלד. נאָר דעם קאָלאָניסט אַליין איז מאַקע מקנא צו זיין; זיין פאַרמעגן איז אין לשער, ער פאַרמאָגט „אַ שטיקל אַקער־פעלד", און „עס איז שיין ווי די וועלט", דערצו נאָך „אַ שטיק לאָנקע פ ו ן פ אַ ש ע־ו ו ע ג ן", אַ „וואָגן" האָט ער „פון פעלד צו ט ר אָ ג ן", אַ ווייב נ ח מ ה, אַ זון א י ת מ ר, אַ ט אָ כ ט ע ר ת מ ר, אַן אייזל, אַ פּאָר גוטע פערד, נאָכאַמאָל „אַ גוט שטיק פעלד, גוטע פרוכטן, אַ ווייגאָרטן מיט טייטלען, פּאָמעראַנצן אַלע סאָרטן" (אחד לא נעדר!) „שאָף, מלבושים אויף יום־טוב, גענז און אינדיקעס אַ סטאַדע, קאַטש־קעס אויף אייער", נאָר צי וועלן די הינער צופרידן זיין מיט „ה ע נ ע ר א ו י ף פ אַ ר אַ ד ע" און מער נישט, איז אויך אַ תיקו.

דעם באַהאַלטענעם צדיק, וואָס פרייט זיך, ווייל:

„מיינע נדבות פון מיין גוט הערץ,
מיין יושר, איך מאַך קיינעם קיין שמערץ"

וואָלטן מיר בלב שלום אַן עצה געגעבן, ער זאָל האַלטן די הענט ביי זיך, און די פעדער איבערגעבן דעם ווייב צו חשבונען זיך מיט דער וועשין; אַזאַ פעדער קאָן אַפילו אין אַ לאָמבאַרד העכער געשעצט ווערן, ווי אין אַ ליטעראַטור.

נאָך צהרן גייט ד. פרישמאַן מיט „שפינען און שוואַלבן", אויך עפנט אונז שפעטער גאָלדנפאַדן דעם הימל לכבוד תשעה־באָב. צוויי ווירקלעכע טאַלענטן, נאָר בשעת ווען גאָלדנפאַדנס

טאַלענט איז באַוואַקסן געוואָרן מיט פעט בדחנות, ווערט ד. פרישמאַן צעקראָכן אין מאַנירלעכער ראָמאַנטיק; שטענדיק האָט ער מכלומרשט עפּעס צו זאָגן און האַלט זיך איין, און שטענדיק האָט ער טייל ווערטער, וואָס קלינגען אים אַזוי גוט, אַז ער דרייט מיט זיי, ווי מיט „מכשפה לא תחיה", און אַלץ איז פאַרדעקט מיט אַ גאַזע, מען זאָל חס־ושלום דאָס פּנים נישט אַרויסזען.

דאָס געדיכט „די שפּינען מיט די שוואַלבן" איז אינגאַנצן אַזוי צעקראָכן, שוואַך און מ אַ נ י ר ל ע ך געפּרווירן, בשעת ווען פרישמאַנס תּאווה צו צעטרעטן שוואַלבן — אַזוי ברענענדיק הייס, אַז מען קאָן דעם קאַטער קריגן. שטעלט אייך פאָר אַ דיכטער, וואָס טרעט שוין צוויי טויזנט יאָר אָן אויפהער די שפּינען!

„יאָ, איך טרעט מיט אַלע כּוחות,
וואו איך קאָן זיי נאָר געפינען
און איך וויל זיי, און איך מוז זיי
ענדלעך אַלע, אַלע טויטן,
אָך, מיר טוט אַזש ווי דער פוס שוין
פון דעם פּ י ל ן, פּ י ל ן טרעטן..."

ווען איר פילן דעם אייגענעם טעם, ווי — ווען גאָלדנפאַדנס מוזע באָדט זיך אין אַ „פאָמאָדיניצע". אָדער „הייסט דעם הונט אָנטון אַ טראָמבע" און שילט, ווי אַן אמתע פּשעקופּקע. ג ו ט לעזט זיך דער פעליעטאָן פון הנ"ק, „אַן אַלט געשריי מיט נייע ווערטער" מיט זיין קאָמישער סטאַטיסטיק. פון ביידע רעפעראַטן איבער „שפה־ברורה" פון יה"ז און לעווינסקי לוינט שוין ה י י נ ט נישט צו רעדן, ווייל — איך וויל מיין מויל צו קיין בייזן נישט ברענגען — די שפה ברורהס זענען נאָך קיין תּחית־המתים נ י ש ט אויפגעשטאַנען. דער „מחבר פון האָדל", ליעוו, האָט געגעבן „די חלוקה", אַן אויסגעצייכנט אויפגעשריבן געדיכט, וואָס פּאַסט גאָרנישט פאַרן מחבר פון... דער אָנגע־

שלעפּטער קרענק „האָדל״. די „עצה אויף איין עצה״ שרייבן מיר אויפֿן חשבון פֿון אַ וכּוח צווישן צוויי ליטעראַטן, פֿון וועל־כע מיר וואָלטן גאָט ווייסט וואָס פֿאַר אַ מאוסקייט געהערט, ווען נישט, וואָס זיי זענען ביידע אַזוי שטומפּיק אויף דער עברי, אַז מען פֿאַרשטייט ביידע נישט אַ וואָרט.

1891

## „אַרגענטינע"

### אַרז איר רעצענזענט פון „וואסכאד".

אַזוי ווי עס איז אַרויס אַ בת־קול, אַז דער באַראָן הירש קויפט ערד פון יידן־וועגן אין אַרגענטינע, האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע. אַלע צייטונגען זענען פול געווען מיט ידיעות פון עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין אויסלאנד אָן הילף, אָדער, וואָס „גוטע ברידער" האָבן זיי באַלד ביי דער גרענעץ באַראַבעוועט... אויך זענען געווען פאַרשידענע קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דעם שלעכטן באַהאַנדלען, וואָס די עמיגראַנטן ליידן פון די שיף־קאַפּיטענס. אַלע צייטונגען האָבן געוואָרנט דאָס פאָלק פאַר עמיגרירן אָן פּעסער, אָן אַ סדר און פאַר דער צייט. באַלד דערנאָך איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט אַן אויטענטישער בריוו פון באַראָן הירש, און וועלכן ער בעט זיינע „ברידער", זיי זאָלן זיך נישט איילן און אויסהאַלטן די צייט.

דאַמאָלט האָט די רעדאַקציע פון דער יידישער ביבליאָטעק באַאויפטראַגט אַ געוויסן שרייבער, ער זאָל צוזאַמענקלייבן אַלעס, וואָס עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן וועגן אַרגענטינע, און שרייבן דעריבער אַ קליינע בראָשור פאַרן פאָלק, כדי אַלע זאָלן וויסן, אַז די עמיגראַציע אָן אַ סדר איז אַן אומגליק פאַר די עמיגראַנטן.

די בראָשור איז אויפגעשריבן און געדרוקט געוואָרן (מיט אַ קאָלירטער מאַפּע). דער „מחבר" האָט זיך נישט געוואָלט אונטערשרייבן, ווייל אין דער בראָשור איז נישטאָ איין וואָרט זיינס, אַלץ איז גענומען פון קאָרעספּאָנדענציעס, בראָשורן און וויסנשאַפטלעכע ווערק.

צו וואָס פאַר ציל פירט די בראָשור?

אין ערשטן קאַפּיטל באַשרייבט זי ווי עס גייט צו דעם אומגליקלעכן עמיגראַנט, אויב ער פאָרט אָן אַ פּאַספּאָרט און אָן געלט, און אָן צו וויסן ריכטיק דעם וועג. דער פרק ענדיקט מיט אַן עצה, אַז ווער עס וויל פאָרן זאָל האָבן: 1) אַ פּאַס, 2) געלט אויף הוצאות, 3) זאָל באַקאַנט זיין מיט דער נסיעה און 4) היטן זיך פאַר מעקלערס, נאָר גלייך אַלץ אַליין זיך באַזאָרגן.

דער צווייטער פרק באַשרייבט, ווי שלעכט עס איז דעם אָרעמען עמיגראַנט אויף דער שיף. נאָר דאָס אַליין דאַרף נישט אָפּשרעקן — „יעדער וועג אין גן־עדן אַריין איז שלעכט, און אַרגענטינע דאַרף און קאָן זיין אַ גן־עדן".

דער דריטער פרק באַשרייבט די אַרגענטינישע רעפּובליק, אירע גרענעצן, אירע בערג און טייכן. דער פרק דערציילט, אַז „דער קלימאַט איז איבעראַל גוט". פון דעם פרק ווערט מען אָבער אויך געוואר, אַז, אויסער דורכויס פרוכטבאַרע און גוטע ערד איז דאָ מדבריות אויך, זאַלץ־ערטער, וואו עס וואַקסן גאָרנישט, אויסער זאַלץ־געוויקסן; ערטער, וואו אַז מען פאַרזייט, רייסט איבערנאַכט דער ווינט אויס די זריעה... און דערפון קומט אַרויס אַן אַזהרה, אַז ביים פעלד־קויפן מוז מען זיין געוואָרנט און באַהיט מען זאָל זיך נישט אָפּנאַרן. דער פרק ענדיקט מיט דעם, אַז דעריבער איז זייער שלעכט „דעם עמיגראַנט אָן לשון, אָן אַ מויל, אָן געאָגראַפיע אין דער פרעמד".

דער פערטער פרק רעדט פון די איינוואוינער און עמיגראַנטן. עס ווייזט זיך אויס, אַז אויב אַלע יאָר וואַקסט די צאָל פון אימיגראַנטן (מענטשן, וואָס קומען אַ ר י י ן קיין אַרגענטינע) וואַקסט אויך די צאָל פון עמיגראַנטן (מענטשן, וואָס וואַנדערן

צוריק אַרויס). דער פרק ענדיקט דערמיט, „אַז דאָס קומט פון דעם, וואָס מען עמיגרירט געוויינלעך אָן אַן אמתן ישוב, מען גלויבט באָבע־מעשיות, מען גלויבט אין גליקן, וואָס זענען נישט געשטויגן, נישט געפלויגן; און דערנאָך, אַז מען קומט אַהין, אַז מען ווערט געוואָר, אַז פעלדער מיט בהמות, מיט הייזער קריגט מען (אין ערגעץ) נישט אָן געלט, אַז אַליין וואַקסט נישט, און מען מוז אומעטום שווער אַרבעטן אויף ברויט, הויבט מען אָן צו בענקען אַהיים וכו׳״.

דער פינפטער פרק הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„און אַרגענטינע ברויך און קאָן ערנערן מענטשן!״ דער פרק ווייזט אויס מיט ציפערן, ווי ווייניק מענטשן עס איז דאָ אין דעם געבענטשטן לאַנד אויף אַ קוואַדראַטנע מייל, ווי ווייט עס פעלן דאָרט הענט צו דער אַרבעט.

„און אַלץ אין אַרגענטינע וואַקסט און הויבט זיך: דער אַקערבוי, דער האַנדל וואַקסן פון טאָג צו טאָג״, און דער פרק רעכנט אויס כסדר, וואָס עס ווערט פּאַרזייט, אַריין און אַרויס־געפירט, וואָס פאַר אַ מעטאַלן עס פאַרמאָגן די בערג, ווי גרויס עס איז דאָרט דאָס געשעפט מיט בהמות, און ווי ווייט אַלערליי אינוועסטאַרן האָדעווען זיך דאָרט אויסגעצייכנט.

דער זעקסטער פרק ווייזט דאָס אייגענע אויס וועגן האַנדל.

דער זיבעטער פרק ווייזט אָבער אויס ווי געפערלעך די עמיגראַציע איז פאַר איינצלנע עמיגראַנטן; רעדט דערפון, ווי זיי ווערן באַשווינדלט דאָרט פון פריוואַטע מענטשן און פון דער רעגירונג.

ענדלעך דער אַכטער און דער לעצטער פרק זאָגט: „היוצא לנו מדברינו: אַרגענטינע קאָן זיין אַ גן־עדן, עס זאָלן זיך דאָרט אויף אַמאָל באַזעצן אַ סך פאַמיליעס, זיי זאָלן קאָנען מאַכן אַ גרויסע קאָלאָניע, זיי זאָלן זיין בכוח זיך ווייטער צו אַנטוויקלען, זיי זאָלן קריגן ערד אין גוטע פונקטן, און זאָלן זיין באַוואָרנט מיטן אייגנטום.

פּדי דאָס זאָל קאָנען צו שטאַנד קומען, מוז אויפהערן די מהומה, מוז מען וואַרטן ביז די רעגירונג וועט ערלויבן, און דער באַראָן הירש, וואָס גיט אַוועק אויף דעם ציל זיין גאַנץ פאַרמעגן, זאָל אויסדרן די עמיגראַציע..." די בראָשורע ענ־דיקט דערמיט, אַז —

אַרגענטינע איז אַ גן־עדן פאר אַ ריכטיקע, געסדרטע עמי־גראַציע, און אַ בית־הקברות פאר אונזערע עמיגראַנטן".

איר זעט לייכט אַרויס דעם צוועק פון דער בראָשור. דער לעזער ווערט דורך איר באַקאַנט מיט אַלע מעלות פון אַרגענטינע, מיט איר האַנדל, אַקערבוי, בארג־ווערק וכו', נאָר אין איין וועגס לערנט מען אים, ער זאָל נישט איילן נאָר וואַרטן, ווי באַראָן הירש בעט זיך, ביז די עמיגראַציע וועט איינגעאָרדנט ווערן. —

---

די בראָשור האָט אָבער אויסגעזעצן ווי אַ הפקר (ווייל דער מחבר האָט זיך נישט געוואָלט חתמענען) און צוויי נישט גלייכע מענטשן האָבן זיך באַנוצט דערמיט.

איינער האָט אָפּגעשניטן דאָס לעצטע בלעטל; איינגעקלעפּט אַן אַנדערס, און אויפגעסטעמפּלט זיין אַדרעס און אַ פּרייז פופצן קאָפּ. — דאָס איז געשען אין וואַרשע.

און דער צווייטער האָט געמיינט, אַז די בראָשור איז גע־פונען געוואָרן אין מיסט און האָט איר אַ קאָפּ געטאָן — און דאָס איז געשען אין פּעטערסבורג, אין ניעדעלנאַיאַ כראָניקאַ פון וואָסכאָד (טויזנט אַכט הונדערט איין און ניינציק, נומער צוואַנציק); ער דערציילט, אַז די בראָשור איז געשריבן גע־וואָרן מאוס צו מאַכן אַרגענטינע, אַז זי רעדט אָפּ, נישט פון אַן אומבאַרעכנטער עמיגראַציע, נאָר פון עמיגראַציע בכלל, מאַכט חוזק פונם „מחבר", און רעכנט אים צווישן די, וואָס ווילן בויען געגן באַראָן הירש.

יעדעס וואָרט — אַ באַזונדערער שקר.

נאָר — ביידע האָבן עס געטאָן פאַר הונגער; דער ערשטער צו ברויט, און דער צווייטער צו אַ סקאַנדאַל, צו אַ ציפּ עמיצן ביי די האָר, אַ ביס מיט די ציין...

די „תאוה" צו ברויט און — עמיצן אַ ציפּ צו טון, האָבן טאַקע אַ גרויסן כח — נאָר ציי הייסט עס ערלעך גע־האַנדלט? עסקת באמונה?

1891

# דער יידישער פעלד־ארבעטער

„אַ מעטאָדע צו ערלערנען (ווי אַזוי מען באַדאַרף צו באַ־ארבעטן די ערד) אין יעדן (?) אָרט און (?) אַלע (!) ידיעות, וואָס אַ פעלד־אַרבעטער מוז וויסן"

פון מיכל וועבער

„באַאַרבעט לויט פּראַקטישע מעטאָדן צום נוצן פאַר אונזערע ברידער (!) וואָס ווילן ערלערנען לאַנד־בוי."

אַזוי זאָגט דער שער, וואָס איז געשריבן אויף פּאטריאָטיש לשון און — „נח מיט זיבן גרייזן".

אין דער פאָררעדע באַרימט זיך נאָך הער וועבער, אַז —

„דער הויפּט איז אין זיין ספר דער קיצור!"

„ער האָט זיך באַמיט ווי ווייט מעגלעך צו שרייבן קורץ, וואָס אַן אַנדערער וואָלט באַדאַרפט באַשרייבן אויף הונדערט בויגן — די צייט איז טייער!"

אויך זאָגט ער — אַז די אַרבעט איז אים נישט גרינג אָנגעקומען.

„זי האָט מיך געקאָסט פיל מי און שווייס, איך האָב דורכשטודירט פיל ביכער פון תורת פעלד־אַרבעט (!) איך האָב מיך (!) באַנוצט מיט (!) די בעסטע (!) מעטאָדעס, און אַ חוץ דעם האָב איך גאָר געזען פון פּראַקטיק זיך אַליין אין אַלעם איבערצייגן".

הער וועבער איז אונז מבטיח, על׳ כל פנים פאַרהאָפט ער, אַז —

„גאָך דעם ווי איר וועט דורכזעהן (!) גוט מיין ספר און וועט זיך נעמען צו דער אַרבעט, וועט איר אין אַ גאַנץ קורצע צייט זיין פאָלקאָמענע קאָלאָניסטן" —

דער עיקר מיינט ער די עמיגראַנטן:

„אויב דו, ברודער, פאָרסט מיט ערלויבניש פון אונזער רעגי־רונג אין אַרגענטינע, אין דעם באַראָן הירשס קאָלאָניעס, וועסטו אויף דער שיף גענוג צייט האָבן צו איבערלעזן מיין ווערק, און קומען אויפן אָרט מיט אַלע ידיעות, וואָס זענען נויטיק פאַר אַ קאָלאָניסט."

נאָר יענע קאָלאָניסטן זענען אויך קונים:

"און אַפילו אויב (!) דו פאָרסט נענטער, אין ארץ־ישראל, איז אויך גענוג די נסיעה, אָדער עטלעכע וואָכן פריער, אויף דורכלעזן אַמאָל צוויי־דריי מיין ספר."

— — — — — — — — — — — —

אויב עס האָט זיך קיין איינציקער יידישער אַגראָנאָם נישט גענומען אַרויסצוגעבן אַזאַ ניצלעך ווערק, האָט דער הער וועבער געהאַט פאָלקאָמען רעכט מקיים צו זיין „במקום שאין אנשים השתדל להיות איש"... נאָר, ער האָט געמעגט יוצא זיין:

1) מיט איין מעטאָדע צום איבערזעצן, ווייל צו אַ קאָמ־פילאַציע דאַרף מען זיין אַ ספעציאַליסט, און אַ פאָר וואָכן שטודירן (אַפילו מיט נויט און שווייס) מיט נאָך עטלעכע וואָכן „פראַקטיקע", זענען פאָרט צו ווייניק דערצו.

2) אויפגעבן די קוועלן (די נעמען פון ספרים און מחברים), פון וועלכע ער האָט געשעפט, אויפן אָרט פון אייגן שטודירן און „פראַקטיקע", ווייל די קלענסטע פירמע פון אַן אמתן אַג־ראָנאָם איז נאָך אַלץ מער ווערט, ווי גלאַטע שווייס און פראַק־טיקע... און —

3) מיט קלענערע תקיעות פון רעקלאַמען־שופר...

דאָס ווערק (אויסערן שער) איז דאָך געשריבן ריין, פֿאַר־שטענדיק, און כּל זמן עס וועט קיין אַגראָנאָם קיין בעסערס נישט אַרויסגעבן, וועט עס דאָך ניצלעך זיין פֿאַרן פֿאָלק. —

1891

# „ספר היהודי הנצחי"

## („דער עוויגער יודע")

(אָדעססא תרנ"א)

קינד־און־קייט זיצט רייטנדיק אויף „ישראליקן", און עס איז אַ קאַץ־מוזיק פון פאַרשידענע קולות, פאַרוואָס זאָל איין חיים שלום סליווקין גיין צו־פוס און דאָס מויל נישט עפענען? מר חיים שלום סליווקין ווילט זיך נעבעך זיין חזן אין דער מעני שער שול, ער שרייבט על־כל־פנים דעם שער אויף לשון־קודש, צום סוף ספר בעט ער אויף לשון־קודש דעם לעזער, ער זאָל אַלע גרייזן אַרויסלייגן אויפן בחור הזעצערס חשבון; אויך וואָרנט ער אויפן אייגענעם לשון, אַז: „ווער עס וועט די העזה האָבן צו דרוקן (!) דאָס ספר אָן זיין וויסן, וועט ווערן גע־שטראָפט על פי חקי הממשלה יר"ה", נאָר אַפּנים עס גייט נישט און מר חיים שלום סליווקין מוז אַריינקריכן אין פּאַס, אין עזרת נשים, און איבערזעצן פאַרשידענע זאַכן, וואָס מען הערט אונטן אין דער מענער־שול. אַז אין שול, וואו מר חיים שלום סליוו־קינס פּאַס און ווייבער שטייען, הערט זיך נישט קיין נייעס, זעצט ער זיי איבער אַלטע זאַכן, און אַפילו אַזוינע, וואָס מיין עלטער־באָבע האָט אינם טייטש־חומש געלעזן — וועגן ביתר, טיטוס מיטן יתוש, וכדומה היסטאָרישע זאַכן, וואָס זענען זייער וויכטיק פאַר אַ יידישער נשמה, וואָס וויל זיך וואַרעמען

ביים פייער־טאָפּ אין אַנטלויפט פאַר דער זון! ער כאַפּט אַריין אינמיטן אַ פּאָר לשון־קודשדיקע ציטאַטן, וואָס געהערן נישט צו דער זאַך, און אַלץ — כּדי די ווייבער זאָלן מיינען, אַז ער איז אַ געבוירענער מענישער חזן!

„די יידישע היסטאָריע — גיט זיי מר חיים שלום סליוזקין צו פאַרשטיין באַלד פון אָנהויב, (אונטער דער העברעישער מאָטאָ: „כי תעבור במים אתך אני״) — די יידישע היסטאָריע אין אַלגעמיין (בכלל) די אַלע באַגעבענהייטן, וועלכע האָט פּאַסירט מיט יידן צייט זיי זענען געוואָרן אַ פאָלק, זייערע אייגנשאַפטן און טוגענדן (מעלות און מדות טובות), זייער גרויסן געפיל איבערהויבט (אַזוי איז דאָס וואָרט אויסגעלייגט אינם גאַנצן ספר) זייער גרויסן מוט, זאָגער ביי די ערגסטע צייט — איז דיזעס אַלעס געשריבן, און געצייכנט זאָ דריקליך און דייטענד״.

אמת פיין!

„דער עוויגער יודע״ האָט דריי בענדער. פאַרן ערשטן געדרוקטן באַנד, וואָס איז דורך און דורך געשריבן מיט אַזאַ לשון, מיט אַזאַ קלאָרן פאַרשטאַנד, מיט אַזאַ הייס געפיל; פאַרן ערשטן געדרוקטן באַנד, פון וועלכן יעדעס וואָרט איז אַ מצבה מיט היעראָגליפן *), יעדער זאַץ איז אַן אוצר פון אומוויסנהייט, און איין זייטל איז סותר דאָס צווייטע, און זאָגט פּונקט קאַפּויר **), פאַר דעם ווערק הייסט זיך מר חיים שלום סליוזקין צאָלן פינף און זיבעציק קאָפּיקעס. און אַ געוויסע צייטונג האָט עס גערעכנט צווישן די „נייע ניצלעכע זשאַרגאָן־ווערק״.

---

*) דאָס אַלטע סודות־כּתב (פאַר אונז) אין מצרים.

**) אויף איין אָרט, למשל, זענען די, וועלכע האָבן נישט געלאָזט שלום מאַכן מיט די רוימער הייליקע גבורים, בשעת ווען אויפן צווייטן אָרט זענען זיי פריצים, און בר־יונהס לויט דער הגדה.

1891

# י״ז בן אריה: א וועלט מיט וועלטעלעך

(ווילנע, תרנ״ד)

דער מחבר וויל, אַז מיר זאָלן זיך איבערצייגן, אַז 1) די ערד איז קיילעכדיק, נישט אַ ברעט מיט זייטן און עקן, 2) אַז זי באַוועגט זיך אַרום דער זון, נישט די זון אַרום איר, 3) אַז די ערד ציט צו־זיך־צו אַלץ, וואָס אויף איר איז, פּונקט אַזוי ווי זי אַליין ווערט צוגעצויגן צו דער זון און 4) אַז דורך דער אַט־ראַקציאָן (אַזוי הייסט די קראַפט, מיט וועלכער איין קערפּער ציט צו דעם צווייטן) באַוועגן זיך די הימלישע קערפּער (זון, לבנה, שטערן, ערד) איינס אַרום צווייטן...

נאָר, כּדי מיר זאָלן וועלן זיין זיינע לעזער, כּדי מיר זאָלן וועלן נעמען אין האַנט אַריין אַ וויסנשאַפטלעך ווערק, נישט סאַמע באָבע־מעשיות און ראָמאַנען, נאַרט אונז י״ז בן אריה אַריין אין ביכל, ווי אַ מלמד נאַרט דאָס קינד צום אלף־בית... דער רבי זאָגט אים צו אַ פייגעלע, און י״ז בן אריה — אַ „העכסט אינטערעסאַנטע ערציילונג״! דערזעענדיק דעם שער — רעכנט דער מחבר — וועלן מיר נישט קאַרגן די צען קאָפּיקעס און דערנאָך איז פאַרפאַלן! מיר וועלן שוין אונזער געלט דורכן פענ־סטער נישט אַרויסוואַרפן און וועלן שוין דורכלעזן דאָס ביכל...

נאָכן שער גייט אַ הקדמה: „נישט אַלע מענטשן — זאָגט דער מחבר — האָבן (די) מעגלעכקייטן אין זייער יוגנט צו לער־נען (א) וויסנשאַפט״ — טייל ווערן געבוירן ביי אָרעמע עלטערן...

(אין דער שווערער אַרבעט) גייט אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר און מען וואַקסט אויס גאָר אָן וויסנשאַפט". נאָר מזל איז ביי גאָט (אין דער האַנט), דאָס אָרעמע קינד... ווערט רייך... וואָס טוט עס אָבער אָן וויסנשאַפט?... אָט „פאַר אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן נישט פאַרשעמט ווערן קעגן די געלערנטע" — זאָגט י"ז בן אַריה — שרייבט ער זיין ביכל.

נאָר מיינט נישט, אַז ער שרייבט דוקא נאָר פאַר די, וואָס ווילן אַמאָל רייך ווערן, אָדער דווקא נאָר פאַר די, וואָס ווילן האָבן די געלעגנהייט פאַרשעמט צו ווערן פאַר געלערנטע... איך בין אים אין דעם נישט חושד! די הקדמה זעט אויס, איז, גלאַט אַזוי, געשריבן אין איילעניש און איז אַרויס אָן הענט און פיס... וואָרים י"ז בן אריה פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז פאַר אָרעמע־לייט, וואָס ווערן רייך, איז נישט כדאי צו שרייבן, ווייל — עס טרעפן זיך אַזוינע לייט וואָס אַ טאָג ווייניקער און ווייניקער... אויך ווייסט ה' י"ז בן אריה, אַז אָרעמע לייט דאַרפן מער וויסן ווי רייכע און דאָס וויסן קומט זיי אויך מער צוניץ. פון אמת וויסן האָט מען, אויסער דעם גייסטיקן פאַרגעניגן, אויך — פרנסה, ברויט און גאַנץ אָפט מיט פוטער! די בושה, וואָס דער אומגע־לערנטער האָט פאַרן געלערנטן, איז אויך אַ זעלטענע זאַך, מערסטנ־טיילס געשעט פאַרקערט!... מיר שעמען זיך אַ סך מער מיט אַ צעריי־סענעם שטיוול, ווי מיט אַ ליידיקן מוח, און אויך — די בושה, וואָס איינער צווישן הונדערט ליידט, אַז ער ווייס נישט דאָס, וואָס יענער ווייס, איז נאָך נישט דער עיקר... די בושה קאָן זיין אַ ניצלעכע זאַך, נאָר אין לעבן פירט זי געוויינלעך נאָר צו עטלעכע ווערטער פראַנצויזיש און אַ קאַדריל...

וויסן אַליין איז ניצלעך און נויטיק, און דאָס האָט ה' י"ז בן אריה געראַפט באַוויזן אין זיין הקדמה, אָדער זיך אָן אַ הקדמה באַגיין.

נאָר דאָס איז אַ קלייניקייט. די הויפּט־פראַגע איז, ווי אַזוי ערפילט ה' י"ז בן אריה זיין פאַרשפּרעכן? האַלט ער באמת וואָרט? גיט ער אונז אמת וויסן?

ערשטנס מוזן מיר באַמערקן, אַז ה' י"ז בן אריה מאַכט

נישט קיין אונטערשיד פון „וויסן" ביז „וויסנשאַפט", פון „ידוע" ביז „חכמה", און, אויב ער רעדט פון וויסנשאַפט, מיינט ער נישט מער נאָר וויסן און אַזוי־ערנאָך וויל ער ווייניקער, אַלס ער זאָגט צו, נאָר — זאָל זיין וויסן!

מיר האָבן דורכגעלעזן דאָס ביכל — וואָס ווייסן מיר דערפון? צי ווייסן מיר באמת, אַז די ערד איז קיילעכדיק, אַז זי איז אַ קויל, נישט קיין ברעט? אַז זי באַוועגט זיך אַרום דער זון, נישט פאַרקערט, און אַזוי אַנדערע זאַכן?

ליידער נישט.

דער, וואָס לעזט דורך דאָס ביכל, האָט קיין איינציקן ריכטיקן באַווייז, אַז עס איז אַזוי און נישט אַנדערש! ער הערט אַ פשטל פון אַ מגיד, אַ מיינונג פון אַ בוכהאַלטער, אַ מין שטה, אַ מוטמאַסונג — און עס פאַלט אים גאָרנישט איין, אַז דאָס זענען נישט קיין שכליותן, וואָס פליען אין דער לופטן, נאָר אמתע באַוויזענע זאַכן, און אַזוי זיכער באַוויזן, ווי צוויי און צוויי איז פיר! נאָכן איבערלעזן טראַכט געוויס דער לעזער: עס קאָן זיין, אַז די ערד זעט אויס ווי אַ קאַוואָן און מיר זעען אויס ווי די פליגן, וואָס גייען אויפן קאַוואָן אַרום! עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון ווי אַ גלאָז וואַסער אין דער רייף, וואָס מען דרייט אַרום אויף אַ שטריקל, אָדער ווי אַ שטיינדל אויף אַ שטריקל, וואָס פליט אַרום, ווי אַ ראָד אַרום דער האַנט. עס איז קרוב לאמת... עס לאָזט זיך הערן, עס לייגט זיך אויפן שכל, נאָר — אַז עס איז זיכער אַזוי, דאָס ווערן מיר נישט געוואָר. קיין איינציקער וויכטיקער באַווייז, וואָס זאָל אַריין ווי אַ האָלץ־שרויף אין מוח! און אין אַ האַלב יאָר אַרום וועלן מיר פאַרגעסן דעם איינדרוק פון ביכל און צוריק גלויבן אונזערע אויגן — אַז די ערד איז אַ פלאַץ מיט עקן און קאַנטן און די זון דרייט זיך אַרום איר! מיר וועלן פאַרגעסן אַזוי דעם מגיד, ווי דעם בוכהאַלטער. און דאָך איז גענוג געווען צו דערמאָנען די רייזן, וואָס מען מאַכט אַרום דער ערד; צו דערמאָנען, אַז אַנדערש איז זיך שווער, אָדער אוממעגלעך פאָרצושטעלן דעם לקוי־

לבנה; צו דערמאָנען, ווי א זאַך, וואָס קומט אונז אַלץ נענטער און נענטער, ווערט גרעסער און גרעסער, און פאַרקערט, וואָס מער זי דערווייטערט זיך, ווערט זי אַלץ קלענער און קלענער, כאָטש מיר זעען זי איןביידע פאַלן אינגאַנצן, אַז עס פעלט פון איר נישט קיין האָר, וואָס איז אויך נישט מעגלעך, נאָר סיידן, אַז די ערד איז אַ קויל...

דאָס איז אַ שטאַרקער פעלער!

נאָך ערגער איז דאָס, וואָס דער לעזער וועט קריגן זייער אַ שלעכטן באַגריף פון „וויסנשאַפט” בכלל. עס וועט זיך אים דאַכטן, אַז וויסנשאַפט בכלל איז עפּעס אַ לייכטע זאַך, אַ שכל־דיק שפּילעכל, אַ רוים, אַ שאָך — אַ פשטל! וועמען פון י״ז בן אַריהס לעזער וועט גאָר איינפאַלן, וויפיל מי און מאַטער, וויפיל בלוט עס האָט געקאָסט, וויפיל דורות עס זענען אַריבער, וויפיל צרות מענטשן האָבן געליטן, וויפיל אָנשטרענגונגען מען האָט געדאַרפט, איידער מען איז צוגעקומען צו דער דעה? עפּעס שווימט דאָך ביי אים אַרום ווי אויף אַ וואַסער!

נאָך אַ שטאַרקערע פעלער שטעקט אין דעם ביכל: די ידי־עות זענען נישט אינגאַנצן ריכטיק... דער לעזער דאַרף וויסן, אַז די ערד זעט נישט אַזוי אַקוראַט אויס ווי אַ קאַוואָן; אַז די ערד האָט נישט די קראַפט פון אַ מאַגנעט, וואָס ציט צו נאָר אייזן און שטאָל, נישט האָלץ, למשל, און פאַפיר, און ווערט אַליין פון גאָרנישט צוגעצויגן; און בכלל, אַז די אַטראַקציאָן איז נישט נוהג נאָר ביי ערד און זון. נאָכן משל פון מאַגנעט, מוז מען דעם לעזער אויף קלאָר דערקלערן, אַז אלע קערפּער אָן אויסנאַמען ציען צו איינס דאָס צווייטע, אַז דער כוח שטעקט אַזוי גוט אינם קלענסטן שטויב, ווי אין דער זון!...

נאָך אַ פעלער שטעקט אין ביכל, וואָס דער מחבר האָט זיך ליב צו פאַרגאַלאָפּירן און צו זאָגן אַזוינס, אין וועלכן אַלע זענען ווייניקסטן שטאַרק מסופק. נאָך דער לופט (למשל) האָט ער אַ ליידיק אָרט... און עטער?

נאָר די אַלע פעלער קאָנען לייכט פאַרריכט ווערן ביי אַ צווייטער אויפלאַגע און דאָס ווערקל קאָן ווערן ניצלעך פאַר

דעם פאָלק. מען דאַרף די משלים, נאָר נאָך זיי מוזן קומען קלאָרע באַווייזן; מען דאַרף אַ סך אַרומרעדן פאַרן אָנפאַנגער, נאָר — מען טאָר דעם קלענסטן גרייז נישט אַרויסלאָזן פון מויל... און דאָס וויסן דאַרף זיך פאָרט נישט איינבעטן אונטער דער מאַסקע פון אַ העכסט אינטערעסאַנטער ערציילונג... עס פעלט נאָך אויפן שער זאָל שטיין: אַזוי אינטערעסאַנט, ווי — שמ״ר!

מיר האָבן נאָך עפּעס געגן דער שפּראַך.

צי וואָלט געשאַדט מען זאָל שרייבן: דאָס קינד, נישט דער קינד; דאָס, נישט דער געזינדל? אָב (אָבזאָגען, אָבלערנען) נישט אָפּ? נישט דער, נאָר די שטאָט? ווען דער ליטווישער זשאַרגאָן זאָל ווען נאָכגעבן די קלייניקייטן, אַזוי ווי דער פּוילישער גיט נאָך אַלע מאָל מער פון זיין זייט, וואָלטן מיר זיך איינס מיטן צווייטן און ביידע צוזאַמען מיט אַדעס בעסער פאַרשטאַנען.

נאָר נאָך די אַלע פעלער איז דאָס ביכל אין אַלגעמיין געשריבן מיט אַן אויסגעצייכנטן הומאָר און עס לעזט זיך ווירקלעך, ווי אַ דערציילונג.

דאָס ביכל איז אויך זייער ביליק: עס האַלט פיר און זעכציק זייטן, עס האָט עטלעכע נישט שלעכטע בילדער אין טעקסט — און קאָסט אינגאַנצן צען קאָפּ. מיט פּאָרטאָ! פאַר די, וואָס ווילן (און עס איז אַ יושר) דאָס ביכל פאַרשפּרייטן, גיבן מיר אויף דעם אַדרעס: מ. קאַצענעלבויגן, בוכהאַנדלונג, ווילנע.

.1895

# א. קאָטיקס עט א. ברעסלערס אויסגאַבן

א. קאָטיקס עט א. ברעסלערס אויסגאַבן. וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָלקס־ביכער. ערשטעס בוך: ווי האָבן מענטשן געלעבט מיט אייניקע טויזנט יאָר צוריק. פֿאַרפֿאַסט פֿון פֿאַוולאָוויטש. איבערזעצט דורך קאָטיק און ברעסלער.

הערט אַ מעשה, וואָס איך וועל אייך דערציילן מיט קאָטיק עט ברעסלערס לשון, מיט זייער גראַמאַטיק און לאָגיק:

די מעשה איז אַזוי: דער לעבן מיט די אָבסטאָיאַטעלסטוועס דרייען זיך, די פֿרעדמעטן מיט די פֿאָלאָזשעניעס ראַזוויוואַיען זיך. עס איז געווען אַן אומגעדענקטע צייט, וואָס אַלע מענטשן האָבן נישט פֿאַרזוכט פֿון עץ הדעת! די אַלע פֿרעדמעטן, וואָס מיר ניצן יעצט, זענען נישט באַשאַפֿן געוואָרן ערב שבת בין השמשות! אין דער פֿעריאָדע (צייט) פֿון נאַרישע, פֿאַרגרעבטע מנהגים, פֿירונגען, וואָס עקזיסטירט ביי אַמאָליקע עלטערן מיטן נישט־צייטיקן און נישט־ראַזוויטנע שכל און קליינע ספֿאָסאָבנעסטן, איז פֿאָניאַטנע, וועגן ליטעראַטור מיט אירע גוטע ליבע איינדרוק, אין זינען, ווי מיר מיינען, האָבן זיי קיין באַגריף! ביים אָטשאַג פֿון ליטעראַטור האָט זיך ראַספֿאָריאַזשאַיעט שמ״ר און אַנדערע קליינע פֿי, ווראָדע שמ״ר, זיי אַליין האָבן דערקאַזשעט איינצוסטראָיען ביכלעך און האָבן מיטן ספֿאָרטשענעם מאָזג געספֿאָלניט אַלע זאַדאַטשעס! די פֿלאַכע קריטיק מיטן וואַרפֿנדן געווער האָט נישט געהאַט די דרייסט

און די כיטראָסט צו בראַקיווען, אָביזשאַיען; זי האָט זיך, ווי אַ געפּגרט פּעגל איינגעבויגן אין אַ דוגאַ און פאַרבאַהאַלטן אין פּעטשעריס.

און שמ״רס נישט איסקוסטוויענע, נישט פּיטאַטעלנע, פאַנטאַסטיטשעסקע ווערק זענען פּאָכאָזשע אויף זשיליס און ווראָדע די גראָז, וואָס וואַקסט אַליין אויף די פעלד אָן אַ געגנשטיין, אָן אַ נאַפּאַדיעניע, נאַפּראָטיוו מיט פּאָלנע אוואַזשעניע. זיינע האָלצערנע פלאַסטינקעס, אומגעשמירט מיט ווייכע שמירונג, האָבן דעם עולם געקלונגען, ווי פּריאַטנע בובענטשיקעס און זיין לויב האָט זיך געהערט, ווי אויסשוס־קלאַפּן פון שטאָלערנע געשיקט־שיסנדע פּיסטאָלעטן!

נאָר, ווי געזאָגט — די אָבסטאָיאַטעלסטוועס דרייען זיך — און מען האָט אָנגעהויבן וואַזשנער קוקן אויף די פעלד מיט די גראָז און די אָדער יענע געוויקסע און פאַרלאַנגט פּראָבעס אויף די ווייץ, ווערן באַקאַנט מיט תבואות, קריגן פיזיטשעסקע מעגלעכקייט באַקומען שפּייז אַ חוץ די סטאַדע — שמ״ר עס קאָמפּאַניע.

עס איז געוואָרן א בורע, א סטראַשנע חאַלאַס! שלום עליכם האָט דער ערשער גערעשעט צו טאָפּטשען מיט די פּיס, אויסטשאַראַפּען די פּאָטשווע, צו שרייען: גראַביאָזש! און צו מאַכן אַ סילנע נאַפּאַדיעניע אויף שמ״רס קרעפּאָסטן און אוקרעפּלעניעס און האָט אים גאַנץ אַנגענעם געהרגעט...

און אַז שמ״ר איז שוין טויט (אָדער אין אַמעריקע), פאַרוואָס זאָלן זיך קאָטיק עט ברעסלער נישט מאַכן אַ סאָאָבשציעניע און מיט אָבשטשע סילעס, איבערזעצנדיק דעם באַרימטן פּאַוולאָוויטש, געבן נאָך אַמאָל שמ״רן אַ קאָפּ? וואָס שאַדט עס? נאָך אַמאָל געפינען אַמעריקע!

---

נאָר לצנות אָן אַ ,ייט! אפשר ווילט איר וויסן, ווי אַזוי אַ מענטש האָט זיך אויסגעלערנט רייטן? אפשר מיינט איר, אַז

פאַרצייטישע דורות זענען געווען העכער, שטאַרקער און עס האָט זיך געקאָנט טרעפן, אַז אדם הראשון איז גראָד געשטאַנען פאַרטראַכט איבער אַ רינשטאָק, בשעת אַ פערד איז אין אימפעט דורכגעלאָפן דורך זיינע צעשפּרייטע פיס. און דער מענטש איז געבליבן זיצן רייטנדיק? אפשר מיינט איר גאָר, אַז אַ מענטש האָט געוואָלט כאַפּן אַ פערד, און האָט עס טאַקע אָנגעכאַפּט ביי דער טשופּרינע, נאָר ער האָט נישט געוואָלט דאָס פערד זאָל אים בייסן, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אים אויפן רוקן און איז אַוועק רייטנדיק? אייך קאָן אויך גאָר איינפאַלן, אַז ער האָט געזען, ווי אַ פליג רייט אויף אַ פערד און האָט אויך געפרוווט דיזעלבע קונץ? פון פאַוולאָוויטשן (אויב די איבערזעצער האָבן אים געטריי איבערגעגעבן) וועט איר ערשט געוואָר ווערן דעם גאַנצן אמת; די מעשה איז אַזוי געווען: דער מענטש האָט שוין געוואוסט, וואָס מען מיינט אַ חמור אָדער אַ פערד, למשל; ביים איבערציען פון איין אָרט צום צווייטן, האָט ער זיינע זאַכן אַרויפגעלייגט אויפן „פערדס פלייצע" און דערנאָך איז אים ערשט איינגעפאַלן, אַז דאָס פערד קאָן אים אַליין אויך טראָגן, נישט גוט, האַ?

פון פאַוולאָוויטשן וועט איר געוואָר ווערן אַ שכל פון א בער, הערט! אַז „אַ בער שטייט שלעכט אין דער מלחמה (!) מיט זיינע שונאים (!), כאַפּט ער מיט די פאָדערשטע לאַפּעס גרויסע שטיקער האָלץ, מאַכעוועט מיט זיי און מיט דעם פאַרטרייבט ער זיינע שונאים!" איר האָט אַוודאי נאָך אַזוינס נישט געהערט. עס איז אייך אַוודאי שווער צו גלויבן! נאָר איר טאָרט נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז נישט דער בער פון נייַנצענטן יאָרהונ־דערט, וואָס האָט שוין לאַנג דעם שכל פאַרלוירן, נאָר אַן אַל־טער, אַמאָליקער בער, ביי וועלכן מיר האָבן זיך (לויט פאַוולאָ־וויטשן אָדער זיינע איבערזעצער) אויסגעלערנט באַנוצן זיך מיט אַ שטעקן!

דער מענטש האָט אַ מעלה, אַז ער קאָן רירן, אַרבעטן מיט זיין מאַרך פון קאָפּ, וואָס גיט אים מעגלעכקייט מיט אַזוינע זייטיקע קלוגע מיטלען דערפילן זיין געברויך, וועלכעס מיט זיין

קערפערלעכן בוי איז ער נישט אומשטאַנד דאָס צו באַקומען" און „קאָן ווארפן אַ שטיין אָדער אַ שטיק האָלץ אויף אַ ווייטע שטרעקע און הרגענען דערווייל זיין שונא, די ווילדע טיר, איידער זי אוספעיעט צו גיין צו אים", נאָר האָבנדיק מאַרך אין קאָפּ, און קאָנענדיק מיט אים רירן, האָט ער דאָך געמוזט אַ סך לערנען, איידער ער האָט געקריגן, למשל, „אונזער וויסן וועלכע שפייז און געטרענקע דערוואַרעמט דעם קערפער" ווי אַזוי „צו פאַרריכטן די פעלערן פון די נאַטור".

נאָר אַמוויכטיקסטן איז צו וויסן, ווי אַזוי דער מענטש האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכן אַ בויגן! דערצו דאַרף מען פאַרשטיין דעם דין פון עלאַסטיציטעט (דאָס צוריקשפּרונגען פון פאַרשידענע קערפער) און פאַוולאָוויטש ווייס דעם דין און פאַרציילט כהויה, ווי אַזוי עס איז געווען:

וואוינענדיק אימער אין וואַלד און קוקנדיק אויף אַלעס, וואָס געפינט זיך אַרום אים, האָט דער מענטש געמוזט נישט ווילנדיק באַמערקן די נאַטור פון די חיות, אויך די נאַטור פון די בוימער, עס האָט זיך געטראָפן, אַז וועלנדיק כאַפּן אַ פויגל (,) וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ צווייגל און איינבויגנדיק דאָס (,) אום צו כאַפּן די פייגל, ווען ער האָט גראַדע נישט ווילנדיק אָפּגעלאָזן דאָס צווייגל, איז מיטן קלאַפּ, וואָס זי האָט געגעבן, קומענדיק צוריק אויף איר אָרט, איז דאָס פויגל געהרגעט געוואָרן! דאָס האָט אים אַרויפגעפירט אויף אַ געדאַנק (,) באַנוצן זיך מיט דעם קראַפט פון איינגעבויגענעם האָלץ און אַזוי איז אַרויסגעקומען אַ באָגן".

און אַזוי איז אַרויס דער „פערוואָביטנער" אַמאָליקער בויגן! אַלע קאָנען זיך אינטערעסירן מיט דער פראַגע, ווי אַזוי אַ מענטש האָט זיך אויסגעלערנט „באַהאַלטן אויף שפעטער". מען ווייסט, אַז די ווילדע פעלקער האָבן דערפון קיין באַגריף נישט, אַז דאָ פרעסט מען צעזעצטערהייט, פאַרפעלט עסנוואַרג — שטאַרבט מען פאַר הונגער. נאָר פאַוולאָוויטש איז צו אָריגינעל, ער זאָל זיך אינטערעסירן מיט דעם, וואָס אַלע אינטערעסירן זיך. פרעגט ער פאַרקערט: ווי אַזוי האָט ער זיך אויסגעלערנט צו וויסן

## אַז פלייש קאָן מען נישט באַהאַלטן? און פאַוולאָוויטשעס שכל, געקליידט אין קאָטיק עט ברעסלערס פאָרם, ענטפערט כהאי לישנא: מען דאַרף —

געזענקען אין די גוטע צייט, אַז עס קאָנן קוממען אַ שלעכטע, אין איבערלאָזען אַ פּאָדראַטה (זאַפּאַס), דאַן ווען עס איז דאָ איבעריג אויף די צייט, וואָס וועט פעהלען. אלזאָ, נאָכדעם ווי ער האָט זיך זאָ באַטראַכט, ווען עס האָט אים געגליקט, למשל, אַמאָל אויף דער פּאָלעוואַניע, האָט ער באַהאַלטען אַ זאַיאָנץ (האָז) מיט אַ פּאָר פּעגל, ווי מען זאָגט, נאַ טשאָרני דיען, אויף מאָרגען איז איהם גראַדע איינגעפּאַללען איבערבייטען דעם אָרט. ער גייט, טראָגט זיך מיט דער משא אויף די פּלייצעס און עס איז איהם צוליעב דעם דער גאַנג שווערער, ער פּאַרמאַטערט איהם, ער קאָנן זיך נישט ריהרען, ער איז עפּעס ווי געבונדען, דעריבער האָט ער נישט געקאָנט כאַפּן צוויי הערשען, וועלכע זענען איהם פּאַרבייגעלאָפן אויפן וועג. נור פונדעסטוועגען האָט ער ווי עס איז פּאָרט געכאַפּט אַ טהירכען (אַ חיה'לע), האָט ער זיך אָנגעגעסען אוןַ גייט ווייטער און צופרידען מיט דעם, וואָס זיין זאַפּאַס איז גאַנץ און קאָן איהם נאָך דינען אַ מאָל אין אַ נויט. אין איניגע טעג אַרום איז טאַקי געקומען דער טאָג, אויף וועלכען ער האָט זיך שטאַרק געריכט און אונזער ווילדער נעמט זיך צום פּעקעל, וואו עס ליגט דער זאַפּאַסנער זאַיאָנץ, אָבער דער לעצטערער איז נישט געלעגען אויף אַ לעדניק, נאָר די הייסע שטראַלען פון דער זאָנע האָבן אים געוואַרעמט, דעריבער איז ער געוואָרען פּאַר'עפּוש'ט און פּאַרווערעמט, דער יעגער ווערט בייז אויף דעם זאַיאָנץ, וואַרפט אים אַוועק און נעמט זיך צו די פּעגעל, נאָר דאָ זעהט ער איז אויך דאָסזעלבע, ווי ביים זאַיאָנץ. „נו, קלערט ער, שוין גלייכער ליידען אַ ביסעל הונגער, איבערקוממען ווי עס איז מיט אַביסעל יאַגדעס, שוואָמען, איידער עססען אַזאַ שמוץ, נאָר צו וואָס האָט מיר נאָך געטויגט טראָגען אַזאַ פּאַרדאָרבענעם עססען, וועלכעס איך קאָן נישט געברויכען? צו וואָסערע כפרות האָב איך מיך איינגעמאַטערט מיט דעם, און לא די וואָס איך האָב מיך נאָר דערשוויצט ביי איהר, האָט זי מיר נאָך געשטערט כאַפּען דעם געשמאַקען הערש”, (

חכלל, דער ווילדער איז געקומען צו דער דעה, אַז קיין זאַכען מיט פלייש קאָנען מען נישט מאַכן..."

אַזוינע פּערל פון חכמה, שכל הישר, גראַמאַטיק און אָרטאָ־גראַפיע געפינט מען אינם קליינעם ביכל פול און פיל! אַלץ איז אָנגעוויזן „איבער איין אויער", אַלץ איז אַרויסגעזאָגט, ווי פון אַ שטומען און אַלץ איז געשריבן „נח מיט זיבן גרייזן".

עס איז אונז שווער געווען צו באַקומען דאָס אָריגינאַל, אום צו וויסן, צי האָבן מיר די אַלע דומהייטן צו פאַרדאַנקען פאַוולאָוויטשן אַליין, אָדער זיינע איבערזעצער. נאָר פאַר אונז איז עס נישט וויכטיק: גענוג, אַז דאָס פאָלק קריגט אין דער האַנט אַריין אַ ווערקל, וואָס קאָן נישט ליכטיק, נאָר פינסטער מאַכן אין מוח.

1895

# ספר הברית

דער וואַרשעווער דרוקער ט... אַרבעט לטובת הכלל! אַז די שריפט אין דרוק שטייט ליידיק – שרייבט ער אַליין אָן אַ ספר, אָדער ער פאַרריכט אַ באַנד שעקספּיר און גיט עס אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין; אַ נישט, דרוקט ער איבער דעם „ספר הברית". —

„דאָס ספר, (לויט ה' ט... שרייבט אויפן שער), האָט געשריבן בקדושה ובטהרה אויף לשון הקודש, דער הייליקער חכם — הרב רבי פנחס מווילנא ז"ל, און עס שיינט אויף די יידישע הימלען, ווי די הערלעכע זון... איבערזעצט האָט דאָס ספר דער באַרימטער מעתיק הר"ר יוסף מאיר יעבין נ"י, כדי צו באַלייכטן די אויגן פון די מענטשן, וואָס פאַרשטייען נישט קיין לשון קודש".

דער „ספר הברית" האַלט גאַנצע 106 זייטן, און קאָסט נישט מער, ווי 40 קאָפּ. און דאָך וויפיל נייעס דער יידישער לעזער ווערט דערפון געוואָר!...

לויט דעם אַלטן ספר הברית טיילט זיך נאָך די ערד אויף אַזיע, אַפריקע, אייראָפּע און אַמעריקע – פון אויסטראַליע איז נאָך קיין זכר נישטאָ... אויך טיילט זיך נאָך די וועלט, ווי אין אַריסטאָס גוטע צייטן, אויף די די אַלטע פיר יסודות: ערד, וואַסער, לופט און פייער... און גאָטס וואונדער איז, לויט דעם „ספר הברית", נישט משער צו זיין! „עס זענען, זאָגט ער,

פאַראַנגען באַשעפענישן, וואָס ווערן געבוירן פון פייער און לעבן נאָר אין פייער! אויף אַן אינזל, דערציילט דער „ספר הברית", האָט מען געזען, ווי אין אַ אויוון, וואו מען מאַכט אייזן, זענען אַרומגעפלויגן פיל לעבעדיקע פליגן, און אַז זיי זענען אַרויס פון פייער, זענען זיי געוואָרן טויט, ווי אַלע טויטע"... אַז די סלמנדרא ווערט אין פייער געבוירן, דאָס ווייסן שוין אַלע בטלנים, נאָר אויף אַן אינזל (הרוצה לשקר ירחיק עדותו — ווער עס וויל אַ ליגן זאָגן, זאָל דערציילן פון ווייטע ערטער) האָט מען געפונען אַן עקדיש, די לענג אינגאַנצן אַ פערטל אייל, גראָב ווי אַ פינגער, מיט אַ שוואַרצן רוקן, אַ גרין בייכל, און דער עקדיש האָט געהאַט אויפן רוקן צוויי בלעזלעך, ענלעך צו צוויי מכּות!... און אַזאַ עקדיש, געוואָרפן אין פייער אַריין, שפּאַרט אַרויס אַ מין שפּייעכץ, פון דעם שפּייעכץ ווערט דאָס פייער תּיכּף פאַרלאָשן און דער עקדיש — אַנטלויפט!...

ווען עס זאָלן זיין אַזוי עקדישן, למשל, אין וואַרשע, וואָלט מען פון קיין שרפות נישט געקאָנט האָבן אַ דרייער...

אויך טייכן זענען פאַראַן גאָר וואונדערלעכע! עס איז דאָ (וואו, איז נישט אייער, נישט מיין דאגה) אַ וואונדערלעכער טייך: לאַנג איז ער אַ מייל, ברייט אַ האַלבע מייל, — יעדן זומער ווערט אין אים דאָס וואַסער אויסגעטרוקנט און, ווער אין גאָט גלויבט, גייט צו און נעמט מיט די בלויזע הענט אַרויס די פיש, וואָס בלייבן ליגן אויף דער ערד!... און דער אָרעמער לעזער קרעכצט ווייטער: רבונו של עולם, ווען מיר האָבן, חס וחלילה, אַזאַ טייך הינטער וואַרשע, וואָלט אַ האַלבער „אייזערנער טויער"*) די פּרנסה פאַרלוירן... עס וואָלט געוועזן פיש — האָלץ צוגלייך...

נאָר נישט אַלע נסים זענען געפערלעך פאַר יידישע פּרנסות...

דער „ספר הברית" זאָגט, אַז דער אפודי שרייבט, אַז עס

---

*) דער וואַרשעווער פיש־מאַרק

איז פֿאַראַן אַזאַ מין פֿיש, וואָס שווימט יעדן פֿרייטיק פֿאַרנאַכט אַרויס פֿון ים און בלייבט ליגן אויפֿן ברעג ביז מוצאי־שבת... צי זינגט ער זמירות, ווייס מען נישט, נאָר שבת, אפֿנים, מאַכט ער...

און דער פֿרומער פֿיש, וואָס וויל שבת־קודש אין ים נישט שווימען, האָט פֿאַר דאָס אַ זכיה, אַז אַ קלייד, וואָס מען מאַכט פֿון זיין הויט, איז נאָך טייערער און ניצלעכער פֿאַר סלמנדראַ־בלוט און עקדיש־שפּייעכץ, ווייל „דאָס קלייד לאָזט נישט דורך נישט קיין פֿייל, נישט קיין שפּיז"? צי דאָס קלייד לאָזט אַדורך קוילן פֿון האַרמאַטן, רעדט נישט דער „ספֿר הברית", ווייל ער האָט קיין פּולווער נישט געפֿונען...

ליידער קאָנען נישט אַלע, וואָס לעבן אין ים, זיין אַזוי גוט און פֿרום! עס זענען פֿאַראַנען פֿיש־מענטשן־פֿרעסער; פֿיש וואָס שלינגען איין אַ מענטשן, ווי ער שטייט און גייט, און אַז מען שיסט אין די פֿיש אַריין אַ האַרמאַט, שפּייען זיי צוריק אַרויס פֿון זיך לעבעדיקערהייט די מענטשן...

אַזאַ פֿיש וועגט פֿיר הונדערט און פֿיר און פֿערציק פֿונט און האָט זעקס „פֿראָנדן־ציין" אין מויל. בכלל זענען די פֿיש זייער גליקלעכע באַשעפֿענישן. פֿיש אין וואַסער, זאָגט דער „ספֿר הברית", דאַרפֿן קיין שלאָף, און „אַז דער שלאָף נויטיקט זיי שטאַרק, איז פֿאַר זיי גענוג איין מינוט צו שלאָפֿן מיט אָפֿענע אויגן"... אויב דאָס לעזט אַ בעל־הבית, אַ בייטל־מאַכער, אָדער אַזוי אַ ברויט־געבער, טראַכט ער געוויס: רבונו של עולם! וואו נעמט מען אַזוינע אַרבעטער אין וואַרשטאַט אַריין! אַ קלייניקייט נישט שלאָפֿן, אָדער העכסטנס אַ דרימל!...

נאָר די פֿיש זענען נישט קיין אויסנאַם; נישט זיי אַליין זענען באַשאַפֿן געוואָרן צו דערציילן גאָטס וואונדער; שלאַנגען האָבן אויך די זכיה! „אַז אַ שלאַנג דערזעט אַ פֿויגל, צי אַ חיה (!) גיט ער נאָר אַ בלאָז, ווערט דער פֿויגל, צי דער לייב משוגע, און פֿליט אים גלייך אין מויל אַריין"! אַזאַ בריאה מיט אַזאַ בלאָז וואָלט געוויס די וועלט חרוב ונחרב געמאַכט, וואָרים די גרויסע שלאַנגען שלינגען איין נישט נאָר פֿייגל און חיות,

באַר אַפּילו מענטשן און בהמות אויך, — וואָס־זשע טוט גאָט? מוז דער שלאַנג שטענדיק קלאַפּן מיטן ווידל, מען זאָל פון ווייטן דערהערן, אַז דער „מחריב" רוקט זיך און מען אַנטלויפט! איר קלערט, אפשר, אַז איר וואָלט מוחל געווען די רפואה מיט דער מכּה צוזאַמען, אַז עס וואָלט בעסער געווען „זיין ליבער נאָמען" זאָל גאָר די שלאַנגען נישט באַשאַפן — האָט איר אַ טעות! ערשטנס, ווי אַזוי וואָלטן מיר אָן דער שלאַנג פּטור געוואָרן פון גן־עדן? צווייטנס איז אַ שלאַנג זייער אַ ניצלעכע זאַך: די שלאַנגען בייטן יעדעס יאָר די פעל, און די פעל, וואָס זיי וואַרפן אַראָפּ, זענען אַ רפואה בדוקה פאַר נשים, וואָס זענען מפּיל קינדער... אַז אַ אשה דאַרף זיך נאָר די גאַנצע ניין חדשים אַרומוויקלען דעם בויך מיט אַ שלאַנגען־הויט, און, — אויף עטלעכע מיליאָן קינדער, וועט זיכער איין משיח געבוירן ווערן! נאָך ניצלעכער, איז, אפשר, דער „פיבער־שלאַנג" פון מצרים, וואָס זיין פלייש ווערט באַנוצט אין די אַפּטייקן אויף מעדיצין און אפשר גאָר די שלאַנגען, וואָס מען פירט אַרום אין די ביידלעך און מען ווייזט פאַר פינף קאָפּיקעס?

---

מיר ווייסן שוין, אַז ביים ספר הברית באַשטייט נאָך די וועלט פון פיר יסודות, נישט מער און נישט ווייניקער. שפּעטער־צו ווערן מיר נאָך געוואָר אַ זייער אינטערעסאַנטע זאַך, אַז נישט אין אַלע באַשעפענישן זענען פאַראַן אַלע פיר! מיר ווייסן שוין, אז די סלמנדראַ און אַ געוויסער סאָרט פליגן ווערן געבוירן פון לויטער פייער. עס זענען אָבער דאָ אַנדערע ברואים, וואָס זענען געקנעטן פון לויטער ערד; אַנדערע, וואָס זענען פון לויטער וואַסער, נאָך אַנדערע פון ריינער לופט... און דער כּלל איז: אין גרויסע באַשעפענישן שטעקן אַלע פיר יסודות, אין קליינע שטעקט נאָר איין יסוד, צוויי, העכסטנס — דריי! „עס איז, למשל, פאַראַנען אַזאַ מין מויז, וואָס קומט אַרויס פון דער ערד אַליין. אַזוינע מייז, אַז מען רירט זיי אָן, צעפאַלן זיי זיך

אודאי אויף שטיקער און קיין קאַץ וויל זיי געוויס אין מויל אַריין נישט נעמען... עס זענען פאַראַן ווערעם, וואָס ווערן באַשאַפן פון עסנוואַרג... געוויסע ווייסע חיה׳לעך — פון מענטשן־שווייס... אַלץ ווי אין די אַלטע, גוטע צייטן... און אויף דער וועלט זענען פאַראַן נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אָפּגעציילטע פערציק מינים לייז, אַכצן מינים מילבן, הונדערט מינים מיקן, הונדערט און צוואַנציק מינים פליגן, הונדערט ניין און פערציק האַרנוס־פליגן!!!

און דאָס אַלץ לעבט נישט פאַר זיך, נאָר צו דערציילן גאָטס וואונדער! נאָר פון וואַנען טייל פרעש לעבן, ווייס אַפילו דער „ספר הברית" נישט; שטעלט אייך פאָר, ווי עס איז צו באַוואונדערן די מענטשן, וואָס האַקן די גרויסע שטיינער און געפינען אַמאָל אין אַ גרויסן שטיין אַ לאָך און אין דעם לאָך אַ לעבעדיקן פראָש! און דער פראָש שפּרינגט פּלוצים פון לאָך אַרויס מיט אַ געשריי! און דער שטיין איז געוועזן פאַרמאַכט פון אַלע זייטן, און דער פראָש האָט פאַרשלאָסענערהייט געלעבט און געשפּרונגען! וואו ער האָט גענומען שפּייז, ווייס איין גאָט — דער „ספר הברית" ווישט זיך אָפּ דאָס מויל און שווייגט! קודם כל האָבן מיר דערפון אַ מוסר, אַז אונזער גאַנצע זאָרג, אונזער דאגת פרנסה, אונזער כעס און האַרץ־ווייטאָק, איז נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי — אַ והא ראיה דער פראָש אינם לאָך פון שטיין, וואָס לעבט גאָר אָן שפּייז און איז דווקא פריילעך און לוסטיק, און שפּרינגט אַרום אין לאָך!

נאָר גיי רעד מיט די „היינטיקע", מיט די אפּיקורסים!...

נאָך אַ ראיה אויף דעם איז די נאַרישע מילב, וואָס שלמה המלך, דער חכם, הייסט דעם פוילן, ער זאָל זיך פון איר אַ מוסר נעמען און לערנען זיך זאָרגן פון היינט אויף מאָרגן. דער „ספר הברית" ווייס בעסער די זאַך. די מילב זאַמלט אָן תבואה אויף ווינטער גאָר אומזיסט, ווייל אַ גאַנצן ווינטער שלאָפט זי, און אַז עס קומט צוריק דער זומער, און זי כאַפּט זיך אויף, איז שוין איר תבואה אינגאַנצן דורכגעפוילט, אינגאַנצן „לא יצלח"!

---

אין פיר און פערציקסטן פרק גייען מיר איבער צום מענטש...

דער מענטש איז טאַקע מענטש, דער ספר הברית קאָן זיך אים גאָרנישט אויסלויבן, אַ פול מויל מיט זאפט האָט ער! אַ קליינינקייט, וואָס אַ מענטש איז! ערשטנס, עסט ער אַנדערע חיות ובהמות; גראָז נאָר זעלטן. אַלע חיות קאָנען נישט באַקן, נישט קאָכן, נישט זאַלצן, און — די ערשטע בעסטע קעכין טוט דאָס אַלץ טאָג־טעגלעך און אויף שבת מאַכט זי נאָך אַ קוגל! אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן טרינקען נאָר וואַסער, דער מענטש אָבער — אַלערליי משקאות; רייכע טרינקען וויין, אָרעמע קומען אָן צום מאָנאָפּאָל. קיין חיה ווייס נישט, וואָס שיין און וואָס מאוס איז, (אַזוי, ווייניקסטנס, זאָגט דער „ספר הברית") דער מענטש אָבער ווייס. חיות ובהמות האָבן דעריבער נישט קיין פאַרגעניגן פון מוזיק, מיר אָבער האָבן נחת פון חזנים, פון זמירות, וואָס מיר אַליין זינגען, און די „דייטשן" — פון אָפּערן און קאָנצערטן... אַז מען קוקט מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז אויף דעם זאָמען פון אַ מענטש, זעט מען ווי קליינע מענטשעלעך טאַנצן! און דריי שותפים האָבן דעם מענטש: גאָט, פאָטער און מוטער. דער פאָטער גיט אים: ביינער, אָדערן, געהירן און ווייסל פון די אויגן; די מוטער — הויט, פלייש, בלוט און שוואַרצאַפּל! גאָט, ברוך הוא, גיט די נשמה... אַלץ ווי אַמאָל!

נאָט אייך נאָך אַ בינטל ניצלעכע זאַכן: די העמערוידן זענען זייער געזונט און ברענגען צו לאַנג לעבן: חלומות פון סוף נאַכט זענען ריכטיקער, אַלס די חלומות פון אָנהויב נאַכט... אַ גוטן חלום זאָל מען אַפילו דעם וויַיב נישט דערציילן. אַ מענטש זעט קיינמאָל נישט אין חלום קיין טויטע בהמה, ער זאָל מיינען, זי לעבט; פאַר דאָס קומען אונז מתים צו חלום אַלס לעבעדיקע מענטשן, נאַטירלעך איז דאָס אַ סימן, אַז אַ מענטש האָט השארת הנפש... דער אונטערשיד צווישן אַ נבואה און אַן איינפאַכן חלום שטעקט דערינען, וואָס געוויינלעך קומט פריער דער שלאָף און דערנאָך דער חלום, און ביים נביא פאַר־קערט: פריער חלומט אים, דערנאָך שלאָפט ער איין... עס גייען

נאָך די אַלטע, גאר אַלטע זיבן הימלען: אַ ראָד, אין װעלכן עס שטעקט די זון מיט דער לבנה, רעדער פאַר די שטערן... נאָר די מענטשן, וואָס וואוינען אויף די שטערן, כאָטש זיי קאָנען זיין חכמים, אָבער קיין יצר־הרע און קיין תאוות האָבן זיי נישט! וואָרים די תאוות קומען פון די פיר יסודות... און אַזוי ווייטער...

נאַטירלעך וואָלטן מיר פון „ספר הברית" נישט גערעדט, ווען אונזערע יידישע לעזער זאָלן נישט האָבן אַזויפיל דרך־ארץ פאַר „זכרונו־לברכהס" מחברים בפרט און געדרוקטע זאַכן בכלל, אָדער ווען זיי זאָלן וויסן, אַז דער נאָמען „ט..." איז געווען, מען זאָל דאָס ספר נישט נעמען אין האַנט אַריין.

---

נאָר ט... איז אַ געוויינלעכער דרוקער, ער האָט זיך און זיין געשעפט אין זין... אַלס סוחר האָט ער זיך אויסגעקליבן צו האַנדלען מיט אַלטוואַרג, אַבי פרנסה... וואָס וויל אָבער

פאַרלאַג „עזרא"?

עס ליגן פאַר אונז דריי ביאָגראַפיען:

1) רבי שלמה לוריא (רש"ל) זיין לעבן און ווירקונג פון ש. א. האָראָדעצקי.

2) רבינו שמואל מאָהליווער ז"ל (ביאָגראַפיע) זיין לעבן, שטרעבן און ווירקונג פאַרן פאָלק און פאַר דער ציוניסטישער אידעע. — באַאַרבעט נאָך ר׳ יצחק ניסענבוים און אַנדערע קוועלן פון מק"ל און

3) פּראָפעסאָר צבי שפּיראָ. —

„עזרא" איז אַ ציוניסטישער פאַרלאַג. די טיטל־בלעטער (שערים) האָבן זעקס מגן־דודס און אין יעדן מגן־דוד שטייט אַ באַזונדער „ציון" — זעקס מאָל ציון! דער רש"ל האָט, נאַטירלעך, מיטן ניימאָדישן ציוניזם קיין מגע ומשא נישט געהאַט. אין זיין

צייט האָט מען נאָך פשוט געוואַרט אויף משיחן און נישט גע־
רעכנט, עס האָט קיינעם נישט געחלומט, אַז עס „וועט באַלד קו־
מען אַ צייט פון קאַפּיטאַליזם און פאַבריקן, ווען מען וועט מאַכן
אַ קאָלאָניאַל־באַנק און אויף גיך פאַבריצירן משיחלעך, — פאַר
דאָס איז פלאַמענדיק־ציוניסטיש האָראָדעצקיס פאָררעדע. ער
קלאָגט זיך מיט אַ האַרץ־רייסיקער שטימע, אַז בשעת ווען „יעדעס
פאָלק אינטערעסירט זיך זייער פיל מיט זיין געשיכטע, מיט וועל־
כער צוזאַמען דאָס פאָלק גופא איז געבוירן (!) און ווערט מיט
איר צוזאַמען, אַנטוויקלט און פאַרגרעסערט (!) מאַכט זיך דאָס
יידישע פאָלק דערפון גאָרנישט!” ער דערציילט דעם יידישן לע־
זער אַ העברעישן וויץ פון גרויסן גאון ר׳ יחיאל היילפּערין אין
זיין הקדמה צום „ספר הדורות”, וואו „ער זאָגט מיט איראָניע”,
אַז, „ווען מען זאָל אַזעלכע לייט (וואָס ווילן פון היסטאָריע
נישט וויסן) זאָגן, למשל, אַז המן איז געווען פאַר דער צייט
פון כלכל והימן, אָדער זרח — פאַר תרחן — וואָלטן זיי געגלויבט!”
נאָר האָראָדעצקי פאַרזיכערט אונז, „אַז עס איז צום וויינען, ניט
צום לאַכן. די קליינע אינטערעסע פון יידישן פאָלק צו זיין
אייגענער געשיכטע ווייזט אונז בהוש, ווי ווייט מיר זענען צו־
ריק אָפּגעשטאַנען (?) אין אונזער נאַציאָנאַליסטישן זעלבסט־באַ־
וואוסטזיין... דאָס הייסט: מיר האַלטן זיך פאַר טויט, פאַרשטיי־
נערט נאָר פאַר אַ מומיע פון דער אַלטער צייט...” און — אַז
האָראָדעצקי כאַפּט זיך אַרויף אויף די שטעלצן, וויל ער
שוין נישט אַראָפּ. ערשטנס, שיט ער אויסגעדראָשענע מליצות
וועגן פאָלק, וואָס וויל נישט וויסן, וואָס אין זיין יחוס־בריוו
שטייט, ווייל ער „שפּירט גאָרנישט אין זיין טיפן שלאָף, עס
חלומט זיך נאָר פאַרשידענע חלומות, חלומות... רק חלומות”.
דערנאָך גייען צוויי און אַ האַלב שורות מיט פּינטעלעך, דאָ
האָט האָראָדעצקי כמעט ווי געחלשט! דערנאָך כאַפּט ער זיך
פּלוצים אויף!” און זיינע שונאים? — שרייט ער — זיי פרייען זיך...
זיי מיינען ער גוסעט שוין, באַ״ד שטאַרבט ער, באַלד גייט
ער צראָפּ פון דער סצענע...” אינגאַנצן דריי פּינטעלעך, און איין
אויסגעשריי: — „אָבער גאָר לא!” און ער דעקלאַמירט זיך ווײ־

טער: — „ישראליק איז נישט שוואַך מחמת עלטער, ער גייט נישט אויס, ער האָט נאָך אין זיך גענוג קראַפט, גרויסע כוחות"... מיר זעען, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ ברענענדיקן נאַציאָנאַליסט — ציוניסט, וואָס פאַרגעסט אַמאָל אין די היץ אָן גראַמאַטיק, אָן לאָגיק. און מיר כאַפּן זיך געשווינד צום „ספר" אַליין... מיר ווילן וויסן מיט וואָס דער רש"ל וועט אויפבלאָזן דעם פונק פון פאַרלאָשענעם פאָלקס־באַוואוסטזיין, מיט וואָס ער וועט אונז אויפפרישן די אַלטע ביינער, לעבעדיק מאַכן דעם איינגעפאַלמעסטן פגר?... און נאָך דער הויך אויפגעבלאָזענער דעקלאַמאַציע ווערן מיר געוואָר פון האָראָדעצקיס מויל, אַז דער רש"ל איז געבוירן געוואָרן אין טויזנט פינף הונדערט און צען, אַז ער שטאַמט פון רש"י, אַז ער האָט געהאַט אַ שאַרפן שכל און אַ פעסטן כאַראַקטער, אַז מיר באַגעגענען אים שטענדיק (וואו? ווער? מיר, אָדער דער רש"ל?) אין איין האַנט אַ פעקל מיט אמת... (אַ שיין פעקל?!!) און אין דער צווייטער — אַ פעדער (נישט פון אַ גאַנז, חלילה, נאָר) פון שאַרפער קריטיק. אַז זיין תלמיד ר' יחזקאל לאַנדוי לויבט „זיין האַרץ פון אַ לייב..." אַז דער רש"ל פלעגט אָפּווענדן דעם „אבן־עזרא", רמב"ם, רמב"ן, רלב"ג, רשב"א, הר"ן...

דער אָרעמער יידישער לעזער, וואָס האָט ווייניק געהערט פון די גרויסע לייט, מוז, נאַטירלעך, גלויבן האָראָדעצקין אויפן וואָרט, נאָכזאָגן אים, אַז דער רש"ל „איז נישט געווען קיין שפענדל, וואָס שווימט אַהין, וואו דאָס וואַסער טראָגט, נאָר שטענדיק וואו זיין שיפס־קאָמפּאַס, זיין שכל הישר ווייזט, ס'מעג זיין קעגן די גרעסטע ים־כוואַליעס". ער וועט אַפילו נישט פרעגן: אדוני האָראָדעצקי, פון וועלכן פינגער האָט איר עס אויסגעזויגט?... אַ מחבר פרעגט מען נישט... אַז ער זאָגט, זאָגט ער... ווען ער זאָל וועלן קרעדיט אויף געלט, נו, וואָלט מען געפרעגט: ווער ביסטו, וואָס האָסטו? אָבער קרעדיט על חשבון הרש"ל — מהיכי תיתא, גאַנצע בערג; און דער לעזער לעזט ווייטער, און ער ווערט געוואָר אַ גרויסן חסרון פון רש"ל! — ער האָט פיינט געהאַט די „חכמי־צרפת", ער, דער רש"ל, איז גע־

וועזן אַ מקובל און, די חכמי־צרפת — פילאָזאָפן. אריסטון רופט דער רש״ל אָן „ערל טמא״. האָראָדעצקי איז מודה, אַז עס איז אַ חסרון, נאָר „אַזוי ווי אַ פּאָטרעט מוז האָבן, עס זאָל ריכטיק זיין, אַלע אָסאָבע פּרימעטעס! פון זיין געמאָלטן פּאַרשוין, אַזוי מוז ער געבן דעם רש״ל צוזאַמען מיט זיין בראָדאָווקע, וואָס מאַכט העסלעך זיין פּנים״. נאָר האָראָדעצקי האָט זיך אַביסל דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע ווערטער און דרייט צוריק דעם לעדערנעם דישעל — זיין שכל הישר — און שרייבט: „די פּאַרדאָרבענע מדות פון דער פּאָלקס־מאַסע (?) פון איין זייט, און די גראָבע אויפפירונג פון די דאַמאָלטיקע רבנים (?) פון דער אַנדערער, האָבן אונזער גאון דערלאַנגט „עד הנפש״ און דעריבער האָט ער געוואָלט „באַזייטיקן אַלעס, וואָס קאָן אין אַזעלכע אומשטענדן שעדלעך זיין פאַר דער רעליגיע. ער האָט אַלזאָ אַרויסגעטראָטן קעגן די יידישע פילאָזאָפן, נישט אַזוי אַלס מקובל, ווי אַלס גרויסער רעליגיע־און זיטן־פּאַרטיידיקער, ווייל ער האָט געזען, ווי אַ חכם הרואה את הנולד, אַז אין זיין שוואַכן דור (?) איז די פילאָזאָפיע סם פאַרן יידנטום״. מיט איין וואָרט, ס'איז אַלץ ריכטיק, והא ראיה: דער אייגענער רש״ל, וואָס האָט זיך אַרומגעריסן מיט די ליכטיקסטע מענער, ווי דער אבן־עזרא, רמב״ם, רלב״ג און האָט זיי אָפּגעווענדט מיט שאַרפע ווערטער, — דער אייגענער רש״ל האָט די העזה נישט געהאַט אַרויסצוטרעטן קעגן קלענסטן יידישן מנהג, וואָרים, ווי האָראָדעצקי שרייבט, „דאָס, וואָס דאָס לעבן פון יעדן פאָלק פאָדערט, לאָזט זיך נישט קריטיקירן (!) דאָס איז דער אמת אַליין״. נאַטירלעך מוז מען וויסן דעם חלוק פון אַ מנהג, וואָס דאָס לעבן פון פאָלק פאַרלאַנגט, און צום ביישפּיל, אַ מנהג, וואָס יונגע לייט מאַכן זיך צום טאנצן מיט דאַמען אויף חתונות; קעגן דעם צווייטן מנהג אין דער רש״ל טאַקע אַרויסגעטראָטן מיט אַלע כחות...

וואָס דער רש״ל איז געוועזן, וואָס איז געוועזן זיין שיטה (זיין סיסטעם) אין לערנען, וואָס האָט ער באַקומען פון זיינע לערער, פון זיין דור, און וואָס איז זיינס געוועזן? אויף אַזוינע פראַגן ענטפערט האָראָדעצקי נישט... ער

שלאָגט זיך דורך מיט אויסגעדראָשענע מליצות, מיט אַביסל דייטשע, לשון קודשע און אַליין געמאַכטע ווערטער... דער לע־זער בלייבט לער, ווי פריער, אויב עס קלעפּן זיך אין אים נישט אָן עטלעכע האָראָדעצקיס שפּראַך־בלומען...

און כאָטש פאַרלאַג „עזרא״ אַרבעט לטובות הכלל, מוזן מיר זאָגן, אַז פאַר די עטלעכע ווערטער וועגן אַ מקובל, וואָס פלעגט שאַרף אַרויסטרעטן קעגן אבן־עזרא, רמב״ם וכו׳ און קעגן יונגע לייט, וואָס טאַנצן מיט דאַמען — פאַר די עטלעכע ווערטער טאָר מען ביים פאָלק נישט צונעמען אַ שעה צייט צום לעזן און דערצו נאָך אַכט קאָפּ. באַרעס געלט. אין דער שטונ־דע וואָלט ער געקאָנט געוואָר ווערן עפּעס ווירקלעך ניצלעכעס, און פאַר אַכט קאָפּ באַקומט מען 8 פרישע בייגל ביים בעקער און, אפשר, נאָך מיט אַ צולאָג...

נאָר מיר גייען דערוויל ווייטער, מיר ווילן זיך באַ־קענען מיט

## ר׳ שמואל מאהליווער ז״ל.

אונזערע טאַטעס און זיידעס, ווי ביז היינט דאָס פּראָסטע פאָלק, זענען קיין רגע נישט מסופק געוועזן, אַז יידן זענען אַ פאָלק. קיין איינציקע שפּראַך האָט נישט אַזויפיל נעמען צו באַצייכענען דעם באַגריף „פאָלק״, ווי די העברעישע. מיטן „פאָלק ישראל״ איז פול דער דיקער סידור, וואָס יעדער ייד האָלט דריי מאָל אין טאָג אין האַנט. איבערן „פאָלק ישראל״ פאַרגיסן אונזערע ווייבער תחנות־טרערן אָן אַ שיעור; אין יידישן טעאַטער הערט מען מאָגערע, פעטע, לאַכנדיקע, וויינענ־דיקע און וויציקע קופּלעטן, אַלץ אינאייינעם פון „פאָלק ישראל״...

ווי האָבן זיך אונזערע טאַטעס און זיידעס נוהג געוועזן מיטן שטאָלץ, מיטן שיינדל פון דער אומה — מיט אירע גרויסע לייט? האָט אַ ייד אַ גביר אַ גרויסע נדבה געגעבן, דעם כלל אַ גרויסע טובה געטאָן, האָט מען עס פאַרשריבן אין פּנקס לזכרון פאַר דער שטאָט, פאַר דער קהלה, ווייל באַ־שענקען „כל ישראל״ האָט מען דאַמאָלט נישט געקאָנט; האָט

אָבער אַ ייד אַ ספר געשריבן, האָט ער אַ מתנה געגעבן פאַר אַלע יידן, פאַר אַלע דורות האָט מען דאָס ספר אין בית־המדרש אַריינגעשטעלט, האָט עס כל ישראל געלערנט. האָט פון אים כמעט יעדעס חדר־ייִנגל, בפרט יעדער ייד אַ למדן, געוואוסט. אונזערע „משכּילים״ פון די צוויי פריערדיקע דורות האָבן אַ סך טייטש־ווערטער נישט געקענט: וואָס הייסט אַ פאָלק? אַ פאָלק האָט ביי זיי געהייסן אַ חברה מענטשן, ווי די פעלקער אַרום. דאָס הייסט מיט אַ מלוכה, מיט אייגענער פּאָליציי, מיט אייגענע שטריימלעך, וואָס האָבן די ממשלה אין די הענט, אַ פאָלק מיט פּאָליטיק, הארמאַטן... מיט איין וואָרט — אַ חיה רעה מיט ציין און נעגל, וואָס, אַז זי טרעפט אַן אַנדער חיה אויפן וועג, מוז זי איר אַריין מיט ציין און נעגל אינם לייב!...

דערפון קומט אַרויס, אַז מיר אָרעמע יידן, וואָס האָבן צו שוואַכע ציין און נעגל, וואָס האָבן שטריימלעך אָן ממשלה, גבאים אָן פּאָליציי צו הילף — נאָר הוילע, אָנגעבלאָזענע „פּני״ — אַז מיר יידן זענען גאָר קיין פאָלק, אָדער כמעט גאָר קיין פאָלק נישט. און ווייל עס ווילט זיך טרייבן פּאָליטיק, מען מוז זיך די ציין שאַרפן, מען מוז זיין אַ חיה רעה — על כן מוז מען אַרויס פון דער אייגענער שאָפענער הויט און אַריין אין אַ הויט פון אַן אַנדערער חיה, מוז מען ווערן פראַנצויזישע, דייטשע, ענגלי־שע און אַנדערע חיות... מיר האָבן נאָר אַ רעליגיע, טיילמאָל דאָס אויך נישט, און געגוג...

אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די אַנדערע חיות באַ־שטייען נישט אויפן שדוך, איז באַטירלעך אַ גערודער געוואָרן; אַ גערודער, פון וועלכן דאָס יידישע פאָלק, די מאַסע, ווייסט גע־וויס נישט אַ וואָרט, נאָר אַ „משכּילים־גערודער!״ די ווייַנטרויבן זענען הויך, זענען זיי צו זויער! אויס אַסימילאַציע — הוררא נאַציאָנאַליטעט!...

און אויב נאַציאָנאַליטעט, מוז מען האָבן גרויסע לייט, מען זאָל שרייבן זייערע מאָנאָגראַפיען, — ביאָגראַפיען... נו, היינע, בערנע, ווען אַפילו שפינאָזע, זענען דערצו שוין נישט באַקוועם; געלערטע פעלן היינט אויך נישט, אַפילו נ י ש ט געטויפטע,

באָר — ווער ווייס פון זיי? פאַרלאַג „עזרא“ אין בערדיטשעוו גע־וויס נישט. און איידער צו זוכן, אָדער נאָכצופרעגן, זאָל זיין, וואָס עס קומט אונטער דער האַנט...

געשריבן שוין פון רש״ל, ווער גייט יעצט? דער ביאַלי־סטאָקער רב! אַ פרישער „זכרונו לברכה“, ווע ט ע ר זיך לאָזן אויפבלאָזן! און מען האָט אים אויפגעבלאָזן! וואָס ווערן מיר גע־וואָר פון אַלע צוואַנציק זייטן דרוק פאַר אַכט קאָפּ? מען דער־ציילט אונז, אַז „דאָס יידישע פאָלק בכלל, און די ציוניסטישע באַוועגונג בפרט, האָבן די לעצטע צייט געליטן זייער שווערע דונער־שלעק: עס האָבן אונז געפעלט (?) די גרעסטע און בעסטע מענער, די מענער, וואָס האָבן מיט זייער תורה און הכמה באַ־לייכט און באַשיינט די גאַנצע יידישע אומה (???), וואָס זענען ווי אַמאָל דער „עמוד אש“ געגאַנגען פאַר זייער פאָלק, און געפירט איבער דעם שווערן וועג, וואָס גייט קיין ציון“. ווער די מענער זענען, ווייסן מיר נישט און ה׳ מק״ל געפינט נישט פאַר נויטיק אָנצורופן זיי ביי די נעמען; ער פאַרזיכערט אונז, אַז „שרעק־לעכער און טיפער פון אַלע (?) האָט אונז געטראָפן דער טויט פונם גרעסטן (?) און בעסטן (?) מענטשן, פון פאָלקס־באַליבטן (?) רב, רבי שמואל מאָהליווער!“

„איבערצוגעבן דעם טיפן טרויער איז (נאַטירלעך!) נישט מעגלעך, דאָס איז נישט אימשטאַנד קיין מענטשלעכע פעדער, נאָר דאָס האַרץ איז פאַרשטיינערט (ביי וועמען?) און די אויגן (ביי וועמען?) גיסן קוואַלן טרערן! לײדער אָבער אַזוינע טרערן פון וועלכע „עס ווערט דעם האַרץ ניט גרינגער“, ווייל דאָס זענען טרערן פון פאַרצווייפלונג; טרערן פון שיפסלייט, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער קלוגן און טרייען קאַפּיטאַן, סאַמע אין דער מינוט, ווען די כוואַליעס פון ים (?) פּאַטשן אַזוי גרוילעך (?) און פאַלן אָן אויף דער שיף (?) אָט, אָט שלינגען זיי זי איין“ (?). דאָס איז דער ווייבעריש־נאַרישער, אויפגעשוואָלענער הספד פון מקל״ס צד; „רבי יצחק ניסנבוים הי״ו, איז אויך אַ גוטע „זאָגע־רין“ און אַ „קלאָגערין“, מען מעג אים דינגען אויף אַלע לויות. ער שרייבט און מק״ל זאָגט איבער: „מיין טרער איז נישט מער,

ווי נאָך איין טראָפּן פון ים פון טרערן, וואָס זענען פאַרגאָסן געוואָרן אויפן קבר פון אונזער (?) רבין. מיין קלאָג — נאָך איין זיפץ אויפן גרויסן בראָך (!), וואָס אונז האָט געטראָפן (!)". זיין טרער איז אָבער „ברענענדיק הייס" און זי „וועט אפשר דער־ווארעמען די פאַרגליווערטע הערצער", זיין זיפץ איז שטורמיש און טיף, וועט ער פילייכט אויפוועקן די פאַרשלאָפענע ברידער, אַז זיי זאָלן זיך אַרומקוקן אויף וועלכן וועג (?) דער רבי איז געגאַנגען און וואָסערע מעשים (?) ער האָט געטון און אים נאָכ־גיין (אין קבר אַריין (?), און נאָכטון!" (און שטאַרבן?...)

איך שטעל מיר פאָר, מיט וואָס פאַר אומגעדולד דער אָרעמער לעזער נעמט זיך געוואָר צו ווערן, ווער דאָ איז גע־שטאָרבן! גאָט ווייס, וואָס פאַר אַ נייע וועגזמען וועט אונז ווייזן; וואָס פאַר אַ מעשים מען וועט אונז דערציילן! נאַטירלעך, מיין איך נישט די ציוניסטן, וואָס ווייסן, אַז ר' שמואל מאָהלי־ווער איז געוועזן אין פּאַריז און גערעדט מיט ראָטשילדן אַליין, און זענען דערמיט יוצא! אויך מיין איך נישט קיין ביאַליסטאָקער בעלי־בתים, וואָס האָבן זייער רב געקענט און זענען, ווי עס איז, צופרידן פון כבוד, וואָס שטראַלט אַראָפּ פון גרויסן רב אויף קהלשע קעפּ... און זיי פרעגן זיך נאָר שטילערהייט: מה הרעש? מאַלע אַ רב געווינט אויף דער לאָטעריע?...

איך רעד פון פשוטן יידישן לעזער, וואָס וואוינט ערגעץ אין „תפוצות ישראל", וואָס ווייס, אַז עס איז פאַראַן אַ שטאָט ביאַליסטאָק מיט וואָל־זייד־ און טוך־פאַבריקן, וואָס שטויסט זיך, אַז אין ביאַליסטאָק איז געוויס דאָ אַ רב און ווערט פון ר' יצחק ניסנבוים (פּער טעלעפאָן — מק"ל), געוואָר, אַז דער רב איז נפטר געוואָרן!

אַזאַ לעזער, וואָס ווייס נישט, אַז ער איז נאָר איינער פון די פיר—פינף מיליאָן יידן אין רוסלאַנד, וואָס האָבן פון ר' שמואל מאָהליווער נישט געוואוסט — אַזאַ לעזער, אַז ער הערט פון „ים־טרערן", פון „שיפסקאַפּיטאַן", פון „כוואַליעס", פון „אַ בראָך" אויף „כל־ישראל", — כאַפּט ער זיך נעבעך מיט אַ

פאַרקלעמט האַרץ צום ספר און וויל וויסן ווער און וואָס אויף קלאָר, און – ווייטער דאָס זעלבע – וואָס ווערט ער געוואָר פאַר זיינע בלוטיקע אַכט קאָפּ. און אַ שעה צייט? אַז ר' שמואל מאָהליווער איז געבוירן געוואָרן, גוט ערצויגן געוואָרן, אין ,שיבה געלערנט, רב געוואָרן, פריער אין גלובאָקא, דערנאָך אין ביאַליסטאָק; – אַז ער האָט געוואוינען אויף דער לאַטעריע; פלעגט געבן אַ שיינע נדבה, געוואָרן אַ חובב ציון, געוועזן אין פּאַריז, אַהיים געקומען, קראַנק געוואָרן און – – געשטאָרבן!...

אָט מער ווייס נישט ר' יצחק ניסנבוים און זיין טעלע־פּאָן מק"ל, און מער איז געוויס נישט געוועזן... און דער אָרעמער לעזער שטעלט זיך אָפּ, זאָגט מיט אַ זיפץ: „ברוך דין אמת" און פרעגט זיך אויך שטילערהייט: מה הרעש? פאַר־וואָס קומט אַכט קאָפּ. צי איז דער רעש דעריבער, וואָס ר' שמואל מאָהליווער פלעגט „פאַרבייגן דעם אמת פאַרן שלום?..."

מיר וועלן איבערגיין צום

## פּראָפעסאָר צבי שפּירא.

דער שער זאָגט צו:

„זיין לעבן, שטרעבן און ווירקונג פאַרן פאָלק און פאַר דער ציוניסטישער אידעע" – און אויך זייער אַ וויכטיקער מאמר וועגן ציוניזם, וואָס דער פּראָפעסאָר „זכרונו לברכה (!), האָט געשריבן אין זשאַרגאָן אַ פאָר וואָכן פאַרן טויט... מיט פּאָרטרעט, – באַאַרבעט דורך יצחק ווערניקאָווסקי, סטודענט פילאָזאָפיע".

דער שער, זעט איר, וואָלט געפּאַסט פאַר ט... און דער אַריינפיר אין די ביאָגראַפיע איז אַביסל ענלעך צו מקל"ס הקדמה... אָנגעשוואָלן, אָפּגעדראָשן און לעכערלעך! און דער פּראָפעסאָר צבי שפּירא האָט עס נישט געברויכט! ער איז געוועזן נישט קיין געמאַכטער, נאָר איין אמתער געלערטער; אַזוינער, וואָס האָט זיך קראַנק געלערנט, מיט ברויט און וואַסער, און

טייטלמאָל אָן ברוים און וואַסער געלערנט, און איז נישט געווען קיין אויפגעבלאָזענער, נאָר אַווירקלעכער יידישער פּאַטריאָט גע־ווען, מיט איין וואָרט — אַ מענטש מיט קאָפּ און האַרץ! זיין ביאָגראַפיע האָט דעריבער נישט באַדאַרפט קיין אויפגעבלאָזענע געשוואָלענע הקדמות... דאָס איז דאָך נישט קיין אונטערן־אויוון־רבל, וואָס ווערט ערשט גרויס, אַז חברה פּאַלט איין און שטעלט אים זיך אויפן קאָפּ, אָדער וואַרפט אים „הוררא" אין דער הויך! ווי אויך קיין וויסטער למדן, ער זאָל זיך אַרומשלאָגן מיט ייִנגען, וואָס „טאַנצן מיט מיידן אויף חתונות, און ציטערן דערביי פּאַר אַ „מנהג ישראל..."

דער פּראָפעסאָר שפּיראָ איז געבוירן געוואָרן ב' אלול תר', אין אַ קליין שטעטל, קאָוונער גובערניע. נישט דער „סטו־דענט פילאָזאָפיע" וו ע ר נ י ק אָ ו ו ס ק י און נישט „פּארלאַג עזרא" האָבן זיך די מי געגעבן דורכצוזען דעם פּראָפעסאָרס פּאַפּירן געוואָר צו ווערן, ווי דאָס שטעטל הייסט. און האָך איז עס געווען אַ גאַנץ לייכטע זאַך מיט אַ בריוו צו פאַרזאָרגן! געווען איז ער אַ גמרא־ייִנגל, אַן עלוי, צו זעכצן יאָר האָט ער באַקו־מען סמיכה אויף רבנות. אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער (וויפיל יאָר?) איז ער געוואָרן רב און ראש ישיבה אין אַ קורלענדיש שטעטל (ווי הייסט עס?). נאָך קינדווייז האָט ער געהאַט אַ גרויסן חשק צו מאַטעמאַטיק, און דעריבער האָט ער זיך אויף דער שטעלע נישט געקאָנט לאַנג אויפהאַלטן, און איז אַרויס קיין אויסלאַנד שטודירן. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין לאָנדאָן (ווען, ווי לאַנג?), אין בערלין (ווען, ווי לאַנג?) אָן ברויט, אָן באַקאַנטע, אָן הילף, פּלעגט נישט האָבן קיין נאַכט־לעגער. אין הערבסט־צייט פלעגט ער דורכשפּאַצירן גאַנצע נעכט ביים טיר־גאָרטן, ער האָט זיך פונדעסטוועגן פאַרבערייט און איז אַריין אין בערלינער געווערב־אַקאַדעמיע. נאָר, ווי מען זאָגט, דער הונגער איז קיין פריינד, עס האָט אים דאָס געזונט גע קאָסט און ער איז קראַנקערהייט געקומען קיין אָדעס, וואו ער איז אָפּגעלעגן ניין מאָנאט אין שפּיטאָל.

אין וועלכן יאָר? פאַרוואָס גראָד קיין אָדעס? אויף וואָס

איז ער קראַנק געווען? דאָס ווייס ווערניקאָווסקי נישט, און „פאַרלאַג עזרא" האָט נישט געפונען פאַר נויטיק געוואָר צו ווערן.

די דאָקטוירים האָבן אים פאַרזאָגט דאָס שטודירן, און ער האָט געמוזט אָננעמען אַ שטעלע פון אַ בוכהאַלטער אין אַ קאַנ־טאָר (וואו, ווען?). אַ פּאָר יאָר איז ער געווען אויף דער שטע־לע, דערנאָך האָט ער זי פאַרלאָזט (פאַרוואָס?) און איז אַליין סוחר געוואָרן און געהאַנדלט (געוויס מיט סחורה!) אין אָדעס און זשיטאָמיר, און האָט אָפּגעשפּאָרט געלט צוריק צו פאָרן קיין בערלין. אין טויזנט אַכט הונדערט און זיבעציק איז ער שוין (?) געווען אין בוקאַרעסט (אויפן וועג קיין בערלין?) אין דער טער־קישער קריג (נאָך וואָס?) דערנאָך איז ער צוריק געקומען קיין בערלין, וואו ער האָט אַ פּאָר יאָר געלערנט. דערנאָך איז ער קיין היידעלבערג אַוועק, און ווייטער אַ פּאָר יאָר געלערנט. אין טויזנט אַכט הונדערט אײן און אַכציק האָט ער באַקומען דעם טיטול „דאָקטאָר". אין טויזנט אַכט הונדערט זיבן־און אַכ־ציק איז ער געוואָרן פּראָפעסאָר אין היידעלבערג, וואו ער איז געבליבן שוין ביזן טויט. געשטאָרבן איז ער דעם ניינטן מאַי (דאָס יאָר שטייט נישט) און גאָר! וואָס דער פּראָפעסאָר שפּירא האָט געווירקט אין דער מאַטעמאַטיק, פון דעם ווייס ה' ווער־ניקאָווסקי נישט אַ וואָרט, פאַר אים איז גענוג, אַז דער פּראָפעסאָר איז באַגראָבן געוואָרן „אויפן קעלנער בית־עלמין, וואו עס רוען הונדערטער קדושים..."

רירנד איז געווען דער קורצער הספד, וואָס דער קעלנער ראַבינער האָט געהאַלטן.

„אַ נע־ונד ביסטו דיין גאַנץ לעבן געווען, גלייך מיט דיין פאָלק! נע־ונד ביסטו געפאַלן אין דער מלחמה פון דיין פאָלק, און דאָך, נישט אין דער פרעמד ביסטו געשטאָרבן, ליבער שפּיראָ! דו ביסט אין דיין לאַנד געשטאָרבן, ווייל דיין לאַנד איז געווען די אידעע, די וויסנשאַפט"!

אויך ווייס ער, אַז דער פּראָפעסאָר שפּיראָ האָט גע־

שריבן ווערק. טייל זענען געדרוקט, טייל זענען נאָך אין כּתב־יד, מאַנכע — נאָך נישט געענדיקט.

כאַראַקטעריזירן דעם פּראָפעסאָר שפּירא אַלס ציוניסט איז אויך דעם סטודענט פילאָזאָפיע געווען צו שווער, און אין דעם פאַך איז ער אויך יוצא מיט הויכקלינגענדיקע ווערטער, פון וועלכע מען קאָן קיין טראָפּן באַגריף נישט אויסדריקן. „צו שרייבן די ביאָגראַפיע פון פּראָפעסאָר שפּירא — הייסט באַשרייבן דאָס לעבן פון די יידישע פאָלק אין די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר!" קורץ און שאַרף! מיר ווייסן נאָר, אַז דער פּראָפעסאָר שפּירא איז געווען אַ ציוניסט און דערצו אַן אידעאַליסט. די הויפּט־זאַך איז ביי אים געווען צו עפענען אַ יידישן אוניווערזיטעט אין ירושלים; אין טויזנט אַכט הונדערט און אַכציק האָט ער געגרינדעט אַ חברה יידישע סטודענטן אונטערן נאָמען „ציון". ער האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּילט אין קאָנגרעס אין באַזעל, נאָר פון דעם וועט דער סטודענט פילאָזאָפיע רעדן „אויף אַן אַנדער אָרט". דאָ וויל ער נאָר באַמערקן, אַז דער פּראָפעסאָר שפּירא איז זייער פרום געווען, כּמעט פאַנאַטיש, און האָט מער געהאַלטן פון דער ציוניסטיש־נאַציאָנאַלער באַוועגונג אַלס פון פאָלקס־בילדונג.

„אויסבילדן אַ פאָלק — שרייבט ער — איז נישט אַ שווערע זאַך (!) אין איין דור קענט איר (?) אויפהויבן אַ לעבעדיק פאָלק ביז צו דער העכסטער שטופע פון בילדונג (ווי אַזוי?). אָבער שווער איז, מיינט דער פּראָפעסאָר, אַריינצובלאָזן אַ לעבנס־גייסט..."

מיר מיינען פאַרקערט, און עס האָט זיך אויך אויסגעוויזן, אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטיק איז זייער לייכט צו פירן! ביי יעדן פאָלק אין האַרץ ליגט אונטערן אַש נאָך נישט דורכגעברענטע נאַציאָנאַל־קוילן, און עס איז זייער לייכט צו זיין אַ דערולעד. אַ שטעקער, אַ סוואָרין, אָדער אַ ניי מאָדישער קעלעמער מגיד. אַ בלאָז צו טון, דאָס פייער זאָל אויפפלאַמען, בשעת די פאָלקס־בילדונג שוויצט אויף שריט און טריט און רירט זיך נישט פון אָרט...

---

מיר האָבן פאַרייניקט אַלע דריי ביאָגראַפיען, וואָס דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן, דעריבער, ווייל אַלע דריי צוזאַמען מאַכן, גלייך מיטן „ספר הברית", זייער אַ שלעכטע ווירקונג אויפן לעזער.

ער ווערט געוואָר: אַז מען מעג רעדן אויפן „אבן עזרא" מיטן רמב"ם, נאָר נישט רירן אַ יידישן מנהג... אַז מען מעג פאַרבייגן דעם אמת, אַבי שלום, און אַז פאָלקס־בילדונג — איז גאָרנישט אַזוי וויכטיק... אַזוי זאָגט דער רש"ל, דער ביאַליסטאָקער רב, דער פּראָפעסאָר שפּירא...

אונזער לעזער איז צופיל אָנגעבילדעט, ער זאָל וויסן, אַז אַ שוסטער דאַרף מאַכן שטיוול און דער בעקער בייגל: אַז ביים רש"ל דאַרף מען לערנען פאַרשטיין אַ גמרא, דעם ביאַליסטאָקער האָט מען געמעגט אויף זיכער פרעגן אַ „טעפל־לעפל"־שאלה, אָדער נאָכן געווינען אויף דער לאָטעריע, בעטן אַ נדבה... און — אַז ביים פּראָפעסאָר שפּיראָ האָט מען זיך געמעגט לערנען מאַטעמאַטיק, ביים פּראָסטן עולם איז אַ גרויסער מאַן גרויס אין אַלעם: אַ גוטער בעקער קאָן געוויס שטיוול אויך מאַכן! און דעריבער זאָגן מיר נאָכאַמאָל, דער פאַרלאַג „עזרא" מעג שותפות מאַכן מיטן וואַרשעווער דרוקער ט...

1900

# זשעראָמסקיס „מענטשן אָן א היים“

איינער פון די פוילישע יונגע שריפטשטעלער, סטעפאַן זשעראָמסקי, האָט אויפגעריררט די גאַנצע פוילישע ליטעראַטור מיט זיין דערציילונג אין צוויי טייל: „מענטשן אָן אַ היים". דע אינהאַלט פון דער דערציילונג לאָזט זיך גאַנץ קורץ איבערגעבן.

דר. יודים, דער העלד פון דער דערציילונג, האָט געענדיקט אַלס אַרצט אין פאַריז, וואו ער האָט זיך צוגעזען צום נישט-געזונטן לעבן פון דער גרויסער מאַסע אביונים אין די גרויסע שטעט ווי אויך צו דעם, וואָס די דאָקטוירים טוען דאָרט, כדי דאָס אָרעמע לעבן צו פאַרבעסערן. ער קומט צוריק קיין וואַרשע, וואו ער טרעפט דעמזעלבן דלות, פול מיט פרעמדע און אייגענע פלעגער, ווי אַזוי צו קומען דעם אָרעמען קלאַס צו הילף. „איין שוואַלב קען קיין זומער נישט מאַכן", וויל ער, אַז זיינע חברים זאָלן מיטאַרבעטן, און צו דעם צוועק האַלט ער פאַר זיי אַ פאָרלעזונג. די פאָרלעזונג האָט קיין גוטן איינדרוק נישט געמאַכט. די קאָלעגן זענען באַשעפטיקט נאָר מיט פראַקטיק, מיט געלט פאַרדינען. מעדיצין, מיינען זיי, איז אויך אַ פאַך; ווי שוסטעריי, סטאָלעריי און דערגלייכן. יעדער פאַכמאַן איז נאָר מחויב צו קענען זיין מלאכה, פון וועלכער ער דאַרף לעבן, און דער עיקר — געלט צו פאַרדינען. אַז אַ מענטש, מיינען זיי, לערנט אָפּ אַ יאָר אַכט — ניין אין גימנאַזיום און דערנאָך אַ יאָר פינף — זעקס אין אוניווערזיטעט, האָט ער גענוג געאַרבעט מיטן מח און עס איז שוין די העכסטע צייט זיך אַליין צו פאַרזאָרגן... אייניקע

פון זיינע קאָלעגן באַשעפטיקן זיך אַפילו מיט היגיענע „לטובת הכלל", נאָר פאַרן העכערן כלל; פאַר רייכע לייט, וואָס זענען און קענען דאַנקבאַר זיין; וואָס לויבן, רעקאָמענדירן און גיבן אַליין אויך געלט צו פאַרדינען... פאַר זיי לוינט זיך אַפילו איינצוריכטן ווייכע טראַנזעסל אין די הייזער, מענטשן זאָלן זיי טראָגן אַרויף און אַראָפּ פון די טרעפּ, עס זאָל חלילה דעם בויכיקן מאַן קיין אָטעם נישט פאַרפעלן... עס לוינט זיך אַפילו די מי צו ערפינדן מוילשלעסער פאַר דינסטמיידלעך, זיי זאָלן נישט אָקעגן רעדן און נישט דענערווירן די דאַמען... און דערגלייכן...

די פאָרלעזונג, וואָס האָט צופיל פון אַרצט פאַרלאַנגט, האָט דעם דר. יודים נאָך געשאַדט. זיינע קאָלעגן האָבן זיך פון אים דערווייטערט, קיינער האָט אים נישט רעקאָמענדירט, נישט צוגערופן... די געזעלשאַפט האָט זיך באַר אים פארשלאָסן און דר. יודים האָט געמוזט אָפּטרעטן פון ווארשע... ער פאָרט אין אַ באָד־אַנשטאַלט אַלס יונגערער אַרצט, נאָר ער האַלט זיך דאָרטן אויך לאַנג נישט אויף, דאָס באָד איז פון אויבן אויף אויסגע־פוצט, פיין פאַרצירט, פאַרגרינט און פאַרבלימט, נאָר אונטן איז די ערד דורכגעזאַפּט מיט שלעכטן וואַסער, מיט שעדלעכער פייכטקייט; עס איז דאָרט פאַראַן אַ שפּיטעלכל, נאָר דרינען ליגן קיין קראַנקע נישט, ווייל עס איז שטענדיק פאַרנומען מיטן דירעקטאָרס קאַרטאָפל און ריבן... און דר. יודים קאָן קיין עולות נישט ליידן! און ער מוז אָפּטרעטן... זיינס אַ פריינד, אַ איינ־זשעניער, פאַרשאַפט אים אַ שטעלע אין אַ קוילן־גרוב, וואו עס הויבט זיך אָן פאַר יודים אַ נייע, נאָך אַ גרעסערע אַרבעט...

דער אַרבעט גיט ער זיך איבער אינגאַנצן, ער אָפּפערט פאַר איר זיין אייגן גליק. יודים איז פאַרליבט, נאָר ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין געליבטער, כאָטש זי איז זיינס גלייכן, אויך „אַ מענטש אָן אַ היים" און וויל מיט אים צוזאַמען אַרבעטן אויפן זעלבן פעלד. נאָר יודים ווייס, אַז די אַרבעט איז צו גרויס, גרעסער אַלס די קראַפט פון אַ מענטש, העכער אַלס זיין אייגענער מזל. און ער וויל נישט טיילן צווישן איר און זיך זיין לעבן, זיין ענערגיע... ער גיט זיך אינגאַנצן איבער דער־

אַרבעט. ער אָפּפּערט זיין גליק און איר גליק דעם ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט...

יודימס דערמאָנטער פריינד, דער אינזשעניער, אויך אַ מענטש מיט האַרץ, וואָס קען אויך קיין עוולות נישט ליידן, ענדיקט אַנדערש — ער שיסט זיך! ער האָט נישט געפילט אין זיך די קראַפט עפּעס צו טון! — יודים אַרבעט, ווייל ער גלויבט פעסט אין זיין אַרבעט, ווייניקסטנס אין דער פליכט, אַז מען מוז אַרבעטן, וואָס איז ביי אים אַזוי שטאַרק אפשר דעריבער, ווייל ער אַליין קומט אַרויס פון אָרעמע, פאַרהאָרעוועטע עלטערן; ווייל זיין בלוט איז דאָס בלוט פון די, פאַר וועלכע מען דאַרף אַרבעטן. די צוזאַמענשטעלונג פון דער ערציילונג איז נישט אָן חסרונות. ערשטנס איז זי נישט גלייכאַרטיק; צווישן אויסגע־צייכנטע בילדער, געפינען זיך גאַנץ שוואַכע, גלייך די באַגיי־סטערונג האָט זשעראָמסקין צייטנווייז פאַרלאָזט, נאָר ער אַרבעט אויף כוח! דאָס בוך מאַכט אויסער דעם קיין איינדרוק פון אַ גאַנצער זאַך, נאָר פון צוזאַמענגעשטעלטע קליינע, מערסטנטיילס גרויסאַרטיקע נאָוועלן, אויסער דעם איז נישט אַלץ דערזאָגט!... און דאָך האָט, ווי געזאָגט, די ערציילונג געמאַכט אין דער פוילישער ליטעראַטור אַן אומגעהויערן איינדרוק.

פאַר די לעזער פון „יוד” וועט געוויס אינטערעסאַנט זיין זשעראָמסקיס אַ באַשרייבונג פון יידישן אָרעמען לעבן אין וואַרשע. מיר ווילן זי דעריבער ווערטלעך איבערזעצן. יודים איז גע־קומען קיין וואַרשע און זוכט אויף זיין פאַמיליע. אַז ער האָט דורכפאַסירט דעם זאַקסישן גאָרטן מיטן אייזערנעם טויער, האָט ער זיך געפילט נאָך מער אין דער היים, שמאָלע דורכגענג צווישן די קראָמען פירן ביז צו דער קראָכמאַלנער גאַס; די זון פאַרגיסט מיט היץ דעם גאַנצן רינשטאָק, וואָס הייסט „גאַס”. פון שמאָלן העלזל צווישן „טשעפּלאַ” און דעם פלאַץ, שלאָגט אַ שרעקלעכער געשטאַנק. ווי דאַמאָלט איידער יודים האָט וואַרשע פאַרלאָזט, ווימלט דאָרט פון יידן, ווי פריער זיצט אויפן טראָ־טואַר אַן אַלטע, קראַנקע יידענע און פאַרקויפט הייסן באָב, אַרבעס, און קערנדלעך פון מעלאָנען. דאָ און דאָרט בלאָנקען

זיך אַרום טרעגער פון סאָדע־וואַסער, מיט די פעסלעך אָן אַ זייט און גלעזער אין די הענט. עס איז גענוג צו וואַרפן אַ בליק אויף אַ גלאָז מיטן צוגעטריקנטן סיראָפּ ביים אביון אין דער האַנט, מען זאָל אָן דעם דאָרשט פאַרגעסן. אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט, שטייט איינע מיט סאָדע־וואַסער, זי איז אָפּגעריסן, כּמעט נאַקעט; דאָס פּנים אירס איז געל, טויטלעך, זי שטייט אויף דער זון, ווייל דאָ, רעכנט זי, וועט זיך געשווינדער אַ פאַרבייגייער פאַרגלוסטן אַ טרונק. אין האַנט האַלט זי צוויי פלעשער מיט אַ רויטער פליסיקייט, קענטיק — אַ סיראָפּ. די גראָבע ליפּן ציטערן, צי שעפּטשען זיי אַ געבעט צו די דורכגייער, זיי זאָלן נעמען אַ טרונק, צי אַ בקשה אויף לייזונג צו דעם ליבן נאָמען, וואָס מען איז נישט ווערט צו געדענקען... צי גאָר אַ קללה אויף זון און לעבן, אַ קללה, וואָס האָט זיך גרויס געצויגן ווי אַ וואָרעם אין דער קויטיקער אָרעמקייט...

רעכטס און לינקס אָפענע געוועלבלעך, וואָס ענדיקן זיך אינעווייניק באַלד נישט ווייט פון דער שוועל און זעען אויס, ווי שופלאָדן, אויסגעקלעפּטע מיט פּאַפּיר. אין אַזאַ מאַגאַזין איז אויף האָלצערנע פּאָלקעס אויסגעלייגט פאַר אַ רובל דריי פּאַפּיראָסן... בענטער צו דער טיר נאַרן אַריין דעם קונה געקאָכטע אייער, גערויכערטע הערינג, שאָקאָלאַד אין טעוועלעך, ווי אויך אין דער חנעוודיקער פאָרם פון צוקערלעך... שטיקלעך קעז, ווייסע מערן, קנאָבל, ציבעלעס, כריין, אַרבעס אין די שאָלן... עמער מיט כשרע קאָלבאַסלעך און סלאָיען מיט סאָק צו וואַסער... אין יעדן איינציקן געוועלבל איז דער פוסבאָדן שוואַרץ פון בלאָטע, וואָס פאַרלירט נישט איר אָנגענעמע פייכטיקייט אין דער גרעסטער היץ... אויף דעם מיסט קריכן אַרום קינדער. קויטיקע און אין נאָך קויטיקערע שמאַטעס געקליידט... יעדעס געוועלבל איז אַ היים פאַר עטלעכע מענטשן, וואָס פאַרברענגען די צייט מיט גאָרנישט, מיט פּלוידערן... טיף אין איינעם פון די געוועלבלעך זיצט אַ פאַמיליען־פאָטער, אַ גרינער מרה־שחורהניק, וואָס רירט זיך נישט פון פרימאָרגן ביז שפּעטן אָוונט פון אָרט, און טראַכט, קוקנדיק אויף דער גאַס אַרויס, וועגן עפּעס אַ שווינדל.

אַ טריט ווייטער און עס באַווייזט זיך אין אַן אָפּענעם פּענסטער אַ וואַרשטאַט, וואו, אונטער נידעריקע סופיטן, פּאַרקירצן זיך דאָס לעבן איינגעבויגענע מענער, געהויקערטע פרויען... דאָ באַווייזט זיך אַ וואַרשטאַט פון אַ שניידער, — אַ פינסטערע הייל, פון וועלכער עס שלאָגט אַ דיקער גערוך צום אָנטאַפּן, נישט ווייט זיצט אַן איינגעבויגענער פּאַרוקנמאַכער, וואָס פאַרזאָרגט די קעפּ פון די אָרעמע יידישע ווייבער... עטלעכע פּאַרוקנמאַכער זיצן אין שכנות, איינער האַרט ביים צווייטן... בלאַסע, געלע, אָפּגעשטאָרבענע מיידלעך, אַליין נישט געקעמטע און נישט געוואַשענע... צעקעמען מיט מי די האָר־צויטן, די „קלאַקעס!" פון הויף און טירן, זאָגאַר פון די אַלטע דעכער, מיט די צוגעקלעפּטע קליינע פענסטערלעך, באַווייזן זיך קראַנקע געזיכטער, דאַרע, לאַנג־נעזיקע, גרינע און גרויע, מיט בלוטיקע טריפנדיקע אָדער מידע „אַלץ־איינסיקע" אויגן, וואָס חלומען אין אייביקן טרויער וועגן טויט...

לעבן אַ טויער באַגעגנט יודים אַ סוחרטע, מיט צוויי קערב גרינצייג אין די הענט. זי איז אינגאַנצן צעכראַשעט, די אויגן קוקן פאַר זיך מיט אַ שטילער טויטער מאַטערניש און זעען אויס, ווי פון אייער־שאָלן... נאָר אין די אויפגעשוואָלענע אָדערן, ביי די שלייפן און אויפן האַלז, האָט דאָס בלוט כמעט הויך געשלאָגן... אויף דער שוועל פון אַ געוועלבל איז געזעסן אַן אַלטער איינגעהויקערטער יידישער טרעגער, וואָס האָט אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס צוויי אַלמער צוזאַמענגעבונדענע מיט אַ שטריק, וואָס ער האָט צוגעשלעפּט ביז אַהער, און האָט זיך גענומען צום מיטאָג,— „צו אַ גרויע אוגערקע מיט אַ שטיקל דאַר ברויט".

— און אויף דעם אַלעם, — זאָגט יודים אויף אַן אַנדער אָרט, — האָבן מיר (קריסטן) נאָר איין רפואה — אַנטיסעמיטיזם!

איך רעכן, אַז אייך וועט נאָך אינטערעסאַנט זיין די אַלגעמיינע באַציונג פון זשעראָמסקין צו דער יידישער פראַגע. אין דער ערציילונג דריקט זי זיך אויס, אויסער דער הלצה איבערן אַנטיסעמיטיזם, נאָך אין צוויי פאַקטן: אַהיימקומענדיק פון פּאַריז קיין וואַרשע, טרעפט יודים, ביים אַראָפּשטייגן פון דער באַן,

אַ יידישן טרעגער, וואָס בעט ביי אים דאָס געפּעק מיט אַ שלעכט פּויליש. יודים זיפצט אָפּ: „דו, היימישער פרעמדער!״ — מאַכט ער. ווער עס וואוינט לאַנג אין לאַנד, דער ווערט היימיש, נאָר ווער עס רעדט שלעכט פּויליש אין פּוילן, איז פרעמד; ע״כ איז דער ייד, וואָס איז שוין דאָ געבוירן · און האָט שוין דאָ זיינע קברים און קען נאָך, לא־עליכם, נישט פיין אַרויסרעדן עטלעכע פּוילישע ווערטער — „היימיש״ און „פרעמד״ צוזאַמען.

צווישן אַלע דאָקטוירים, וואָס קומען פאָר אַלס יודימס קאָלעגן און צוהערער פון זיין דרשה וועגן היגיענע פאַרן אָרעמען פאָלק, געפינט זיך איינער אַ יידישער דאָקטאָר כמיעלניצקי. כמיעלניצקי איז נישט קיין באַהאַרצטער מענטש. בשעת די קאָלעגן לאַכן אויס דעם דר. יודים מיט זיינע חלומות, שמייכלט כמיעלניצקי גלייך מיט אַלע... נאָר, אַרויסגייענדיק, באַמיט ער זיך צוזאַמענצוטרעפן מיטן אויסגעלאַכטן און באַווייזט אים מיטלייד און ליבשאַפט, כאָטש כמיעלניצקי אַליין גלויבט אויך נישט, אַז מען קאָן און מען דאַרף עפּעס טון אין דעם פאַך. יידן פאַר יידן (הייסט עס דאָרט)، טוען, ווי ווייט עס לאָזט זיך, נאָר דאָס איז עפּעס אַנדערש, דאָס איז פאַר ליבשאַפט...

פאַרוואָס טרעט נישט כמיעלניצקי אַרויס פריי קעגן אַלע, אַזוי ווי דאָס טוט ד״ר יודים? ער פאַרענטפערט זיך:

אים געפעלן — זאָגט ער — די אַלע, וואָס ווילן איבערוואַקסן דעם עולם, ווען אויך נאָר מיט אַ קאָפּ! אַלע באַהאַרצטע מענטשן! נאָר ער ווייס אויך, וואָס עס הייסט שלאָגן זיך מיט ווינטמילן; וואָס עס באַטייט, אייביק אויסגעלאַכט צו ווערן; דער חוזק זאָל שטענדיק דערעסן!

פון ערשטן קלאַס אָן (דערציילט ער) ביזן ענדיקן די אוניווערזיטעט, זיין גאַנץ לעבן, האָט מען אַלץ פון אים חוזק געמאַכט. פאַרוואָס? — ער אַליין ווייס נישט... מן הסתם ערשטנס דערפאַר, וואָס ער איז געבוירן אַ ייד; צווייטנס דערפאַר, וואָס ער הייסט (ערלויבט זיך צו הייסן?) כמיעלניצקי!... צווישן אונז גערעדט — קום איך נישט אַרויס פון פּראָצענטניקעס און שווינ־

דלער... די מייניקע קומען אַרויס פון שטעטל „כמיעלניק", הייס איך דעריבער כמיעלניצקי... אָבער...

און אַזוי ווייטער... כמיעלניצקי איז אויך דער איינציקער, וואָס האָט געהאָלפן יודימען, ער זאָל קריגן די שטעלע אין באָד־אַנשטאַלט...

צי האָט ער אים געוואָלט לויז ווערן פון וואַרשע? עס זעט נישט אויס!

1900

# מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ: „מענדעל גדאַנסקי״

אַלס דערציילונג איז „מענדעל גדאַנסקי״ אַ ליטעראַריש מייסטערשטיק — אַ פּערל, ווי עס איז היינט מאָדנע צו זאָגן. צי דערגרייכט די געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון דער זאַך צו דער הויך פון ליטעראַרישן ווערט — אָט, דאָס איז די פראַגע.

פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ קאָן מען ווייניקסטנס פיל פאַרלאַנגען.

די אָנגערופענע דערציילונג באַציט זיך אויף די וואַרשעווער געשעענישן אין יאָר 1881. קעגן אַדעס, קישיניעוו און דערגלייכן, איז דער וואַרשעווער „צופאַל״ אַ קינדער־שפּיל, דעם נאָמען „פּאָגראָם״ נישט ווערט. צום אָנדענקען האָט ער איבערגעלאָזט קוים איייניקע אָפּגעקומענע פאַמיליען. גאָר אַ קליינע צאָל זענען פאַרוואונדעט געוואָרן; געטויט — קיין איינציקער. צי האָט מען זיך ווי עס איז געווערט? מען זאָגט — אויף נאַלעווקי: קצבים זענען אַרויס מיט מעסער; פריקאַשטשיקעס האָבן זיך געשטעלט אין די הויפן, — געשריבן דעריבער איז נישט געוואָרן, — נאָך וואָס?

גאָר ווי קליין דער פּאָגראָם איז נישט געווען, דער איינדרוק אויפן אָרט האָט געמוזט זיין אַ געוואַלטיקער: עס איז נאָך געווען פאַר די גרעסערע, און גאָר גרויסע ערגעץ אַנדערש; און די אַלטע, די אַמאָל געוועזענע, האָט מען שוין לאַנג פאַרגעסן. און יעדער געוואָרפענער שטיין, וואָס האָט אַפילו קיין קאָפּ

נישט געטראָפן, טרעפט דאָך אין יידישן מוח! רירט ער דאָך די געהירן, רייסט ער דאָך איבער און צעשטערט אַלטע, פון תהו־ובהו־פעדים צוזאַמענגעשפינענע אידעען און וועלט־פאָרשטע־לונגען...

נאַטירלעך באַרירט עס נישט אַלע גלייך, און נישט אַלע האָבן זיך אָפּגערופן אויף איין אַרט.

קיין יידישער אַרבעטער־קלאַס איז נאָך דאַמאָלט נישט געווען, און אויב ער האָט זיך שוין געשפינען און געוועבט אין שאָטן פון דער פינסטערער און נאַסער קעלער־שטוב, — צום וואָרט איז ער נאָכנישט געקומען, — פון קיין אַרבעטער־וועלט־אַנשויאונג איז נאָכנישט געווען צו רעדן. דאָס יידישע לעבן איז געווען נישט דיפערענצירט אינעווייניק, נישט צעטיילט. עס האָט זיך גערעדט פון חסידים, — די פאָרשטייער פון דער פרו־מער יידישקייט (די מתנגדים האָבן שוין נישט געלעבט), בעלי־בתים, וואָס האָבן שוין מער געוויכט געלייגט אויף „האָב און גאָב", אויף עולם־הזה, און „דייטשן", וואָס דער נאָמען האָט זיי שוין לאַנג נישט געפּאַסט, ווייל זיי זענען שוין לאַנג אַריבער פון מענדלסאָנס תורה צו דער היימיש־פּוילישער קולטור.

דער פרומער ייד איז ווייניקער נתפעל געוואָרן. דערי־נען, ווי אין אַלע אומגליקן, האָט ער מער נישט געזען און נישט געקאָנט זען, ווי — גאָטס צאָרן, וואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף איינצלנע פערזאָנען פאַר זייערע זינד; אָדער, אויב ער האָט זיך אויפגעהויבן צו אַ העכערן שטאַנדפּונקט: אויף כל ישראל! עס איז שוין צו גוט געווען, מען האָט שוין דעם גלות פאַרגעסן: שקאָלעס, קריסטלעכע אַמען, גוישע נעמען און קליידער, טרפות...

וואָס דאַרף מען טון, גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען און צו־ריק איינזעצן די שווערד אין שייד אַריין? מען דאַרף תשובה טון... יעדער יחיד זאָל זיך מאַכן חשבון הנפש און אויסגיסן דאָס האַרץ פאַר גאָט, און בכלל דאַרף כל ישראל געדענקען, אַז עס איז נאָר אַ „גלות"... אַז משיח וועט קומען, מוז קומען, מען וועט גיך און באַלד אויסגעלייזט ווערן, האָבן אַן אייגן און אַ

הייליק לאַנד, וואו גאָט וועט זיין דער הערשער, זיין תורה — דאָס געזעץ און דער מלך המשיח — זיין פאַרטרעטער צום אויס־פירן דאָס געזעץ... על כן: פאַסט און לויפט צו „ויחל” און לערנט אַ שטיק „הכשר הזבח”, אָדער וועגן תרומות ומעשרות... גרייט אייך צו.

דער בעל־הבית, וואָס האָט נאָך אפשר אַמאָל געלערנט אַ פרק משניות, נאָר שוין געשטעקט ראשו ורובו אין פראַקטישן לעבן, וואָס האָט שוין געהאַט אַ היפש ביסל עולם־הזה, אַ היפש ביסל גוטס: געלט, דירה, כלי־בית — וואָס קאָן חרוב ונחרב ווערן און גיי נאָכאַמאָל און זאַמל... דער בעל־הבית האָט זיך שוין מער דערשראָקן. פאַר אים, דעם גרעסערן וועלט־מענטש, איז שוין עשו נישט געווען אויף גאָטס באַפעל יעקבן, אויב ער זיצט און לערנט און פירט זיך בדרך הישר, צו באַדינען, און, אויב נישט, צו שמייסן. עשו איז אַ מענטש פאַר זיך, מען האָט פון אים פרנסה אָדער צרות... און אַז ער ווערט בייז, איז נישט גוט... מען טאָר אים נישט דערצערענען! איז ער אין כעס, מוז מען אים איבערבעטן, מיט שבתדיקע פיש, פסחדיקן שנאַפּס, מיט אַ חניפהלע און גאַנץ אָפט מיט אַ שמייכל פון אַ יידישער טאָכ־טער. לאָזט ער זיך נישט — מוז מען זיך באַהאַלטן אין קעלער אַריין, ביז דער צאָרן וועט אַריבער... נאָר, ווי עס איז — אונ־זער בעל־הבית איז פאָרט אַ היפש שטיקל אָפּטימיסט, אַריבער וועט עס; ערגערס געווען, — איז אויך אַריבער...

ווי אַ דונער פון שיינעם הימל האָט עס געטראָפן, — און צעשראָקן און צערודערט האָט עס אַממערסט דעם יידישן, פוי־ליש־יידישן אינטעליגענט.

פלוצלינג אין ענדע פון ניינצענטן יאָרהונדערט אַ פייער־בלוטיקער אָפּגלאַנץ פון דער מיטלאַלטער־נאַכט ?! איז עס מעגלעך?

מיט פריידיקן האַרץ־קלאַפּן פלעגט ער זיך צוקוקן צום ציפער־בלאַט פון אייראָפּעישן וועלט־זייגער (פון כינע און יאַפּאַן האָט מען נאָכנישט געוואוסט, — אַזיע פוילט)... ווי כאָטש צי־טעריק און פּאַמעלעך עס רוקן זיך די ווייזערלעך! באַלד וועט

שלאָגן די שטונדע פון באַפרייאונג! מיט גרויס נחת פלעגט ער יעדן פרימאָרגן אָפּרייסן דאָס בלעטל פון וואַנט־קאַלענדאַר: די גליקלעכע צייט איז נענטער מיט אַ טאָג! עס רירט זיך, עס רוקט זיך, די ציוויליזאַציע גייט, די בילדונג שטייגט... נאָך, נאָך עטלעכע יאָר און אַלע מענטשן וועלן זיין גלייך, — גלייך גוט, גלייך ערלעך, גלייך געבילדעט — און ממילא וועט אויפהערן דער אַבערגלויבן, דער רעליגיאָנס־האַס, די שנאה צום פאָלק ישראל, וואָס האָט געשענקט דער וועלט די גרעסטע מתנה — דעם איינציקן גאָט, די „עשרת הדברות” מיטן „אָנכי” בראש!

פון דעם, אַז די בילדונג האָט נאָר אָנגערירט די העכסטע שפּיץ בערג, בשעת ווען אין טאָל איז נאָך אַלץ פאַרזונקען געבליבן אין דער פינסטערניש און פאַרוויקלט אין שאָטן — האָט ער זיך קיין רעכנשאַפט נישט אָפּגעגעבן. קיין נאַציאָנאַלע געפילן און אינטערעסן האָט ער אַודאי נישט פאַרשטאַנען: פאַראַן אַ געדעקטער טיש, דאַרף מען אים אויך אַ בענקל דערלאַנגען, בעטן זיצן און עסן, און טרינקען „לחיים”! ער איז דאָך אַ היגער, אַ היימישער, אַ מחותּן אויף דער חתונה, אַן אייגענער!

און אַלע רעכט און פּריווילעגיעס (פון פליכט רעדט די בורזשואַזיע פאַר זיך אַליין זעלטן) געהערן דעם לאַנד. זענען מיר דען זיינע שטיפקינדער? עס איז אַרויסגעקומען אַ פאַרקערטער זאַך: נישט דאָס לאַנד, וואָס צ. ב. ש. „פּאָליאַקן” האָבן פאַרנומען איז „פּוילן”, נאָר די, וואָס וואוינען אין פּוילן זענען פּאָליאַקן, וואָרים אַלץ שטאַמט פון דער ערד, די באַגריפן האָט ער גענומען דאָרט, וואו ער האָט זיין גאַנצע בילדונג גענומען, און אין אַ לאַנד, וואו אַקערבוי איז די הויפּט־באַשעפטיקונג, און דער פּריץ, — דער גרויסער גוטבאַזיצער — איז דעריבער דאָס העכסטע און די גרויסע אומגעהייערע פּויערן־מאַסע דאָס וויכטיקסטע, וואַקסט אַלץ — ברויט, פּרנסה און מענטשן־רעכט — פון דער ערד, פון לאַנד!

מען דאַרף נאָר ערלעך אַרבעטן, נישט שווינדלען, נישט פּעקלען קיין סחורה איבער דער גרענעץ, נישט ברענען קיין

נישט־אָפּגעצאָלטע בראָנפּן און נישט ברייען קיין נישט אָפּגע־צאָלטע ביר. מען טאָר דעם לאַנד קיין שאָדן נישט מאַכן. פאַר־קערט — נוצן ברענגען... איז מען אָבער ניצלעך דעם לאַנד, איז מען שוין מיט דעם אַליין „אָביוואַטעל" — לאַנדס־בירגער, און עס קומט בירגער־רעכט! דאָס האָט דער יידישער אינטעליגענט, ווי אַלץ, וואָס ער האָט געמיינט און געטראַכט, נאָכגעזאָגט דער ליבעראַלער קריסטלעכער אינטעליגענץ, וואָס האָט די יידן־פראַגע געשטעלט אין דער איין און איינציקער פאָרם פון ניצלעכקייט פאַרן לאַנד: צי זענען יידן ניצלעך דעם לאַנד, דער „אָיטשיזנאַ"? אויב יאָ, קומט זיי גלייכבאַרעכטיקונג, אויב נישט — נישט! בע־סערע און ליבעראַלערע האָבן נאָך געקלערט, צי קאָן מען נישט געבן דאָס בירגער־רעכט אויף קרעדיט? אָדער צי איז ריכטיקער, מען זאָל זיי געבן בירגער־רעכט, זיי זאָלן ליב קריגן דאָס לאַנד, די ערד, און ווערן אָביוואַטעלעס, ניצלעכע און נויטיקע בירגער?...

און עליזא אָזשעשקאָס העלד, דער וועלט־באַרימטער יוזע־פאָוויטש, גייט טאַקע און מסרט זיינע קהלס־לייט, וואָס דעפּרוי־דירן בראָנפּן! — בירגער מוזט איר ווערן, ניצלעכע, נישט־שעד־לעכע בירגער...

אין דער זעלבער פאָרם האָט זיך אויך געמוזט אָפּשפּיגלען די יידן־פראַגע אין די געהירן פון אונזער נישט אָריגינעל, נישט יידיש דענקענדן אינטעליגענט! ער האָט אַלץ אינאיינעם זיך און אַנדערע באַוויזן, אַז ער איז ניצלעך! און על כן קומט אים רעכט אויף לעבן און פּריווילעגיען אויפן לעבן! און בשעת ער טענעט אַזוי — באַץ! פלאַצן יידישע שויבן! ווי הייסט? פאַר־וואָס? איז נישט משוגע צו ווערן? און ווען מען שלאָגט מען? צי אונטערשיידט מען צווישן ניצלעכע און נישט ניצלעכע? ניין? מוז עס זיין אַ פרעמדע אינטריגע — מען וויל צעקריגן די גוטע ברידער, וואָס האַלטן זיך אַזוי צוזאַמען!...

און אויב נישט, נאָר די אונטערשטע שיכטן פון פאָלק זענען נאָך ווירקלעך אַזוי גראָב, אַזוי מיטלאַלטעריש און אומ־געבילדעט, דאַרף מען עפּעס טון... ווירקן — — —

עפּעס טון, ווירקן, נאָר נישט מיט אייגענע הענט!... אַד־וואָקאַטן ברויכט מען! אַרויסטרעטן זאָלן בעסער יענע... אין נאָמען פון לאַנד... זאָלן זיך מיען אונזערע גוטע פריינד! און „זכה — מלאכתו נעשית על ידי אחרים״ —

אַרויסגעטרעטן איז די קרוין פון פּוילישן פּאַרנאַס — „מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ״! עס איז אַרויס „מענדעל גדאַנסקי״ — מענדל גדאַנסקי איז אַרויס, און אַלע נאַיווע, אויבנדערמאָנטע אידעען און פאָרשטעלונגען, אָן אַ צייכן פון וואָס עס איז אַ פּאַרטיפּעָרונג, שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם „מענדעל גדאַנסקי״...

פון די „קצבים״, וואָס זענען אַרויסגעטרעטן אויף דער נאַלעווקי, פון „פריקאַסטשיקעס״ אין הויף — קיין שפּור... נאָר פאַרוואָס קומט מענדל גדאַנסקי צו שלאָגן?

ער איז דאָך אַ ה י ג ע ר, ער וואוינט שוין דאָ אַזוי לאַנג!

אמת, ער קומט אַרויס פון דאַנציג, און דאַנציג איז היינט פּרייסיש, אָבער ווען מענדל איז געבוירן געוואָרן, איז דאַנציג געווען א ו נ ז ע ר, און מיר שענקען נאָך דאַנציג נישט אַוועק! דאָס היסטאָרישע רעדל דרייט זיך, און מאָרגן־איבערמאָרגן קאָנען אַלע דאַנציגער יידן זיין א ו נ ז ע ר ע יידן!

און מענדל אַ ל י י ן פילט זיך דאָ נישט פרעמד, ער האַלט זיך נישט פאַר קיין גר, ער שטייט ביי איר נישט איין, ווי אין אַ גאַסט־הויז, מאָרגן צו פאַרלאָזן: ער איז צוגעבונדן צום פלעק, אויף וועלכן ער לעבט, איינגעפלייצט אין איט, גלייך עס וואָלט קיינמאָל קיין ציון, קיין ירושלים נישט געווען; ער פילט שוין כמעט קיין גלות נישט...

ער פילט זיך נישט פרעמד און איז נישט אָפּגעזונדערט: מיט טויזנט פעדים איז ער פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט זיינע שכנים. ער קאָן אויסגעצייכנט דאָס שטילע געסל און זיינע איינוואוינער; די פיזיאָגנאָמיע פון געסל, זיין פּולס, זיין באַוועגונג, זיין קלאַנג! ער קען אַלע (קריסטלעכע) קינדער, וואָס לויפן יעדן פרימאָרגן אין אָכראָנע (פּריוט), אין שקאָלע אַריין, ער קען די אַרבעטער, וואָס גייען פאַרביי אין דער פאַבריק

אַריין... ער קען אַפילו די פייגעלעך, וואָס האַלטן זיך אין די מויערן־לעכער פון דער ביר־ברויעריי.

אַ שפּאַס, אַ מענטש וואוינט זיבן און צוואַנציק יאָר אין איין שטוב!

ער דערקענט, זיצנדיק אין שטוב, די טריט פון סטרוזש. ווען ער פאַרקערט פאַרן הויז, דאָס טרוקענע הוסטן פון יונגן רעפערענט... דער קריסטלעכער זייגער־מאַכער קומט צו אים רעדן פון פּאָליטיק; דער קריסטלעכער שטריקנמאַכער פאַרטשע־פּעט ביי דער קלאַמקע פון זיין טיר די שנור צום דריייען. די קריסטלעכע זיצערקע דערלאַנגט אים פון צייט צו צייט דורכן פענסטער אַ שוואַרצן רעטעך — פאַר קאָלירטע שטיקלעך פּאַפּיר (מענדל איז אַן איינבינדער) צום שפּילן פאַר די קינדער, אַ שכן, אַ מאָגערער אָרעמער סטודענט, באָרגט זיך ביי אים אַ שטיקל חלבן ליכטל צום לערנען — —

איר זעט, ווי גינסטיק, ווי גוט עס לעבט זיך!

אפשר איז ער, דער מענדל, שעדלעך אָדער ווייניקסטנס נישט ניצלעך פאַרן לאַנד? גאָט באַהיט! מענדל פּעקלט נישט קיין סחורה, האָט נישט קיין פאַלשע וואָג און מאָס אין האַנט. ערלעך, מיט זיינע צען פינגער פאַרדינט ער זיין ברויט — ער איז, ווי דערמאָנט, אַן איינבינדער, זיבן און צוואַנציק יאָר זיצט ער ביי דעם זעלבן פענסטער מיטן פּיפּקעלע אין מויל און בינדט איין ביכער...

ער איז אַנדערש גלויביק! אָבער וואָס מאַכט עס אויס! דאַווענענדיק טראָגט ער טלית און תפילין, רעדן רעדט ער מיט גאָט אויך אַן אַנדער שפּראַך, אין זיין אַלטער הייליקער שפּראַך — אָבער וועמען שאַדט עס? שקצימלעך האָבן אים אַמאָל געוואָלט שלעכטס טון, דערפאַר האָט זיי דער גלח אַליין, וואָס איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען, אָפּגעהאַלטן. קיין וואָרט נישט גערעדט, נאָר מיטן בליק! אַ שטומע סצענע געווען!

אפשר איז ער, ווי אַנדערע יידן, אַ פאַנאַטיקער קעגן דער בילדונג? אויך גאָט באַהיט! קיין לעבעדיקע קינדער האָט ער נישט, נאָר איין אייניקל. און דאָס הוסטנדיקע אייניקל (געזונט

איז זעלטן ביי יידן) מיט די דורכזיכטיקע אויגעלעך איז אַ גימ־נאַזיסטל! און ער אַליין, מענדל, האָט גרויס פרייד און נחת דערפֿון, וואָס ער איז אַן איינבינדער, וואָס ער בינדט איין (חס ושלום נישט קיין גמרות נאָר) שול־ביכער... אָט די „פּאַניענקעס", וואָס גייען אין שול אריין לערנען, טראָגן זיינע איינבינדן! נישט נאָר ער אַרבעט, נישט נאָר ער האָט זיך אויסגעאַרבעט ביילן אויף אַלע צען פינגער, נאָר אומדירעקט העלפט ער נאָך, עס זאָל זיך צעשפּרייטן די בילדונג!

און, אַז דאָס אייניקל קומט אַמאָל אַהיים פון גימנאַזיום אָן אַ היטל, וואָס מען האָט אים אָפּגעריסן, און צעהעשעט, ווייל מען האָט אים גערופן „זשיד" — שטראָפט אים דער אַלטער מיט גוטן: „וואָס ווייסטו, נאַר? דו ביסט אין דער שטאָט גע־בוירן געוואָרן, דו ביסט נישט פרעמד! און כּל זמן דו פירסט זיך ערלעך, האָסטו דאָס רעכט ליב צו האָבן די שטאָט..."

און אַז עס מאַכט זיך אַ קלאַנג, אַז מען וועט יידן שלאָגן און דער שכן, דער זייגערמאַכער, דערציילט עס אים גאַנץ קאַלט־בלוטיק, פרעגט דער אַלטער מענדל:

— וואָס פאַר אַ יידן? גנבים?

און אַז דער זייגער־מאַכער זאָגט: אַלע, וואָס שטאַמען נישט אַרויס פון דער היגער ערד, פרעגט ער:

— און איך פון וואַנען וואַקס?

און נאָך אַ רעכט האָט מענדל אויפן לאַנד... אין שלעכטע צייטן האָט ער גלייך מיט אַלע געליטן... „שמחות פאַרייניקן נישט אַזוי קיין מענטשן, ווי טרויער און לייד!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָך איז געשען, וואָס עס איז געשען... עס האָבן זיך געוויזן עפּעס פרעמדע, באַרוויסע, גאָר אַנדערע פּנימער... דער זייגער־מאַכער האָט עס דאָך געהאַלטן כּמעט פאַר ריכטיק, דער אַרכיוואַריוס אויך... נאָך דער היימישער סטרוזש האָטן גע־וואָלט ראַטעווען, די דינערין... און ענדלעך אָפּגעראַטעוועט אים האָט דער מאָגערער סטודענט...

פרעגט זיך: וואָס איז פאָרגעקומען אין מענדל גדאַנסקיס קאָפּ?

בשעת מעשה לאָזט זיך מענדל נישט ראַטעווען דורך אַריינשטעלן אַ הייליק בילד אין פענסטער.... ער וויל אַפילו פון פענסטער נישט אָפּטרעטן, נאָר דער סטודענט שטופּט אים אָפּ מיט געוואַלט, און לאחר המעשה זאָגט ער:

— איך האָב פאַרלוירן דאָס האַרץ צו דער שטאָט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בשעת, ווען דער פּראָסטער עולם האָט רחמנות און וויל ראַטעווען דעם אַלטן מענדל; בשעת, ווען די האַלב־געבילדעטע — דער זייגער־מאכער, דער אַרכיוואַריוס — פאַרשטייען גאַנץ ריכטיק, אַז פרעמדע איז נישט קיין גרויסע עולה, אַז מען שלאָגט, זאָגט מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ: ניין! מען טאָר מענדל גדאַנסקי נישט שלאָגן! — — פאַרוואָס? ווייל דער ייד איז נישט פרעמד... אַ היימישער איז ער, ווען אפילו פון דאנציג! און ער איז אַן איינבינדער, על כּן: פאַרדינט ער ערלעך זיין ברויט; און איז קיין פאַנאַטיקער, ער בינדט איין ביכלעך פאַר די „פאַניענקעס" אין שול אַריין און שיקט זיין אייגן אייניקל אין גימנאַזיום!...

און מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, וואָס קאָן יאָ אַריינקוקן אַ מענטש אין דער נשמה אַריין, האָט נישט באַמערקט, אַז דער פּראָסטער עולם לעבט מיט מענדל גדאנסקי גוט נאָר פון ווייטנס: מען רעדט פון פּאָליטיק, נישט פון זיך, מען בינדט אָן די שנורן אָן יענער זייט קלאַמקע, נאָר קיין איינציקער פאָדעם בינדט נאָך נישט די הערצער. מען טוישט שוואַרצע רעטעך מיט קאָלירטע פּאַפּיר דורכן פענסטער — און ראַטעווען וויל מען נאָר דעם נאָענטן שכן, צו וועלכן מען האָט זיך צוגעוויינט — אַנדערע זענען הפקר! און ראַטעווען וויל מען, נישט מיט זיך אַקעגן שטעלן, מיט אָפּטרייבן די שלעגער. עמפּערט, דערצאָרנט אויף זיי איז קיינער נישט — מען וויל נאָר מענדלען באַהאַלטן, אָדער די שלעגער אָפּנאַרן מיט אַ הייליקן בילד! — — —

און אין קאָנאָפּניצקאַ אַליין האָט זיך אויך דער מענטש
נישט געוועקט... זי קוקט אויף אַלץ פון גאַנץ נידעריקן פּאַטריאָ־
טישן שטאַנדפונקט: אונזער מענדל... א י ר ע שכנים, צו וועלכע
זי האָט זיך צוגעוויינט, זענען אַ ל ע פּוילישע יידן, לכל הפחות:
איינבינדער, וואָס האָבן אייניקלעך אין גימנאַזיום...

זי האָט אַ ברייטער האַרץ פאַר דער דינערין...

און איז קליגער אויך: מענדל קאָן נאָך פארלירן דאָס
האַרץ פאר דער שטאָט... און אלע מענדלס פאַרן לאַנד...

און אפשר טענעט זי מיטן עולם: לדידך?

1905

# מאָווּשא יענקעלעוויץ

## א טיפּ פון א יידיש־פּוילישן פּלל־טוּער

עס איז מיר אין דער האַנט געקומען אַן אַלט ביכל, גע־דרוקט 1819, אין וואַרשע, ביי די פּיאַרן. אַ פּויליש ביכל; ביי־בולע־פּאַפּיר, צעהאַקטע אותיות, אַן אינטערעסאַנטער טיטל: מיטל, ווי אַזוי דורכצופירן די יידישע רעפאָרם אין פּוילן, און דער מחבר: מ אָ ו ו ש א י ע נ ק ע ל ע ו ו י ץ.

---

ווער איז מאָווּשא יענקעלעוויץ?

זאָל ער אַליין ענטפערן:

„איך בין — זאָגט ער — אַ ייד", נאָר נישט איינער פון די אַלטע יידן, וואָס האָבן דאַמאָלט נאָכנישט אויפגעהערט צו זאָגן „לשנה הבאה בירושלים" און צו וויינען ביי „על נהרות בבל," — וואָרים: „וואָס אַנבעלאַנגט דעם פאָטערלאַנד (פּוילן, הייסט עס) טרעט איך, מיט מיין ליבשאַפט צו אים, דעם בעסטן ריין־קריסט־לעכן פּאָליאַק נישט אָפּ".

און די ליבשאַפט צום פאָטערלאַנד האָט ער בירושה, שוין דריי דורות, אַז זי בליט אין דער משפחה יענקעלעוויץ, ווי אַ רויז. דער זיידע האָט זי איינגעפלאַנצט דעם פאָטער, און דער פאָטער — דעם זון. זיי האָבן געזאָגט: האב ליב דאָס פּוילישע פּאָלק...

דאָס פאַרטוישן די באַגריפן פון „פאָלק" און „לאַנד" איז נאָך נוהג ביזן היינטיקן טאָג. און מיר קאָנען דערפאַר אויפן אַלטן יענקעלעוויץ קיין פאַריבל נישט האָבן. זיינע גייסטיקע יורשים, קעמפּנער, דוטלינגער, דר. נוסבוים און זייערע נאָכשטרעבער, האָבן אויך דעריבער קיין קלאָרערע באַגריפן נישט. אינטערעסאַנט אָבער איז, אַז ליב האָבן דאָס פּוילישע פאָלק דאַרף מען נישט דעריבער, ווייל מען דאַרף אַלע פעלקער ליב האָבן, נאָר ווייל „דאָס פּוילישע פאָלק איז איידעלער אין כאַראַקטער, אַלס אַנדערע פעלקער; עס איז בעסער, און עס לעבט אַ שענערן לעבן, אַלס אַנדערע פעלקער", והא ראיה: גרויסע לענדער ביי זיין גרענעץ האָט עס צוגעבונדן צו זיך מיטן האַרץ און נישט מיט דער שווערט! שכנים, וואָס זענען געווען שטאַרק געווען צו לעבן אויף אייגענער פּויסט, זענען גערנוויליק געקומען צו אים און געבעטן: „לאָז אונז דיינע ברידער זיין; נעם אונז צו! לאָז אונז געניסן אין פריידן די פּרוכטן פון דיינע איינריכטונגען און רוען אין זיסן שאָטן פון דיינע אַנשטאַלטן! די פּוילישע גוטהאַרציקייט האָט מיט דייטשן די פּוילישע שטעט באַפעלקערט, און אונז פאַרוואָגלטע, פון אָרט צו אָרט געטריבענע, האָט עס די טויערן פון לאַנד געעפנט!".

עס מאַכט נישט אויס, וואָס די גערנוויליק אונטערגעגעבענע פעלקער ווערן נישט אָנגערופן ביי די נעמען, און די צייט, ווען דאָס איז געשען, איז נישט אָנגעוויזן, עס מאַכט אויך נישט אויס, וואָס אַביסל שפּעטער זאָגט דער זעלבער יענקעלעוויץ דעם פּוילישן פאָלק מוסר, פאַרוואָס ער מערט און פרוכפּערט זיך אַליין נישט, ווי געהעריק, און מוז דעריבער דאָס לאַנד מיט פרעמדע באַזעצן; אינטערעסאַנט איז דער פרעמדער „אתה בחרתנו"...

דורכגעדרונגען מיט ליבע צום פאָטערלאַנד און מיט דאַנקבאַרקייט צום פּוילישן פאָלק, וואָס האָט אונז די טויערן געעפנט, האָט יענקעלעוויץ אַלץ געטאָן, וואָס דאָס פאָטערלאַנד האָט געקאָנט פון אים פאַרלאַנגען, און דאָס איז ווירקלעך זייער שיין און גוט פון זיין זייט. זיינע גייסטיקע יורשים זינגען דעם

פוילישן „אתּה בחרתּנו" און עס קאָסט זיי נישט אַ קאָפּיקע פּאַרדאָן: היינט רעכנט מען שוין צוריק אויף גראָשן — „אַ גילדן מיט זעקס גראָשן."

יענקעלעוויץ האָט זיך מקריב געווען נישט נאָר מיטן מויל, אָדער מיט דער פּעדער אין „קוריער וואַרשאַווסקי."

ביי דער ערשטער מרידה (31) האָט ער געלט געגעבן (לויט יכולת, שרייבט ער), אין די שולן (זיינע יורשים וואָלטן עס בעסער אין קלויסטער געטאָן) האָט ער הייסע רעדן געהאַלטן (מן הסתּם אויף יידיש, וואָס זיינע יורשים וואָלטן שוין נישט געקאָנט), און האָט אויפגעוועקט אין די יידישע הערצער די ליבע צום פּאָטערלאַנד. צוויי זין האָט ער געהאַט, האָט ער זיי געשיקט אין געפעכט אַריין, זיי האָבן זיך געשלאָגן אונטער דער קאָמאַנדע פון יוסף בערקאָוויץ און זענען געפאַלן...

דאַכט זיך, גענוג מיטל אויף אַ פּאַטריאָט; ער האָט אָבער נאָך מער געטאָן: צוויי איינינקלעך — מיידלעך האָט ער געהאַט, האָט ער זיי געוואָלט אויף אַ „פּענסיע" שיקן. „ליידער אָבער — וויינט ער מיט עכט־האַרציקע טרערן — האָט ער אין וואַרשע קיין פּוילישע „פּענסיע" נישט געפונען! פראַנצויזיש לערנט מען!

אַפילו די דינסטן אויף דער פּענסיע רעדן פראַנצויזיש!

און וואָס, אומשטיינס געזאָגט, ווערט געלערנט? דעקלאַמאַציע, קאַליגראַפיע, אָרטאָגראַפיע, געאָגראַפיע, קאָסמאָגראַפיע... למודים, וואָס האָבן אַפילו קיין פּוילישע נעמען נישט; יענקעלעוויץ וויל אַן עכט פּויליש־נאַציאָנאַלע פּענסיע אָן קאַליגראַפיע, אָרטאָגראַפיע און געאָגראַפיע... אַ שתּדלן מעג זיין אַ שטיקל עם־הארץ אויך, בפרט, אַז די איינינקלעך האָבן קיין חרטה נישט, וואָס זיי זענען ווייבלעך געוואָרן, „זיי זענען — זאָגט ער מיט זיידישן שטאָלץ — שיין, געזונט, שטאַרק; די פּוילישע לופט שאַדט זיי נישט און זיי הויבן נישט אָן צו בענקען קיין פּאַריז. זיי האָבן, גאָט זיי דאַנק, קינדערלעך, און פירן אַ שטאָט!"

---

די „מרידה״ איז אָפּגעפּאַלן, פּוילן איז גאַנץ יידישלעך באַשניטן געוואָרן, און עס שווימט אַרויס די פראַגע פון אַלגע־מיינע רעפאָרמען. דאָס באַשניטענע פּוילן האָט זיך אומגעקוקט, אַז עס האָט אַ שלעכט לעבן געפירט, און וויל זיך פאַרבעסערן. וואָס טוט מען אָבער מיט די יידן? זיי אויך רעפאָרמירן? ווי אַזוי? אָט־דאָס איז די פראַגע! און אין דער פראַגע נעמט יענ־קעלעוויץ דאָס וואָרט!

נאָר נישט מיט דער פעדער האָט ער אָנגעהויבן. פריער האָט ער זיך געפרוווט מיט אַ בעסערן כלי־זין. גאַנץ נאַיוו דערציילט ער:

„די, וואָס האָבן צו שאַפן און אַ דעה צו זאָגן, האָבן פון רעפאָרמען נישט געדערט. זיי זענען פאַרנומען געווען מיטן (נאַפּאָלעאָניש־רוסישן) קריג (1812), אַרויסגעטראָטן זענען נאָר, און שלעכט גערעדט, פּריוואַטע „פּראָיעקטן־מאַכער״, און זיי האָט ער איינפאַך געוואָלט מיט לא־יחרץ־געלט דאָס מויל פאַרשטאָפּן, עס איז אָבער ארויס ווי בוימאייל אויפן וואַסער; עס איז אַ סקאַנדאַל געוואָרן... און דערווייל האָט זיך דער קריג אומגעריכט געענדיקט, די פראַגע איז שוין אויף אַנדערע הענט געקומען, פון „איבערקויפן״ איז שוין נישט צו רעדן, און דעריבער שרייבט ער זיין בוך...

ווי אַזוי זאָל מען דורכפירן די רעפאָרם?

אין פּרייסן האָט מען רעפאָרמירט אויף אַ מאָדנער אַרט: מען האָט גענומען די יידן, וואָס האָבן זיך נישט באַשעפטיקט מיט אַקערבוי, און געטריבן פון די דערפער אין שטעט אַריין. אין מיטלאַלטער האָט מען נאָך איינפאַכער רעפאָרמירט: מען האָט גענומען דאָס ביסל יידן און געוואָרפן איבער דער גרענעץ. דאָס אַלץ איז באַרבאַריש; דאָס וועט פּוילן נישט טון.

מען וואָלט געדאַרפט נאָכמאַכן פראַנקרייך. פראַנקרייך האָט מיטאַמאָל איבערגעשניטן דעם קנופּ, צוזאַמענגערופן אַ סנהדרין, עס זאָל זאָגן, אַז פּאַריז איז דאָס זעלבע, וואָס ירושלים, און פראַנצויזישע טעכטער האָבן נישט דעם דין פון בת־עכו״ם, און אויף דעם געשטיצט, האָט מען אַריינגעשריבן אַ פּאַראַגראַף אין

קאָרעקס, אַז „אַלע, וואָס זענען געבוירן אין פראַנקרייך, זענען פראַנצויזן.‟ היינט וואָלטן קעמפנער, דוטלינגער, נוסבוים מער נישט געוואָלט; זיי וואָלטן עס געהאַלטן פאַרן איינציקן מיטל אַן עק צו מאַכן מיט דער פאַרשאָלטענער יידן־פראַגע. יענקעלעוויץ אָבער, זייער גייסטיקער עלטער־זיידע, איז אַביסל ניכטערער און פראַקטישער געווען.

„פוילן — זאָגט ער — איז נישט פראַנקרייך‟.

פראַנקרייך איז דאַמאָלט, וואָס אַנבאַלאַנגט יידן, געווען אין דער זעלבער לאַגע, ווי דאָס היינטיקע רוסלאַנד. רוסלאַנד האָט קיין יידן נישט אַריינגעלאָזט און האָט זיי באַקומען בירושה צוזאַמען מיט די פויליש־ליטווישע פראָווינצן; פראַנקרייך האָט אויך געהאַט נאָר פרעמדע — דייטשע יידן; אירע אייגענע האָט זי ערשט נישט לאַנג געהאַט אַרויסגעטריבן. און דאָס ביסל פרעמדע יידן האָט נישט געלעבט אין סאַמע־ראָדנע מיט פון פראַנצויזישן האַרץ, נאָר טאַקע אין די גרענעץ־פראָווינצן, וואָס זי האָט פון דייטשלאַנד אָפגעשניטן, פון אַזאַ קליין ביסל יידעלעך מאַכט מען פראַנצויזן איבער נאַכט! אַ נייער פאַראַגראַף אין קאָדעקס און — אויס יידן!

אין פוילן אָבער וועט זיך די יידישע מאַסע אַזוי געשווינד נישט אונטערגעבן! זי איז צו שטאַרק, צו גרויס. און מערט און פרוכפּערט זיך שטאַרקער, אַלס די פאָליאַקן. אויפוואַרפן דער יידישער באַפעלקערונג אַ רעפאָרם פון דרויסן איז אוממעגלעך. דער זאָמען, פון אַ פרעמדער האַנט געוואָרפן, וועט אין דער באַפעלקערונג קיין נאַרונג נישט באַקומען און וועט נישט גדייען... יענקעלעוויץ פאַרשטייט, אַז מען מוז ברענגען דערצו, די יידישע באַפעלקערונג זאָל זיך ווע לן רעפאָרמירן. אַז מען דאַרף צו איר רעדן, נישט אין נאָמען פון די אינטערעסן פון פוילישן פאָלק, נאָר אין נאָמען פון אירע אייגענע פאָלקס־אינטערעס,! די רעפאָרמען דאַרפן נישט באַפוילן ווערן; רעפאָרמירן מוז זיך יעדעס פאָלק אַליין...

יענקעלעוויץ האַלט פאַר צוועקמעסיק און נאַטירלעך, אַז „צוויי פעלקער, וואָס באַוואוינען איין לאַנד,

**דאַרפן זיך צוזאַמענגיסן און ווערן איין פאָלק. נאָר דערויף – פאַרשטייט ער – דאַרפןביידע פעלקער באַשטיין; דערינען דאַרף יעדעס פון ביידע פעלקער געפינען די באַפרידיקונג פון זייער נע אייגענע אינטערעסן...**

דאָס וועלן שוין יענקעלעוויצעס אייניקלעך נישט פאַרשטיין! ער אַליין, מוז מען מודה זיין, האָט אויך קיין קלאָרן באַגריף דערפון נישט געהאַט, און אויסער דער קורצער אַבסטראַקטער פראַזע, געפינען מיר אין דעם ביכל קיין איינציק וואָרט, וואָס זאָל נענטער אָנווייזן, ווי אַזוי די יידישע אינטערעסן קאָנען באַפרידיקט ווערן אינם „צוזאַמענגוס". אָבער הימל־הויך שטייט יענקעלעוויץ איבער זיינע אייניקלעך. עס אַרט אים נישט, וואָס דאָס יידישע פאָלק וועט אין פוילן פאַרשווינדן; ווייניקסטנס אָבער פילט ער, אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף עס וועלן, גערן־ווילליק טון; אַליין קומען און זאָגן: „נעמט אונז צו", ווי אַנדערע, נישט באַשניטענע פעלקער, האָבן עס, לויט יענקעלעוויצעס געשיכטע געטאָן...

אויך רעדט ער פון... „אונזערע אינטערעסן". ער רעדט נישט פון יידן, ווי זיינע אייניקלעך, בלשון נסתר. „מיר, יידן", זאָגט ער, און וויל ער עפּעס, זאָגט ער „גיט אונז", נישט „גיט זיי", ווי היינט די מאָדע איז.

---

איז דאָך אָבער די פראַגע: ווי קאָן דאָס צוזאַמענגיסן געשען: ווי קאָן פוילן אַסימילירן אַזאַ גרויסע יידישע מאַסע, וואָס וואַקסט און פרוכפּערט זיך שטאַרקער, אַלס די פוילישע?

און דאָ ווערט יענקעלעוויץ נאַיוו און ווערט ערשט רעכט אינטערעסאַנט. פאַרקלענערן די יידישע פרוכטבאַרקייט וויל ער נישט.

דאָס, וואָס מיר יידן פרוכפּערן זיך, האַלט ער פאַר זייער גלייך. „דאָס קומט דערפון — זאָגט ער שטאָלץ – וואָס מיר יידן

האַלטן ערלעך אונזערע ווייבער, מיר ערן און שעצן און פאַר־זאָרגן זיי מיט אַלעם גוטן! מיר האַלטן שטאַרק פון „מענטשלעכן געשלעכט", מיר ווילן די מענטשלעכקייט זאָל וואַקסן! די „רעליגיע" הייסט אַזוי! עס איז גאָטס געבאָט... און — אַלע מיידלעך ווערן ביי אונז (נישט היינט געדאַכט!) כּלות, כּלות האָבן חתונה! מיר, יידן, באַמיען זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן, אַז קיין איינציקער ווייבערישער טאַלענט (!) צום געבערן זאָל נישט פאַרלוירן ווערן! און דאָס פאָר־פאָלק לעבט ביי אונז, ווי גאָט האָט געבאָטן, אונזערע ווייבער קינדלען פון דער פריסטער יוגנט ביז דער טיפער עלטער... און טרעפט אַמאָל אַן אומגליק, עס איז קיין גלייכער זווג נישט געווען, עס איז קיין שלום־בית נישטאָ, ווערט מען לייכט געהאָלפן: גט מען זיך שטיל, אָן סקאַנדאַלן, און פון איין שלעכטער פּאָר ווערן צוויי גוטע! און זיי לעבן שוין צוועקמעסיק, ווי גאָט האָט געבאָטן!"

און דעריבער, כּדי די יידישע מאַסע זאָל נישט זאָגן, וואָס טויגן אונז די פּאָליאַקן, וואָס הערן מיר זיי, אין אַ צייט אַרום וועלן מיר זיין אין אַ מערהייט און מיר וועלן דאָ געוועלטיקן — ראָט יענקעלעוויץ, אַז די פּאָליאַקן זאָלן זיך אויך מערן און פּרוכפּערן!

„נביא לגוים נתתיך" — די אייביקע יידישע מיסיע...

„זעט — זאָגט ער מוסר די פּאָליאַקן — מיר האָבן קיין גי־טער, קיין דערפער נישט, קיין גרויסע קאַפּיטאַלן אויך נישט, און מיר מערן און פּרוכפּערן זיך, בשעת ווען אייערע פּאַלאַצן ווערן חרוב אָן באַוואוינער, אייער לאַנד שטייט לער, אייערע שטעט פאַרנעמען פרעמדע, און מיליאָנען פעלן אייך אייער לאַנד צו באַזעצן."

אַן עכט נביאישער טאָן! דערנאָך גייט נאָך אַ משל, ווי פון מדרש אַרויס!

— „מערט אייך, וואָרים אַ פּאָלק, וואָס זאָרגט נאָר פאַר דעם, וואָס לעבט שוין, זעט נישט זיך ווייטער צו פאַרפלאַנצן, איז געגליכן צו אַ פויער, וואָס היט אָפּ דאָס קאָרן, וואָס ער

האָט שוין אין שפּייכלער; לאָזט אָבער זיין פעלד אומבאַאַרבעט און זאָרגט נישט, עס זאָל ניי קאָרן וואַקסן!"

---

איך האָב אייך אַן אַלטן קבר געעפנט און אַ שוכן־עפר געוועקט. קוקט אייך צו אים צו. אַז די קאַדעטן־דומע וועט זיך אויספירן און פוילן וועט אויטאָנאָמירט ווערן – וואָס עס קאָן און דאַרף געשען — וועט יענקעלעוויץ אויפשטיין תחית המתים. אַן אַנדערן סטיל וועט ער האָבן, נאָר קליגער וועט ער נישט ווערן, ער וועט נאָר שוין אַזוי נאַיוו און ערלעך נישט זיין...

1906

# „די שטים פון יידישן פאָלק"

און נאָך אַ קבר וועל איך אייך עפענען; און די לעפצן פון נאָך אַ שוכן עפר וועלן זיך רירן; און איר הערט אייך איין צו די רייד פון טויטן, כדי איר זאָלט די לעבעדיקע פאַר־שטיין.

אויך אַן אַלט ביכל. געדרוקט 1818; געקאָסט האָט עס צוויי גילדן מיט פופצן גראָשן; אָבער דער מחבר פון אַלטן ביכל איז שוין נישט קיין רייכער בעל־טובה, נאָר אַ רב פון ל...רער שול, מיטן נאָמען ר' משה בן אברהם.

ר' משה בן אברהם שרייבט אויך וועגן רעפאָרמען, אָבער נישט פאַר זיי, קעגן די רעפאָרמען שרייבט ער. ער פירט אויך מלחמה אויף מעסער־שטעך מיט די „פריוואַטע פראָיעקטן־מאַכער", הויפּטזעכלעך אָבער גאַרטלט ער אונטער זיינע לענדן עבן קעגן די, וואָס מאָווּשאַ יענקעלעוויץ *) וואָלט זיי אויפן האַלז געפאַלן, און מיט דאַנקבאַרע טרערן די פנימער באַנעצט...

בשעת ווען מאָווּשאַ יענקעלעוויץ וויל, אַז די רעפאָרמען זאָלן אויסגעפירט ווערן, נאָר נישט מיט געוואַלט; נישט אָנגע־וואָרפן ווערן פון דרויסן, נאָר אָנגענומען מיטן גוטן יידישן ווילן, — איז ר' משה בר' אברהם איבערהויפּט קעגן רעפאָר־מען... גלייכבאַרעכטיקונג מהיכא תיתי, אָבער אָן רעפאָרמען.

---

*) זע דעם ארטיקל אונטערן זעלבן נאָמען.

און אַ פאַרצוג האָט דער רב איבער מאָוושאַ יענקעלעוויץ מיט דעם, וואָס ער רעדט וועגן די רעפאָרמען און זייערע פּראָיעקטאַנטן פיל קלאָרער און דייטלעכער.

פּראָיעקטאַנטן — זאָגט דער רב — זענען פאַראַן צווייערליי: איין סאָרט וויל אַרויסטרעטן קעגן אונז, ווי נבוכדנצר; דאָס הייסט פאַרניכטן: נעמען דאָס ביסל יידן, אָפּרייסן פון די ערטער, וואו זיי וואוינען, און פאַרטרייבן איבער דער גרענעץ פון דער גרויסער טאַרטאַריי, איינפאַך. דער צווייטער סאָרט אָבער וויל האַנדלען, ווי אַנטיוכוס; דאָס הייסט — יידן מעגן בלייבן, מען דאַרף נאָר פאַרטיליקן די יידישקייט.

סיי די ערשטע, סיי די צווייטע האַלטן דאָס יידנטום פאַר נאַריש, זאַבאָבאָניש און שעדלעך. אַזוי פאַר די אינטערעסן פון לאַנד, ווי פון היימישן פאָלק. נאָר בשעת, ווען די ערשטע האַלטן די יידן פאַר אומפאַרבעסערלעך און ווילן זיי דעריבער איינפאַך פאַרניכטן, רעכענען די צווייטע, אַז מען קאָן דעם יידישן כאַראַקטער, ווי שטאַרק ער איז נישט פאַרדאָרבן, אויסבעסערן, ציוויליזירן און ניצלעך מאַכן.

צו דעם צוועק דאַרף מען דעם יידן ענלעך מאַכן צום קריסט: שערן פאות, גאָלן בערד, קירצן די קאַפּאָטעס — דאָס איז פון אויסעווייניק. וואָס אַמבאַלאַנגט אין תוך פון דער נשמה אַריין: פאַרמאַכן די דיינים־שטיבלעך, פאַרשליסן די חדרים, עפענען פאַר יידישע קינדער די אַלגעמיינע שולן און לערנען שרייבן און לעזן פויליש.

די פּראָיעקטאַנטן, וואָס האָפן אויף דער פאַרבעסערונג פון יידישן כאַראַקטער, צעפאַלן זיך ווייטער אין צוויי טייל. איין טייל וויל, מען זאָל יידן געבן גלייכבארעכטיקונג אויף אָרט און שטעל, גלויבנדיק, אַז דאָס וועט וועקן ביי זיי דעם „פּונקט־האָנער" צו ווערן לייט; האָפנדיק, אַז ווען צוגעלאָזט צום טיש צווישן פיינע געסט, וועלן זיי זיך ממילא אויסלערנען גלייך זיצן און באַנוצן מעסער און גאָפּל; דער צווייטער טייל אָבער האָט ווייניקער צוטרויען צום יידישן ערנגעפיל און פאַרלאַנגט

די גלייכבאַרעכטיקונג זאָל קומען שפּעטער, אַלס לוין, — אַלס שכר פאַר מעשים טובים, וואָס מוזן פריער געשען.

לויט דער מיינונג פון די לעצטע, דאַרף מען אויפשטעלן אַן אַלגעמיינעם רעגל, וואָס זאָל אויסשליסן די יידן פון דער גלייכבאַרעכטיקונג, נאָר מיט דעם באַדינג, אַז די אַלגעמיינע רעגל האָט אַן אויסנאַם בעמלעך: „דאָס אויסשליסן איז נאָר נוהג קעגן די יידן, וואָס גלויבן, אַז דאָס אונטערשיידן זיך פון קריסטן איז די פליכט פון זייער געוויסן און רעליגיע."

אָבערביידע טיילן פון צווייטן סאָרט פּראָיעקטאַנטן זענען זיכער, אַז „מען מוז יידן ציוויליזירן; פאַרטוישן זייער שפּראַך, די קליידער און די דערציונג". ווייל נאָר אַזויערנאַך וועט גע־ענדערט ווערן דער יידישער כאַראַקטער און דאָס יידישע פאָלק וועט פאַרדינען די אַכטונג פון אַלע פעלקער.

דער אונטערשיד צווישן ביידע טיילן פון צווייטן סאָרט פּראָיעקטאַנטן און אַנטיוכוס באַשטייט נאָר דערינען, וואָס אַנטיו־כוס האָט געוואָלט מאַכן פון יידן גריכן און געצנדינער, בשעת די פּראָיעקטאַנטן ווילן מאַכן פון יידן — טרעפט וואָס? מאָוושא יענקעלעוויץ וואָלט געזאָגט: פּאָליאַקן. דאָס זעלבע וואָרט איז אייך אויך געוויס אויף דער צונג געלעגן; נישט דאָס אָבער האָט ר' משה בר' אברהם געמיינט; נישט דאָס האָט ער געפּאָ־דערט. ר' משה בר' אברהם שטייט נישט אויפן נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן, נאָר אויפן ר ע ל י ג י ע ז ן שטאַנדפּונקט. ער זעט מיט שרעק, אַז מען וויל מאַכן פון יידן גוים; ערגער ווי גוים: אַטעיסטן — כּופרים בעיקר וויל מען פון זיי מאַכן.

די „נאַטוראַליסטן", וואָס האָבן דאַמאָלט גראַסירט, אַלס אַ פאַרשלעפּטע קרענק פון פראַנקרייך, וואַרפן אונזער רב אין זיבעטן שווייס. מען דאַרף נישט מער, זאָגט ער, נאָר אַ ייד זאָל שיקן זיין קינד אין „שקאָלע" אַריין, עס זאָל זיך לערנען לעזן און שרייבן פּויליש! עס וואָלט אַן עק געוואָרן פון יידיש־קייט. דאָרט, אין שקאָלע, וואָלטן דעם קינד געפּאַלן אין די הענט אַריין די געוויסע ביכלעך, וואָס רעדן על ה' ועל משיחו, גאָט און זיין תּורה, שפּעטן פון יציאת מצרים און אַלע נסים,

אַזוי אויף דער יבשה, ווי אויפן ים, און פון יידישן קינד וועט, חס ושלום, ווערן „ני פיעס ני ווידראַ״, דאָס הייסט: נישט קיין קריסט און נישט קיין ייד — נאָר אַזוינס, וואָס גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

לויט דעם פּלאַן — עמפּערט זיך דער רב — וועט ווירקלעך געענדערט ווערן דער יידישער כאַראַקטער, אָבער „פּאַטאַל״ געענדערט. צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג זעט אונזער רב זייער פיל פילאָזאָפן, אַפּיקורסים, מינים, מיט איין וואָרט „נאַטוראַליסטן״, גאָט־לייקענער, חוזק־מאַכער — זאָלן זיך נאָר יידן אויסלערנען פּויליש, וועלן זיי טרעפן מיט די דורשטיקע מיילער צום זעלבן גיפטיקן וואַסער, און וועלן זיך פאַרסמען די נשמות...

„איז נאָך ווייניק — בייזערט זיך דער **רב** — וואָס דער גענעראַל (איינער פון די פּראָיעקטאַנטן) וויל ביי אונז צונעמען אונזער שפּראַך, וואָס טיילט אונז אָפּ ווי אַ מויער, פון אַל־דאָס־בייז פון דרויסן; וויל ער נאָך צונעמען ביי אונז די באָרד און פּאות... וויל ער נאָך צונעמען ביי אונז (רבנים) דאָס רעכט צו משפּטן און פּסקענען, און שטעלט זיך, מיט זיינע פּאָליטישע אינטריגן, אַפילו נישט אָפּ פאַר הלכות אשות — און וויל מבטל מאַכן די יידישע דינים פון גטין וקדושין, מכל שכן פון יבום.

פּרעה — זאָגט דער רב — האָט מיטאַמאָל אַזויפיל נישט געוואָלט; דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס פּרעה האָט עס געטאָן פאַר שנאה צו די בני־יעקב און וואָס דער גענעראַל ראָט עס מכלומרשט פון גוטן האַרץ, וואָס איז פול צו אונז מיט ברידערלעכער ליבשאַפט. ער מיינט דערמיט אונזער טובה. ער נעמט אונז פיל צו, כמעט די נשמה, ער וויל אָבער נישט אומזיסט, ער גיט עפּעס דערפאַר — אַ לעקעכל! דאָס הייסט, גלייכבאַרעכטיקונג! ער וויל אונז אַ ד ע ל י ק מאַכן און דעם טיטל ב י ר ג ע ר געבן. פאַר דעם „לעקעכל״ אָבער וועט זיך עס נישט מאַכן. „טוישן דעם מענטשנס כאַראַקטער הייסט, אין מאָראַלישן זין, פאַרענדערן זיין נשמה, זיין האַרץ, זיין פאַרשטאַנד, ווילן און די אַרט צום דענקען. און אויב מען וויל עס

אויספירן ביי יידן, הייסט עס, אַז מען וויל פון יידן מאַכן אויס יידן; עבן דאָס, וואָס אַנטיוכוס האָט געוואָלט! און מיר ווייסן, אַז דאָס האָט דער טייוול דעם מלך אַנטיוכוס די עצה געגעבן!..״

יידן וועלן דאַנקען דערפאַר! זיי וועלן זיך און זייער יידישקייט פאַרן טאָפּ לינזן נישט פאַרקויפן! אַזוי מיינט דער רב.

יידן — זאָגט ער — בלייבן יידן! אָבער נישט, חס ושלום, אין נאַציאָנאַלן זין. פון דער יידישער נאַציע ווייסט דער רב אַזוי פיל, ווי מאָווּשאַ יענקעלעוויץ. דאָס הייסט: גאָרנישט! פאַראַן נאָר אַ גלויבן, אַ יידישע אמונה, וואָס פאַרייניקט אַלע געשניטענע פון דער גאַנצער וועלט; אָבער ווער עס מיינט, ווי דער גענעראַל זאָגט, אָדער ווי המן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז יידן זענען אַן אָפּגעזונדערטע נאַציע און געהערכן נישט די געזעצן פון מלך און לאַנד וכו׳ — דער איז איינפאַך אַן אידיאָט! יידן אין פוילן זענען פּאָליאַקן, אין פראַנקרייך — פראַנצויזן, און אַזוי ווייטער... מיט איין וואָרט, אין דעם פאַך איז דער רב מיט דערזעלבער מיינונג, ווי מאָווּשאַ יענקעלעוויץ מיט אַלע זיינע גייסטיקע אייניקלעך... און ווען עס וואָלט אין פוילן צו־זאַמענגערופן געוואָרן אַ סנהדרין, וואָלט אונזער ר׳ משה בר׳ אברהם געקאָנט זיין פאָרזיצנדער...

צי וואָלטן אונזערע היינטיקע רבנים אַנדערש געענטפערט אויף דער פראַגע? געוויס נישט. אמווייניקסטנס דער וואַר־שעווער ראַבינאַט, וואָס איז אַזוי פיין אויסדרעסירט פון דער „גמינע״... און דאָך שלאָגן ביי ר׳ משה בר׳ אברהם אויף אין מאַנכע שטעלן אַזוינע טענער, וואָס איר וועט ביים היינטיקן רב נישט געפינען.

דער היינטיקער וועט אויך פאַרטיידיקן די אמונה — יהרג ועל יעבור — אָבער נישט מיט דעם מוט און נישט מיט דעם שטאָלץ, ווי ר׳ משה בר׳ אברהם, וואָס ווענדט זיך, למשל, צו די קריסטן מיט די ווערטער:

„מיר זענען אייערע פּאַטערס; אייער רעליגיע שטאַמט

אַרויס פון אונזערע! איר זייט מחויב אונז ערלעך צו האַלטן, ווי קינדער דאַרפן ערלעך האַלטן די, וואָס האָבן זיי דאָס לעבן געשענקט. עס קומט אונז כּבוד אב! מיר אָן אייך קאָנען עקזיס־טירן, ווי יעדער ערשטער שטאָק אָן דעם צווייטן; איר אָן אונז אָבער — נישט; אין דער לופט קאָן דער צווייטער שטאָק נישט הענגען!

„מיר קאָנען אויך ברידער זיין, — מיר אַלע זענען דאָך קינדער פון איין גאָט — דאַרפט איר אונז, ברידערלעך, ליבן.

„נאָר מיר בעטן ביי אייך נישט קיין קינדער־ערע און נישט קיין ברידער־ליבע; וואָס איר פאַרמאָגט נישט, קאָנט איר נישט געבן! אָבער מענטשן זייט איר דאָך; מענטשלעך און גערעכט מוזט איר זיין!"

און די מענטשלעכע גערעכטיקייט פאַרלאַנגט, לויט ר׳ משה בר׳ אברהמ׳ס מיינונג, מען זאָל אונז געבן גלייכבאַרעכ־טיקונג, און נישט נויטן צו לערנען פויליש, צו שערן באָרד און פאות, אונטערצוהאַקן די רעק; און נישט אַרויסנעמען פון די רבנימס הענט די דין־תּורהס, שאלת נשים און הלכות אשות...

מער קיין אַפּעטיט האָט ר׳ משה בר׳ אברהם נישט געהאַט.

איין זאַך מאַכט אויף זיך אויפמערקזאַם: אַזוי ר׳ משה בר׳ אברהם ווי מאָוושאַ יענקעלעוויץ, רעדן אין נאָמען פון אַ יידישער באַפעלקערונג, וואָס זאָל זיין געגוג שטאַרק, זי זאָל זיך, ווי מען זאָגט, „איר שטעל באַשטיין"... זי וויל זיך נישט לאָזן, זאָגט מען, זי איז אַ גרויסע מאַסע, אַ פיל־קעפּיקע און פיל־הענטיקע, בשעת ווען היינטיקע צייטן זעט אונז די יידישע לאַגע פיל ערגער אויס, מיר קומען זיך פאָר פיל קלענער, שוואַכער און ווינציקער! און דאָס, דאַכט זיך, קומט נאָר דערפון, ווייל אין יענער צייט האָט מען דאָס פויערן־פאָלק נישט מיטגעציילט... דער פויער איז געווען שטום און בלינד, און האָט אויסגעמאַכט, ווי אַ שטויב אויף דער וואָגשאָל פון פויליש־פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעכן לעבן. אין דעם פאַך זענען נאָר צוויי צדדים געווען:

פריצים און יידן, און יידן קעגן פריצים זענען ווירקלעך נישט אַזוי שוואַך!

היינט אָבער ווייסט שוין די נאַראָדנאָווע דעמאָקראַטיע צו זאָגן: היט אייך, מיט דער פויערישער פויסט וועלן מיר אייך אַריינקלאַפּן דרך ארץ! און נישט ווייט איז די צייט, ווען דער פויער וועט נישט וואַרטן, מען זאָל אים רופן! ער וועט אַליין קומען... די פראַגע איז נאָר — מיט וואָס?

1906

# וועגן דעם „בוך פון פייער"*)

דעם חבר שלום־עליכמס פאָרשלאַג וועגן „בוך פון פייער" האָט אויף מיר פּערזענלעך געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ זייער נישט־פּראַקטישער אידעע. נשרפים דאַרפן הילף, געשווינד, אויף דער שטעל; זאַמלען און אַרויסגעבן אַווירקלעך ליטעראַריש־קינסטלעריש ווערק און אויספירן עס, דאָס הייסט דרוקן און פאַרטיילן — פאַרלאַנגט יאָרן... איך האָב אָבער נישט געוואָלט שטערן מיט מיין „פּעסימיזם", טאָמער יאָ, טאָמער ליגן באַהאַלטענע אוצרות ביי חברים און מען דאַרף נאָר אַ זאַמל טון... אויסשטרעקן אַ האַנט.

דערנאָך האָב איך באַקומען אַן „איינלאַדונג" אויף אַן אסיפה. געפירט געוואָרן איז די זאַך גאַנץ „יידישלעך" — די איינלאַדונג — פון קיינעם נישט אונטערגעשריבן, ווער עס ווערט פאַרבעטן — ווייסט מען נישט...

---

*) ווייל ס'האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז י. ל. פּרץ זאָגט זיך אָפּ פון אָנטייל צו נעמען אין דעם רעדאַקציאָנס־קאָמיטעט פונם „בוך פון פייער", האָט די רעדאַקציע פון „פריינד" אָנגעפרעגט פּרצן ווי ווייט די דאָזיקע קלאַנגען זענען ריכטיק. דאָס איז י. ל. פּרצעס ענטפער.

האָב איך אַריינגעשריבן דער פּאַרזאַמלונג אַן אָפּענעם בריוו, אין וועלכן איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג וועגן דער פאָרם פון דער אסיפה און דערנאָך וואָס אַנבאַלאַנגט דער זאַך אַליין.

איך האָב געשריבן:

אַז גוטע זאַכן וואַלגערן זיך נישט אַרום, אַז די זאַכן, וואָס וועלן עקסטרא צוליב דעם בוך געשריבן ווערן, וועלן האָבן דעם דין פון קאָנקורס־זאַכן. דאָס הייסט, ניינציק פּראָצענט וועלן זיין ש ל ע כ ט ע... און אַז נישט אַלע ליטעראַטן, וואָס וועלן גראָד האָבן גוטע זאַכן, וועלן זיין אימשטאַנד זיך אָפּצוּרייסן פון מויל און די זאַכן אַוועקצוגעבן...

דעריבער האָב איך פּראָפּאָנירט: אַזוי ווי אויס סאָלידאַ־ריטעט צום חבר שלום־עליכם דאַרף דאָס „בוך פון פייער" אַרויסגעגעבן ווערן, על כן זאָל מען וועלן פון יעדן שריפט־שטעלערס שוין געדרוקטע זאַכן די בעסטע, און אַרויס־געבן אַ זאַמלבוך.

די ליסטע פון ליטעראַטן, האָב איך געשריבן, דאַרף פעסט־געשטעלט ווערן דורך אַ ליטעראַרישער קאָמיסיע; דאָס אויספירן מוז איבערגעגעבן ווערן אַ פאַרמעגלעך־פאַראַנטוואָרטלעכן קאָמי־טעט...

אויפן פאַל, אויב די פאַרזאַמלונג וועט אַנדערש באַשליסן, האָב איך געשריבן, קאָן מען דאָך קיין רעדאַקציאָנס־קאָמיטעט נישט גרינדן, ווייל איך, למשל, וואָלט מיך קיינמאָל נישט אונ־טערגענומען צו רעדאַגירן „נדבות"...

צו מיין ערשטוינען בין איך געוואויר געוואָרן, אַז קעגן מיין ווילן בין איך געוועלט געוואָרן (דורך וועמען?) אַלס מיט־רעדאַקטאָר פון טויט־געבוירענעם רעדאַקציאָנס־קאָמיטעט פון „פייער־בוך"...

אינטערעסאַנט איז נאָך דאָס, וואָס דער קאָמיטעט באַ־שטייט פון מיטגלידער, מיט אַזוינע פאַרשידענע עטיש־עסטעטי־שע פיזיאָנאָמיען, אַז עס איז גאָר אוממעגלעך, ער זאָל פעיק זיין צו וואָס עס איז אַ געמיינזאַמער אַרבעט.

חוץ די איבנדערמאָנטע מאַטיוון האַלט איך איך פֿאַר אומפּראַקטיש דעם אַדרעסער פּראָיעקט, און מיטהעלפֿן קאָן איך נאָר ביים אַרויסגעבן אַ זאַמלבוך פֿון איבערגעדרוקטע בעסטע זאַכן אין אוישלישלעך אויף העברעיש און יידיש:

1910